# קאטאלאג
פון דער
## אינטערנאַציאָנאַלער ביבליאָטהעק

**פיליפ קראַנץ**, קולטור געשיכטע, 3 בענדער, 1000 זייטען, 100 בילדער, שעהן געבונדען פרייז יעדער באַנד.........75 ס.

" " די געשיכטע פון דער גרויסער פראַנצויזישע רעוואָ-לוציאָן, 3 טיילען אין איין באַנד, שעהן געבונדען....75 "

" " אַמעריקא פאַר קאָלומבוס, אַ קולטורגעשיכטליכע נאָכ-פאָרשונג, 169 זייטען מיט 44 צייכנונגען, געבונדען....50 "

" " יציאת מצרים, מיט איין קאַרטע פון מצרים.........15 "

" " וואס הייסט נאציאן—זיינען אידען אַ נאַציאָן?......10 "

" " אריסטאטעל, זיין ביאגראפיע..................10 "

" " ברוך שפינאזא, זיין לעבען און זיין פילאָזאָפיע.......15 "

" " שבתי צבי, זיין ביאָגראַפיע......................15 "

" " יאזעפוס פלאוויוס, זיין ביאָגראַפיע...............15 "

" " בר כוכבא, זיין ביאָגראַפיע......................15 "

" " לעסינג און מענדעלסאהן, זייער לעבען, שריפטען און טהעטיגקייט. 185 זייטען.......................25 "

" " די פאמיליע ראטהשילד, זייער לעבען און פינאַנציעלע טהעטיגקייט, 61 זייטען.........................15 "

" " דון יצחק אברבנאל און זיינע זיהן, 67 זייטען........15 "

" " מאַהאמעד, דער גרינדער פון מאַהאמעדאניזמוס, 65 זייטען...................................15 "

" " מעירבעער, זיין ביאָגראַפיע.......................15 "

**מאָררים ראָזענפעלד**, געזאמעלטע לידער פון מאָררים ראָזענפעלד 337 זייטען, אילוסטרירט, שעהן געבונדען..$1.00

" " הייגריך היינע, זיין ביאָגראַפיע, 85 זייטען...15 ס.

" " יהודה הלוי, דער גרויסער העברעאישער דיכטער, 64 זייטען.............................15 "

ב י י ל י ע  מאַכט אַ געוואַלט.

פ י נ י ע  בלייבט שטעהן ווי נייגיעריג איבער אייזיק'ן.

ד י  ק י נ ד ע ר  כאַפּען זיך אויף מיט אַ געוויין. — טירען קלאַפּען, שריט פון באָרפעסע פיס.

א י י ז י ק  שרייט.  איך וויל עס ני־י־יששט !...

אַרום דעם טיש איז בעלויכטען, און אין דעם שיין זעהט מען נישט קלאָר דעם לאַנגזאַם אַרומגעהענדיגען פּיניען.

פּ י נ י ע, אַרומדרעהענדיג זיך אַ ביסעל, בלייבט שטעהן איבער אייזיק'ן. געשטאָרבען, טויט.

א י י ז י ק, קרעכצט אַרויס. יאַ, שטארבען, שטארבען.

פּ י נ י ע העבט אָן וויעדער אַרומצוגעהן. געשטאָרבען. אַלץ. טויט. פינסטער. קאַלט. און פינסטער און קאַלט. און בע־גראָבען. און צופוילט. און פון ווערם צועסען. און פינסטער. און קאַלט. קאַלט. בלייבט שטעהן און גיט אַרויס מאָדנע טענער, שניידענדיגע, פייפענדיגע טענער, ווי אַ וואיענדער הונד.

א י י ז י ק האָט זיך אויפגעזעצט און אַריינגענומען דעם קאָפּף אין די הענד. פּלוצלינג דרעהט ער זיך איבער און ציהט זיך אויס אויפ'ן בויך מיט'ן געזיכט צום שראַנק.

ב י י ל י ע לעגט זיך איבער אויף איין אַנדער זייט און רעדט פון שלאָף. איך בין גוט אומגליקליך, גוט, גוט...

פּ י נ י ע האָקט אָב זיין וואָיען און העבט אָן ווייטער ארומצוגעהן. פינסטער, פינסטער, פינסטער. וואיעט וויעדער.

א י י ז י ק זעצט זיך פּלוצלינג אויף מיט אַ שרעקליכען געשריי. בייליע, איך האָב אויפגעגעסען דעם מישיאק! בייליע אויף גיך, איך האָב אויפגעגעסען דעם מישיאק! איך האָב עס נישט גע־וואָלט. בייליע, איך וויל עס נישט. בייליע, אויף גיך!

ב י י ל י ע שפּרינגט אויף מיט שרעק. וואָס איז געשעהן? געוואַלט, וואָס איז געשעהן?

א י י ז י ק. בייליע, איך האָב עס נישט געוואָלט! איך האָב עס נישט געוואָלט! איך וויל עס נישט!

ב י י ל י ע. וואָס ווילסטו נישט? געוואַלט, וואָס איז גע־שעהן?

א י י ז י ק, זיצענדיג אויף דער ערד, די פיס אויסגעצויגען, דער קאָפּף אויף די פיס און די הענד אין די האָר. איך האָב אויפגעגעסען דעם מישיאק. איך האָב עס נישט געוואָלט. איך וויל עס ני־י־ישששט!...

א י י ז י ק. העב מיך נישט, לייוויק, אזוי איז מיר גוט. לאָז מיך ליעגען. איך דאַרף נישט קיין בעט.

ל י י וו י ק, העבענדיג איהם. מען קאָן דאָך אָבער נישט אָב־ליעגען אַזוי אַ גאַנצע נאַכט.

א י י ז י ק. איך וויל דאָ ליעגען. העב מיך נישט, לייוויק. זאָל מיר די קאַלטע ערד קיהלען אַ ביסעל דעם הייסען קאָפּ. עס איז מיר גוט אַזוי.

ל י י וו י ק. דו ביזט אַ משוגענער. נאַ, אַ גוטע נאַכט דיר. ווער וועט צושפּאַרען די טיר?

א י י ז י ק. מאַגסט לאָזען אָבגעשפּאַרט. קיין גנבים וועלען צו אונז נישט קריכען.

ל י י וו י ק. טאָמער זאָל איך דיך פאָרט אַריינלעגען אין בעט?

א י י ז י ק. ניין, אַזוי איז גוט, איך קיהל מיר דעם קאָפּ.

ל י י וו י ק. נאַ, אַ גוטע נאַכט. געהט אַרויס.

א י י ז י ק. אַ גוטע נאַכט דיר, לייוויק.

ה י נ ד ע'ס קול. נו, וואָס, ער שלאָפט שוין?

ל י י וו י ק'ס קול. וואו! ער ליעגט אויף דר'ערד.

ב י י ד ע בעווייזען זיך אין טיר.

ה י נ ד ע. פּפּע! שטעהט אויף, אייזיק!

ל י י וו י ק. אייזיק, טאָמער פאָרט...

א י י ז י ק ענטפערט נישט.

ל י י וו י ק מאַכט מיט דער האַנד און געהט אַוועק.

ה י נ ד ע. גוט שכור. פערשווינדט נאָך לייוויקען.

ב י י ד ע בלייבען שטעהן אין פאָרצימער, רעדען אַ ווייל. מען הערט הינדע'ס לאַכען און לייוויק'ס „אַ גוטע נאַכט" און די גאַסטיר צוקלאַפּען. עס ווערט שטיל.

ה י נ ד ע בעווייזט זיך נאָך אַ מאָל, קוקט אויף אייזיק'ן, „פּפּע־קעט" אָב און פערשווינדט. — אין צימער איז נאָך פינסטערער: דאָס גלאָז פון לאָמפּ איז שטאַרקער פעררויכערט געוואָרען. נור אַ קליינער קרייז

נאַגט און נאַגט אין מיר. איך בין אומגעגאַנגען איבער די גאַסען, גע.... און עס נאַגט און נאַגט אין מיר, פערשטעהסט, איך האַלט מיך קוים אויף די פיס און דער קאָפּ איז מיר קלאָר.

ל י י וו י ק. ווערסט דיך אויסשלאָפען, וועסטו מאָרגען אַנ־דערש פיהלען.

א י י ז י ק. דאָס קאָנסט דו דיך אויסשלאָפען. איך — שאָקעלט מיט'ן קאָפּ — ניין. איך וועל מיך נישט אויסשלאָפען. מאָרגען און איבערמאָרגען און איבער־איבערמאָרגען וועט מיך נאַ־גען און עסען און פרעסען דאָס, וואָס איך קאָן נישט, דאָס, וואָס איך קאָן נישט, דאָס, וואָס איך קאָן נישט. קייטען ליעגען אויף מיינע הענד, שווערע משאות אויף מיין מח...

ל י י וו י ק. דאָס זאָג איך דאָך, אז איך האָב דיך געהאַלטען פאַר קליגער. דו ווייסט דאָך, ווי מיר האָט זיך געוואָלט ווערען א מאָלער. נור איך זאָג מיר: עט, נישט איז נישט! קאָנסט נישט אריבער, מוזטו ארונטער.

א י י ז י ק. איך בין איין אנדער מענש, איך בין איין אנדער מענש. מיך ראַטעוועט קיין בראַנפען נישט, און מיך ראַטעוועט קיין שלאָף נישט.

ל י י וו י ק. דאָס וועלען מיר שוין זעהן. שלאָף דיך נור אוים.

א י י ז י ק שטעהט אויף, שאָקעלט זיך. זעהסט, איך האַלט מיך קוים אויף די פיס, זעהסט? און אין הארצען נאָגט און נאָגט, און דער קאָפּ האָט גאָר נישט פערגעסען. עס שווינדעלט א ביסעל, אָבער ער האָט גאָר נישט פערגעסען. מאַכט אַ פּאָר שריט נאָך לוי־וויקען, וואַקעלט און פאַלט מיט'ן קאָפּ צום שראַנק.

ב י י ל י ע אויפגעוואַכט. וואָס איז? וואָס איז? וואָס איז?

ל י י וו י ק. אייזיק איז געפאַלען. איך וועל איהם אויפ־העבען און אריינלעגען אין בעט.

ב י י ל י ע, וויעדער איינשלאָפענדיג. פון מיינעטוועגען מאָג ער אייביג ליעגען.

הויבען די הענד אין פרייעם פעלד און אנגעהויבען שרייען, שרייען־ן־ן...

ב י י ל י ע. שריי אויף די צייגער! וואס האסטו דיך צושריען? לאז שלאפען! וועט נאך אויפוועקען די קינדער.

א י י ז י ק. איך האב עפעס געוואלט ארויסשרייען פון מיר. פאר די אויגען זיינען מיר געשטאנען די פרעס און די פעטליצעס־מאשינע, צובראכענע, צושאטענע צו... צו... צו.. מיין פרעס מיט מיין מאשינקע.

ל י י וו י ק. נו, נו, נו, ביזטו נישט א נאר?

א י י ז י ק. נור דאס איז גאר נישט אקעגען דאס, וואס איך קאן נישט, דאס, וואס איך קאן נישט, דאס, וואס איך קאן נישט.

ב י י ל י ע. געהט, לייוויק, א היים, וועט ער זיך אויך לעגען שלאפען.

א י י ז י ק. אז איך בין שוין אריין אין וואלד, האב איך גענומען שלאגען די בוימער, בייסען זיי, רייסען זיי, געשלאגען אין זיי מיט'ן קאפ, מיט די הענד, מיט די פיס. און עס איז מיר א האר נישט לייכטער געווארען. איך האב מיך אווארף געטאן אויף דר'ערד, געדרעהט זיך, געווארפען זיך...

ל י י וו י ק. הע!

א י י ז י ק. איך האב געריסען דאס גראז און געביסען די ערד. און דא האבען זיך ארויסגעקייקעלט פון קעשענע א פאר מטבעות... הערבט אן מידער צו רעדען. און אז איך האב דערזעהן דאס געלד, האט זיך מיר פערוואלט טרינקען, טרינקען, טרינקען.

ל י י וו י ק. ניין, איך האב פון דיר מעהר געהאלטען.

ב י י ל י ע כראפעט און רעדט עפיס פון שלאף.

פ י נ י ע הערבט זיך אויף און הערבט אן ארומצוגעהן איבער'ן צימער.

ל י י וו י ק. נא, יעצט וועל איך געהן און דו וועסט זיך לעגען שלאפען. און זיי א ביסעל מעהר מענש. מען דארף נישט גלייך ארבלאזען די נאז.

א י י ז י ק. דאס טרינקען האט מיך נישט בעפרייט. עס

קאַנט טראַכטען, נור אז איך בין ארוים אויף דאָס פרייע פעלד, האָב איך מיך דערפיהלט פריי, גרויס און ברייט. און דענסמאָל איז מיר געוואָרען אזוי שווער אויפ'ן הארצען. שווער, שווער, שווער.

ב י י ל י ע ביי׳ז. גער שלאָפען, גער, און לאָז מיך אויך שלאָפען.

א י י ז י ק. דער קאָפּ האָט אָנגעהויבען קאָנען טראַכטען, פערשטעהסט. און איך האָב דערפיהלט, און איך האָב דערפיהלט! —— אין פאָרציטער ווערט געלאַכט.

ב י י ל י ע. יענע קיכערן דאָרטען, די...

ד אָ ב ע ׳ ס קול. וואָס טוט זיך דאָ, וואָס אזוינס? די גאַס־טיר ווערט אויף גיך צוגעמאַכט.

ה י נ ד ע ׳ ס קול. אייזיק איז געקומען....

דאָבע׳ס קול. ווער איז דאָס יעצט ארוים? עס ווערט שטיל.

א י י ז י ק. איך האָב מיך דערפיהלט פאר א יתום, וואָס איך האָב צובראָכען מיין פרעס און מיין מאשינקע.

ל י י ו ו י ק. נו, ביזטו נישט א נאר? דו וועסט דאָך קאָנען...

א י י ז י ק. און אין הארצען האָט מיר גענאָגט און גענאָגט דאָס, וואָס איך קאָן נישט, דאָס, וואָס איך קאָן נישט, דאָס, וואָס איך קאָן נישט! פערשטעהסט, איך וויל און קאָן נישט. איך וויל, פערשטעהסט, און קאָן נישט. און איך קאָן דאָך יא! פער־שטעהסט, איך וויים, אז איך קאָן דאָך יא! און... און... דו האָסט היינט געזאָגט אין ווערקשטאַט, אז דו זעהסט א מאָל א גוט בילד, ווערט דיר אזוי אומעטיג און עס זיצט אין דיר עמיץ און ציהט און ציהט.

ל י י ו ו י ק. זעהסט דאָך, און פון דעסטוועגען נאָר־נישט. ציהט, ציהט ביז עס הערט אויף. מען דארף דאָך זיין א מענש...

ב י י ל י ע, איבערקערענדיג זיך מיט׳ן געזיכט צו דער וואַנד. ער איז מיר אויך א מענש.

א י י ז י ק. איך בין איין אנדער מענש. איך האָב אויפגע־

ל י י ו ו י ק צייגט מיט דער האַנד, אַז אייזיק לאָזט איהם נישט, און דריקט מיט די אַקסלען.

ס ע נ ד ע ר, ז ע ל י ג, ה י נ ד ע און ס אָ ס י ע געהען ארויס. זיי בלייבען אין פאָרהויז, שושקען זיך און לאַכען.

ב י י ל י ע שטעהט אויף פון איהר אָרט און געהט צו צום פאָרנסטען בעט, צורוקענדיג אַהין דאָס וויעגעלע; זי דרעהט איין א ביסעל די לאָמפּ, טוט אוים די שיך, רוקט צו גישינקען צו דער וואַנד, לעגט זיך אַריין אין בעט און דעקט זיך איבער.

ל י י ו ו י ק. לעג דיך שלאָפען, אייזיק, לעג דיך.

א י י ז י ק. מיר איז שווער, מיר איז שווער.

ב י י ל י ע. ניכטער דיך אוים, וועט דיר ווערען גרינג.

א י י ז י ק. איך בין געוועזען אין גרויסען וואלד. גלייך פון ווערקשטאַט בין איך געגאַנגען אהין. דאָס הייסט, איך האָב נישט געוואָלט גראדע אהין. נור איך בין געגאַנגען. איך האָב געדאַרפט געהן. איך האָב געמוזט געהן. געהן, געהן, געהן.

ב י י ל י ע. נו, רעדט ער נישט איצטער ווי זיין משוגענער טאַטע?

ל י י ו ו י ק. האָסט נישט בעדאַרפט טרינקען דעם בראַנ־פען, וואָס בערע האָט דיר געגעבען.

ב י י ל י ע. לייען געלד און אָנ׳שכור׳ן זיך.

א י י ז י ק. איך וואָלט נישט געטרונקען. נור ער האָט מיר צוגעטראָגען צו דער נאָז, און דער ריח האָט מיר אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ, צוגאַנגען זיך איבער אַלע גליעדער, און איך האָב געמוזט טרינקען.

ב י י ל י ע. געמוזט טרינקען! טרינקען האָט ער געמוזט. מען האָט איהם גענויט פון קהל.

ל י י ו ו י ק. האָסטו בעדאַרפט געהן אַ היים און לעגען זיך שלאָפען.

א י י ז י ק. איך האָב געמוזט געהן. איך בין געגאַנגען אי־בער די גאַסען. און אַזוי בין איך אַרויס אין וואַלד. אין די גאַסען איז מיר געווען אַזוי איינג; אין די גאַסען האָב איך גאָר נישט גע־

ב י י ל י ע. איהם דאַרף מען גאָר בעזונדערס פערשטעהן.

א י י ז י ק. מיר איז שווע־ע־ר, לייוויק! — — איך בין געוועזען אין גרויסען וואַלד, איך בין דאָרטען געוועזען...

ל י י וו י ק. פעטרוש דער סטרוזש האָט מיר געזאָגט, אז ער האָט דיך דאָרטין געזעהן. מיר זוכען דיך דאָך שוין א גאַנצע נאַכט.

ב י י ל י ע. געדאַרפט איהם נויטיג זוכען, דעם שיכור.

ב ע ר ע מאַכט מיט דער האַנד, זי זאָל שווייגען. נאַ, און איך געה יעצט א היים. שוין צייט צו שלאָפען. נאַ, ווער געהט? קיי־נער געהט נישט? געה איך אליין. א גוטע נאַכט. איך זאָג אייך, איהר זאָלט זיך צוגעהן און לאָזען איהם לעגען זיך שלאָפען. דאָס איז די בעסטע זאַך. נאַ, א גוטע נאַכט. געהט אוועק.

ל י י וו י ק. איך וועל שוין אויך געהן. טו דיך אויס, איי־זיק, און לעג דיך שלאָפען.

א י י ז י ק האַלט לייוויק'ס האַנד. מיר איז שווער, מיר איז שווער.

ל י י וו י ק קוקט אויף די אַנדערע און דריקט מיט די אַקסלען.

ז ע ל י ג צו די מיידלעך. עס ווילט זיך גאָר נישט שלאָפען. איך וואָלט גאָר אומגעגאַנגען יעצט שפּאַציערען. א שיינע נאַכט. ווער וויל?

ג ע ל י ע. ניין, איך וועל בעסער געהן שלאָפען. א גוטע נאַכט אייך. לויפט צו זיך אין צימער.

ז ע ל י ג און ס ע נ ד ע ר מיט פערבויגונגען. א גוטע נאַכט, פרייליין!

ז ע ל י ג. זאָל איך מיך אייך חלום'ען. צו הינדען און סאָסיען. נו, און איהר?

ס אָ ס י ע קוקט אויף הינדען, וואָס וועט זי ענטפערן.

ה י נ ד ע צו סאָסיען. דו ווילסט?

ס אָ ס י ע. עפּיס שוין צו שפּעט.

ה י נ ד ע. נאַ, וועלען מיר אויך געהן שלאָפען. א גוטע נאַכט.

ס ע נ ד ע ר. מיר געהען אויך.

ז ע ל י ג. דו בלייבסט, לייוויק?

צ י פ ע. איז ער שוין געקומען? דאָס וויינט ער אזוי? וואָס וויינט ער?

ג ע ל י ע שטופּט זי צוריק אין צימער. גאָר נישט, גאָר נישט. וועסט מאָרגען וויסען, געה שלאָפען.

צ י פ ע. וואָס געהסטו נישט שלאָפען? עס מוז שוין זיין שפּעט.

ג ע ל י ע. געה, איך געה באלד.

צ י פ ע. וואָס איז גס דאָ פאַר איין עולם? א חתונה'יאַ גאַנצע.

ג ע ל י ע. שוין שטאַרק אונגעדולדיג. זעה, וואָס האָסטו זיך אוועקגעשטעלט דאָ קראַצען! שטופּט זי אַריין אין צימער און פערמאַכט די טיר.

צ י פ ע הינטער דער טיר. וואָס שטופּסטו מיך, וואָס?

ג ע ל י ע קערט זיך צוריק אום אויף איהר אָרט, בעגלייט פון סענדער'ס און זעליג'ס שמייכלענדיגע בליקען.

א י י ז י ק, אויפהעבענדיג די הענד איבער'ן קאָפּף. מיר איז שווער, מיר איז שווער, מיר איז שווער...

ב י י ל י ע. איהם איז שווער! שווער זאָל איהם זיין צו לעבען. האָט זיך אָנגעשיכור'ט...

א י י ז י ק. לייוויק, מיר איז שווער, מיר איז שווע־ע־ר! רייבט זיך די ברוסט.

ל י י וו י ק. דו ביזט דאָך עפּיס גאָר א קינד, אייזיק.

ב ע ר ע. אויף מיין לעבען האָב איך גאָר אזא מענשען נישט געזעהן.

א י י ז י ק. לייוויק, מיר איז שווער.

ל י י וו י ק. וואָס שווער, וואָס? אי, געה.

ס ע נ ד ע ר. מאַך דיך נישט נאַריש און לעג דיך שלאָפען.

ס אָ ס י ע, טרייסלענדיג זיך. טאַקי, דאָס איז די בעסטע זאַך.

א י י ז י ק. מיר איז שווער, לייוויק. — דו פערשטעהסט מיך אויך נישט.

ל י י וו י ק. איך פערשטעה דיך גאַנץ גוט.

דערע דאַרט, און קוקט אויף דער לבנה, אזוי אַ. איך טו אַ קוק: אייזיק!

אייזיק מיט אַ בעטרונקענער און טרויעריגער שטימע. איז וואָס האָט איהר זיך אזוי דערפרייט?

בערע. ווי הייסט, מען זוכט דיך ארום שוין די גאַנצע יאַכט. שטעהט ער גאַר, פערשטעהט איהר, און קוקט, אזוי אַ...

ביילע. וואו האָסטו דיך ארומגעשלעפּט שכור׳ע־הייט?

אייזיק. דאָרטען בין איך שוין נישטאָ.

בערע. איך טו אַ קוק... ווער קאָן עס שטעהן, זאָג איך מיר.

ביילע. איך וועל כאַפּען עפּיס, וועל איך דיר צושפּאַל־טען דעם קאָפּ. מיין שווער הארץ וועל איך אויסגיסען צו דיין קאָפּ, צו דיין לייב און לעבען... מען העבט זי אָן איינצושטילען.

בערע. אָבער, ניין, הע־ע... איך געה נעהנטער צו — רבונו של עולם, ווער קאָן דאָס אזוי שטעהן שפּעט אין אבענד, זאָג איך מיר... געה איך נעהנטער צו — —

ביילע. ער וועט לייען רובעלס און וועט פערטרינקען.

בערע מאַכט איהר מיט כעס, זי זאָל שווייגען.

ביילע זעצט זיך אויף דאָס הינטערסטע בעט, וויינט און רעדט פאַר זיך, פלוכענדיג און שעלטענדיג.

לייוויק צו אייזיקען. ביזטו געוועזען אין גרויסען וואלד?

אייזיק לאָזט זיך פלוצלונג אַראָב אויפ׳ן שטול נעבען דער קאָמאָד און צו־וויינט זיך.

זעליג צו די מיידלעך. ער האָט שוין היינט געוויינט אין ווערקשטאָט אויך.

ביילע. זאָל ער וויינען נאָך זיין קאָפּ, נאָך זיינע יאָה־רען און טעג. די מאַשינקע איז ביי איהם טייערער ווי דאָס ווייב און די קינדער.

ציפּע, אַ פערשלאָפענע, בעוויזט זיך אין דער טיר פון איהר צימער. וואָס איז? וואָס איז? וואָס איז?

געליע אײלט צו איהר. גאָר נישט, גאָר נישט.

ז ע ל י ג  לאַכט און קוקט אויף סענדערן.

ג ע ל י ע  פרעסט איין די ליפּען, שאָקעלט מיט'ן קאָפּף און פּער־דרעהט איהם אָן אַ זייט.

ס ע נ ד ע ר  צו זעליגען און לייוויקען, אָנווייזענדיג מיט'ן קאָפּף אויף געליען. זי פערשטעהט שוין פאר וואָס.

ג ע ל י ע  ווי פריער. פראַן דאָ וואָס צו פערשטעהן.

ל י י ו ו י ק. איך טראַכט אַלץ, וואו זוכט מען איהם.

ב ע ר ע. מען האָט יעצט גאָר ניט וואָס צו טון. מען דאַרף אָבוואַרטען ביז מאָרגען אין דער פריה און גאָר, און יעצט דאַרף מען געהט אַ היים.

ב י י ל י ע  יאמערט.

שוויינען.

ב ע ר ע. נא, איך וועל געהן. אַ גוטע נאַכט אייך. וואָס וועל איך דאָ אויסזיצען? אַ גוטע נאַכט אייך. געהט אַוועק.

ז ע ל י ג  צו סענדערן. מיר וועלען אויך געהן?

ס ע נ ד ע ר. וואָס דען וועלען מיר מאַכען?

ז ע ל י ג. און דו, לייוויק?

ל י י ו ו י ק. מען דאַרף געהן. וואָס זאָל מען מאַכען?

ז ע ל י ג  צו די מיידלעך. נא, ווי מיר איז נישט אַנגענעם....

בערע'ס קול פון גאַס. אייזיק! אייזיק! אַלע לאָזען זיך צו דער טיר. דאָס צימער ווערט לעדיג.

ס אָ ס י ע  בלויז בלייבט שטעהן אין טיר און טרייסעלט זיך.

פּ י נ י ע  קוקט נייגיעריג נאָך, וואַיעט און רעדט אַרוים: וויסט! וויסט! וואַיעט ווידער.

א י י ז י ק, געפיהרט פון בערען און לייוויקען, קומט אַריין, בעטרונקען, קוים האַלטענדיג זיך אויף די פיס.

ז ע ל י ג  געהט פון הינטען, אונטערשפּרינגענדיג און מאַכענדיג מיט די הענד. ער איז דאָ, ער איז דאָ, ער איז דאָ.

ב ע ר ע  אויפגעמונטערט, רעדט פריי און פרעהליך, ווי ער וואָלט אויסגעקויפט זיין זינד. איך געה אַרויף אויף די טרעפּ, זעה איך עמיצער שטעהט אַזוי אָנגעשפּאַרט אָן וואַנד, איין האַנד דאָ, די אַנ־

ל י י ו ו י ק. ווי פעטרוש מאַלט אָב. פון מיטעלען וואוקס, א בלאָנד בערדעל, א שליאַפּע אויפ'ן קאָפּ.

ס ע נ ד ע ר. האָסט געהערט די סמנים! ווייניג מענשען זיינען פון מיטעלען וואוקס און טראָגען א שליאַפּע אויפ'ן קאָפּ.

ב י י ל י ע, אומלויפענדיג. וואָס טוט מען? וואו זוכט מען איהם? ווי געפינט מען איהם? זעצט זיך אין הינטערסטען בעט און וויינט.

שווייגען.

ס ע נ ד ע ר זאָגט עפּיס לייוויקען, קוקענדיג אויף די מיידלעך.

ל י י ו ו י ק הערט איהם צושטרויט.

ז ע ל י ג צו די מיידלעך. ווי געפעלט איך היינטיגע נאַכט?

ג ע ל י ע זיפצט. יאָ, א נאַכט.

ה י נ ד ע. אה, א נאַכט.

ס אָ ס י ע טרייסעלט זיך. ברור.

ז ע ל י ג צו לייוויקען און סענדערן. האָט איהר געזעהן א יונגער מיידעל זאָל אַזוי קאַלט זיין?

ס ע נ ד ע ר. טאַקי א ביטערע רחמנות.

שווייגען.

ב י י ל י ע וויינט שטיל.

ב ע ר ע שטעהט און קראַצט זיך דעם באָרד.

ס ע נ ד ע ר און ז ע ל י ג שטעהען ענטקעגען די מיידלעך, ווילען אָנהעבען א געשפּרעך, אויף וואָס די מיידלעך וואַרטען שוין, זו־כענדיג דערווײַלע בעסערע פּאָזען פאַר זייערע קערפּער און וואַרפענדיג רחמנות'דיגע בליקען אויף ביילי׳ען.

ל י י ו ו י ק קוקט אפילו אויף די מיידלעך, אָבער ער איז צו־שטרויט.

ז ע ל י ג צו די מיידלעך. איך האָב היינט געזאָגט אייזיקען, ער זאָל מאַכען א באַל און פּעררופען אונז צו זיך.

ב י י ל י ע. האָט ער געמאַכט א באַל. יאַמערט שטאַרקער.

ה י נ ד ע. וואָס איז, פאַר וואָס האָט ער עפּיס געזאָלט מאַ־כען א באַל?

ב י י ל י ע, וויינענדיג. ער איז נאָך אַ ודאי צוריק אוועק אין וואַלד. ווי זוכט מען איהם? ווי געפינט מען איהם?

ז ע ל י ג. שטאַרק אַ בעטרונקענער. בערע דערצעהלט, אַז ער האָט זיך קוים געהאַלטען אויף די פיס. אַזוי שיכור...

ב ע ר ע. א י ך האָב איהם נישט געזעהן. אַזוי האָט מען מיר געזאָגט.

ב י י ל י ע. וואו זוכט מען איהם? וואו געפינט מען איהם?

ה י נ ד ע. נאָך אפשר טאַקי צוריק אוועק אין גרויסען וואַלד.

ב י י ל י ע. האָט זיך אַנגעטרונקען און אַנגעטאָן זיך עפּעס. יאמערט. וואָס טוט מען? וואָס העבט מען אָן צו טון? לאָ'מיר לויפען אין גרויסען וואַלד.

ס ע נ ד ע ר. האַ! רעדט ווי אַ קינד. אין גרויסען וואַלד וועט זי זוכען ביי דער נאַכט אַ מענשען. און אָט געהען מיר דאָך פון דאָרטין.

ל י י ו ו י ק. מיר וואָלטען אַלע געהן.

ז ע ל י ג צו די מיידלעך. ווילט איהר אין וואַלד?

ה י נ ד ע און ס אָ ס י ע קוקען אויף געליען, וואָס וועט זי זאָגען.

ג ע ל י ע. אָך, אַבי געהן. איין עברה די טרחה.

ב ע ר ע. טאַקי, וואו וועט מען געהן?

ס ע נ ד ע ר. און אָט געהן מיר דאָך פון דאָרטען.

ז ע ל י ג קלאַפּט סענדערן מיט'ן עלענבויגען, מאַכט מיט די אויגען און מיט די ליפּען און שאָקעלט מיט'ן קאָפּף אין זייט פון די מיידלעך.

ס ע נ ד ע ר קרימט זיך. אַי!

ב י י ל י ע, ברעכענדיג די הענד. וואָס טוט מען? וואָס העבט מען אָן צו טון? וואָס העבט מען אָן צו טון?

ב ע ר ע. ער וועט זיך אויסשלאָפען ערגעץ און וועט קומען אַ היים.

ג ע ל י ע. און ווער ווייס, אַז ער איז געוועזען אין וואַלד?

ב י י ל י ע  אומלויפענדיג. און וואו זאָל איך איהם זוכען, וואו זאָל איך איהם אָנהעבען צו זוכען? וואו זאָל איך איהם אָנהעבען צו זוכען? יאמערט. עס איז געקומען, איך זאָל מיר א מעשה אָנטון, רבונו של עולם! די גאַסטיר ווערט גערפענט. מען לאָזט זיך ענטקעגען.

ל י י וו י ק  און  ס ע נ ד ע ר  קומען אריין.

ל י י וו י ק. נו, ער איז שוין דאָ?

ב י י ל י ע. וואו! זאָל ער אזוי זיין אויף דער וועלט...

ז ע ל י ג  צו סענדערן. ווי קומסטו אהער? האָסט דאָך גע־דאַרפט זיין...

ל י י וו י ק. פעטרוש דער סטרוזש האָט מיר געזאָגט, אז היינט ביי טאָג ארום צוויי־דריי א זייגער האָט ער געזעהן א יונגען מאַן אין גרויסען וואלד. יענער איז אומגעלאָפען, געשלאָגען די בוימער מיט די הענד, געריסען פון זיי די קאָרע, געביסען זיי, גע־שלאָגען זיך אָן זיי מיט'ן קאָפּ. ווי ער האָט מיר אבגעמאָלט, איז עס אייזיק.

ב י י ל י ע  כאַפּט זיך פאַר'ן קאָפּף. אַי, ער איז א ודאי משגע געוואָרען. אַי, אַי, אַי.

ל י י וו י ק. האָב איך גערופען סענדערן און מיר זיינעןביידע געגאַנגען אהין, וואו ער האָט מיר אָבגעמאָלט, און האָבען גאָר נישט געפונען.

ס ע נ ד ע ר. איך האָב א פריער געזאָגט, אז עס איז נישטאָ וואָס צו געהן. אין גרויסען וואלד וועט ער אזוי גיך געפינען א מענ־שען און נאָך ביי דער נאַכט.

ל י י וו י ק. פון דעסטוועגען וואָלט איך נאָך געזוכט, א העלע נאַכט...

ס ע נ ד ע ר. האָסטו געזאָלט בלייבען.

ה י נ ד ע. ניין א זייגער איז ער געוועזען ביי ריבה שיינין אין שיינק.

ב ע ר ע. נו, דאָס איז דאָך טאַקי לעבען גרויסען וואלד.

אייזיק. די אלטע האט מיר געשוואוירען מיט טויזענדער שבועות, אז זיי האבען איהם נישט אריינגעזעצט. יאמערט, פערברעכענדיג די הענד. ער האט זיך געווים עפּיס אנגעטאן, ווי לעב איך גאר אויף דער וועלט!...

געליע. אך, ניין, ער ליעגט ערגיץ א בעטרונקענער.

הינדע. ערגיץ אין א קאנאווע.

סאסיע. ברור.

ביילע קלאגט. שיין איז מיר, גוט איז מיר, דאס זיך נאך דערלעבט.

בערע. זיי זאגען דארטין, אז ער איז געוועזע זעהר שיכור, קוים געהאלטען זיך אויף די פיס.

ביילע, ווי פריער. שיין איז מיר, גוט איז מיר... נאך געליהען א רובעל.

בערע. און איך אליין האב איהם אריינגעלעגט דעם רעסט פון רובעל אין קעשענע. איך וואלט וויסען אזא סוף...

זעליג. וואלט איהר איהם אריינגעלעגט צו זיך אין קע־שענע.

בערע בייז. ע, ע, ע, קאמעדיאנט! שטענדיג ליעגען איהם נור וויצען אין קאפּ.

זעליג, הינדע און סאסיע לאכען.

ביילע, ארומלויפענדיג איבער'ן שטוב. א פייער זאל דארטין כאפּען ריבה שיינין מיט איהר שיינק צוזאמען. זאל אין איין נאכט פון איהר קיין שריד און פליט נישט בלייבען. מען זעהט, אז א איד וויל זיך אנשיכור'ן, פערקויפט מען איהם קיין בראנפען נישט.

געליע. דעם שיינקער איז א ודאי א דאגה, ווער עס וויל זיך אנשיכור'ען.

הינדע. איהם ארט א ודאי — א איד, א קריסט.

זעליג. אבי געלד אדער א גוטער משכון. זאגט, בערע?

בערע בייז. וואס זאל איך דיר זאגען, וואס?

זעליג, הינדע און סאסיע לאכען.

זיי האָבען געמיינט, אז דאָס איז א משוגענער. פון דאָרטין איז ער אוועקגעגאנגען שטארק בעטרונקען. וואוהין, ווייסען זיי נישט.

זעליג. מוז מסתמא ליעגען אין א קאנאווע.

הינדע. קאָקעט. פּ־פּע.

סאָסיע טרייסעלט זיך. בררר.

זעליג. איז איך קאַלט?

סאָסיע. אזוי עפּיס... בררר...

זעליג. א יונג מיידעל דארף נישט קאַלט זיין.

הינדע. פּטור, זי פריערט שטענדיג.

סאָסיע. איך ווייס נישט, מיר איז עפּיס... בררר...

בערע, וועלכער איז געשטאַנען פערטראַכט מיט די אויגען צו דער פּאָדלאָגע. און ווייטער ווייס איך נישט, וואו צו זוכען. איך בין געוועזען אין נאָך עטליכע שיינקען...

זעליג. זעלבסטפערשטענדליך.

בערע מיט פערראַכטונג. טפו, קאָמעדיאַנט! די גאַסטיר ווערט געעפענט.

ביילע לויפט אריין. וואָס? ער איז שוין דאָ? בע־מערקט גלייך, אַז אייזיק איז נאָך נישטאָ. נאָך נישטאָ? צוואוויינט זיך. ער האָט זיך א ודאי עפּיס אָנגעטאָן. רבונו של עולם, איין אומגליק איז מיר...

הינדע. ניין א זייגער האָט מען איהם נאָך געזעהן ביי ריבה שיינין אין שיינק.

בערע. א זייגער ניין איז עס געוועזען. פון דאָרטען איז ער אוועקגעגאנגען א בעטרונקענער. וואוהין, ווייס איך נישט. איך האָב איהם געזוכט.

זעליג. איך האָב איהם אויך געזוכט. נור די שטאָדט איז דאָך נישט קליין.

ביילע דורך טרערען. איך בין אויסגעוועזען אומעדום. איך האָב געמאַכט אזא סקאנדאַל ביי גאָלדינען. איך האָב מיך געוואָרפען אויף דר'ערד און געשריען מיט בענומענע קולות: איי־זיקען זאָלען זיי מיר אוועקגעבען, זיי זאָלען מיר זאָגען, וואו איז

ס אַ ס י ע קוקט אויף די אַנדערע און לאַכט פאַר פערוואונ־דערונג.

ג ע ל י ע. ער איז צוגעשטאַנען צו מיר אין גאַס, האָב איך נישט געוואוסט, ווי פּטור צו ווערען פון איהם.

ז ע ל י ג שאָקעלט מיט'ן קאָפּ. אַך, ארקע, ארקע, אַ מפּלה אויף דיר...

ס אַ ס י ע. איך וואָלט שווערען, אז עמיץ טאַפּט די טיר.

די טיר ווערט געעפענט.

ז ע ל י ג. יאַ, עמיץ קומט. זיי מאַכען אַ פּאָר שריט צו דער טיר.

ב ע ר ע קומט אַריין. ער זעהט אויס אומעטיג און פערזאָרגט, ווי ער וואָלט זיך געפיהלט שולדיג אין דעם פאַרגעקומענעם.

ז ע ל י ג. גאָר בערע!

ב ע ר ע. זעליג! קוקט זיך אַרום. איז אייזיק שוין גע־קומען?

ז ע ל י ג. נישטאָ נישט אייזיק און נישט זיין ווייב.

ב ע ר ע. זי לויפט מסתמא ארום. און ער איז נישטאָ? ליעגט מסתמא ערגעץ־וואו א שיכור'ער.

ג ע ל י ע. אויב גאָלדין האָט איהם נישט ארעסטירט.

ב ע ר ע. מיט אַ שעה צוויי צוריק, אַ זייגער ניין, איז ער נאָך געוועזן ביי ריבה שיינין אין שיינק.

ז ע ל י ג. פון וואַנען ווייסט איהר עס?

ב ע ר ע. איך האָב איהם אומעדום געזוכט, בין איך שוין פערגאַנגען צו ריבה שיינין אין שיינק אויך.

ה י נ ר ע. דאָס איז דאָך דאכט זיך אין עק שטאָדט.

ז ע ל י ג קלאַפּט בערען איבער'ן אַקסעל. אָ, וואו אַ שיינק איז, ווייס ער שוין!

ב ע ר ע. פערד! איך בין אריינגעגאַנגען זעהן, צו איז איי־זיק דאָרטין נישטאָ, פערד! — און ער איז דאָרטין טאַקי געוועזן, איז אָבגעזעסען אַ פּאָר שעה, מיט קיינעם אַ וואָרט נישט גערעדט און געטרונקען. זיי זאָגען, אז ער איז געזעסען אַזוי אַנגערוקט.

ז ע ל י ג. איך ווייס. און וואָס מיר האָבען איהם אָבגע־האַלטען!

ה י נ ד ע. אריינגעפלויגען... מאַכט נאָך ארקען. „וואו איז ער? ! אייזיק זאָל מיר שוין זיין! איך וועל איהם..."

ס אָ ס י ע. און האָט איהם אומעדום געזוכט.

ז ע ל י ג. ארקעלע האָט געוואָלט מאכען א ביסעל קוראזש. מאַכט נאָך ארקעס שטימע. „וואו איז ער? ! איך וועל איהם!"...

ס אָ ס י ע, צו די אַנדערע. אוי, טאַקי אזוי האָט ער געשריען.

ז ע ל י ג. צו איך קען איהם! מאַכט נאָך ארקעס בעוועגונגען:. „וואו איז ער? אייזיק זאָל מיר שוין זיין! איך וועל איהם!..."

אַלע לאַכען.

ס אָ ס י ע, צו די אַנדערע. אָבער טאַקי פונקט אזוי.

ז ע ל י ג. איהר האָט איהם דאָ, דאכט זיך, היינט אין דער פריה אויך געהאַט?

ג ע ל י ע מאַכט איין איראָנישע בעוועגונג מיט דער האַנד און דריקט צוזאַמען די ליפען. געהאַט די עהרע.

ז ע ל י ג. און מיט איינער פון אייך איז ער געגאַנגען.

ג ע ל י ע מיט דערזעלבער בעוועגונג און מיט אַ געמאַכטען שטאָלץ. מיט מיר אליין.

ס אָ ס י ע צו די אַנדערע. אָבער ווי מען ווייס עס אַליין.

ז ע ל י ג. ער האָט שוין געוואָלט ווערען איין אָפּטעד אַריינ־געהער ביי אייך.

ה י נ ד ע. נאָך וואָס האָט אונז געפעהלט.

ג ע ל י ע איראָניש. מען דאַרף איהם טאַקי נויטיג האָבען.

ז ע ל י ג. איז ער דען א מיאוסער קאוואַליער?

ג ע ל י ע. אַ שיינהאָץ!

ה י נ ד ע. פע, עפּיס אזוינע אויגען.

ז ע ל י ג. ער נעמט דאָך אזוי אוים ביי מיידלעך.

ג ע ל י ע שאָקעלט מיט'ן קאָפּ און דריקט צוזאַמען די ליפען. מ־מ־מנא!

ה י נ ד ע. ער? !

ס אָ ס י ע. פע, רעדט אזעלכע גראָבע זאכען.

ג ע ל י ע. מיר האָט ער גראד קיין גראָבע זאכען נישט גע־רעדט. ער וואָלט שוין פון מיר געלייזט. אָבער אַלץ אזעלכע קאָמפּ־לימענטען געמאַכט. קרימט איהם וויעדער נאָך. טע־טע־טע און טע־טע־טע. „דאס פריילין איז אַזוי קלוג, דאָס פריילין איז..." מען קלאַפּט אין גאָסטיר. זיי שפּרינגען אויף.

ה י נ ד ע. מסתמא ביילע.

ס אָ ס י ע געהט אויפעפענען די טיר, טרייסלענדיג זיך. ברררר, ברררר...

ה י נ ד ע. איך וואָלט שוין אַזוי וועלען וויסען, וואָס טוט זיך מיט אייזיק'ן.

ס אָ ס י ע שרייט אויס. אַי!

ז ע ל י ג, אין פאַרהויז. שאַ, שרעקט זיך נישט. איך בין געקומען זעהן, צו איז אייזיק שוין אין דער היים.

ס אָ ס י ע קומט אריין, געהענדיג אויף הינטען.

ז ע ל י ג נאָך איהר. ער טראָגט יעצט אַ שוואַרץ רעקעל איבער דעם אויסגענעהטען העמד.

ג ע ל י ע און ה י נ ד ע פערריכטען זייער טואַלעט. אַלע דריי מיידלעך שטעלען זיך צוזאַמענגעדריקט אין אַ קאָקעטער פּאָזע, זו־כענדיג פּאַר זייערע שלעכט פערדעקטע גליעדער אַ שיינע שטעלונג.

ז ע ל י ג. איז ער שוין געקומען?

ה י נ ד ע. ניין, ער איז נאָך נישטאָ.

ג ע ל י ע. און ביילע איז נאָך אויך נישט געקומען.

ז ע ל י ג. מסתמא זוכט זי איהם נאָך. איך בין געווען ביי עטליכע בעקאַנטע, דורכגעגאַנגען עטליכע גאַסען — מען הערט איהם נישט און מען זעהט איהם נישט.

ג ע ל י ע. דער מענש, אויב מען האָט איהם נישט איינגע־זעצט, האָט זיך געוויס אַ מעשה אָנגעטאָן.

ס אָ ס י ע. דאָ איז געווען גאָלדינס בן'אָקעל מיט אַ גאָ־ראָדאָוואָי.

פריער אריינגעפאלען אין שטוב מיט'ן גאראדאוואי, אריינגעקוקט צו אונז אין צימער...

ג ע ל י ע. און צו אונז אויך.

ה י נ ד ע. עס האבען מיר געטרייסעלט הענד און פיס.

ג ע ל י ע. איך האב איהם געוואלט געבען מיט עפּיס אין קאפּ...

ה י נ ד ע. א בן'אקעל!

ג ע ל י ע. א לאבוז עפּיס.

ה י נ ד ע. סאר א מין פראנט. געגאלט, געדרעהטע ווענצעלעך, די שליאפּע אויף א זייט, מיט רינגען אויף די פינגער...

ס א ס י ע טרייסלענדיג זיך. און ווי ער איז דאס אנגעטאן!

ג ע ל י ע. אין דער פריה, אז מיר זיינען ביידע ארויס פון שטוב, איז ער צוגעשטאנען צו מיר, וואוהין געה איך און איך זאל איהם געבען טראגען דאס פּעקעל, און וואס טו איך און ווען שפּאציר איך...

ה י נ ד ע. איהר האלט איהם פאר א שיינעם? איך האלט איהם נישט פאר קיין שיינעם. די אויגען זיינען עפּיס...

ג ע ל י ע. און וואו שפּאציר איך און מיט וועמען שפּאציר איך. און אלץ מיט אזעלכע בעוועגונגען אין פערבויגונגען... קרימט איהם נאך: טע־טע־טע און טע־טע־טע...

ס א ס י ע צו הינדען. ווייסט, נאך וועמען ער זעהט אוים?

ה י נ ד ע טראכט א ביסעל. נאך וועמען?

ס א ס י ע. נאך קאפּעליאוויטש'ען.

ה י נ ד ע. פּא, קאפּענע שמערל, עס העבט זיך אפילו נישט יענער איז העכער, האט בלאנדע האר...

ס א ס י ע. יא, אבער עפּיס... די נאז... די ליפּען...

ה י נ ד ע. אי, געה, דו ווייסט נישט, וואס דו רעדסט.

ג ע ל י ע. און ביז וויכמאנס טיר — איך בין געגאנגען צו וויכמאנען אבטראגען זאקען — איז ביז וויכמאנס טיר האט ער מיך בעגלייט. איך האב מיך פון איהם נישט געקאנט אבציעפּען.

ה י נ ד ע. און דערצו איז ער אזא מין גראבער יונג.

ה י נ ד ע. ווער ווייס, וואָס מיט אייזיקען איז? איהר האָט
ראָך געהערט, וואָס עס האָט זיך היינט צו טון אין ווערקשטאַט?
ער האָט געוויינט...

ג ע ל י ע. חברה האָט איהם אַ פריער אָנגעטרונקען.

ג י ש י נ ק ע. ווען וועט קומען די מאַמע?

ג ע ל י ע. וועט באַלד קומען. שלאָף דערווייליע.

ה י נ ד ע. ...און האָט צוברעכען זיין פרעס מיט דער פעטלי־
צעס־מאַשינע.

ס אָ ס י ע קומט אַריין, אין אונטעררעק און יאַקע, די הענד צו־
ויפגעלעגט אויף דער ברוסט. עס פריערט זי. נו, וואָס הערט זיך?
טרעט צו נעהנטער צום בעט. זעה, דאָס איז גאָר געליע. איך האָב גע־
מיינט, אַז דו רעדסט דאָ מיט ביילען. איז נאָך ביילע אַלץ נישטאָ?

ג ע ל י ע. נישט ביילע, נישט אייזיק.

ס אָ ס י ע. אַ מאָדנע זאַך.

ג י ש י נ ק ע צו סאָסיען. די מאַמע נישט געשטאָרבען.

ה י נ ד ע. וואָס דאָרטין האָט זיך אַ ביסעל צו טון!

ג י ש י נ ק ע צו סאָסיען. און דער טאַטע אויך נישט גע־
שטאָרבען. . .

ג ע ל י ע. שלאָף, שלאָף. אַז דו וועסט נישט שלאָפען, ווע־
לען מיר אוועקגעהן.

ג י ש י נ ק ע. ניין, נישט אוועקגעהן.

ג ע ל י ע. טיק שלאָף. קראַצט איהר אין קאָפּף און זינגט
שטיל אַ ליעד.

ה י נ ד ע. שרעקליך האָט דאָרטין געמוזט זיין. מיט אַ
גרויסען שטיין האָט ער צושלאָגען עטליכע שויבען...

ס אָ ס י ע. דו דערצעהלסט פון אייזיקען?

ג ע ל י ע. דערפאַר רעכען איך, אַז גאַלרינקע האָט איהם גע־
וויס איינגעזעצט.

ה י נ ד ע. עס קאָן זעהר זיין. פון גאַס געוויס איהם צו־
גענומען.

ס אָ ס י ע טרייסעלט זיך. בררר... ווי דער בן־אָקעל איז עס

פ י נ י ע געהט לאנגזאם אָב און זעצט זיך אויף זיין אָרט. פון צייט צו צייט לאָזט ער אַרויס ווייגענדיגע טענער.

ה י נ ד ע. וואָס האָט זי זיך אזוי צושריען?

ג י ש י נ ק ע וויינט. וואו איז די מאמע?

ג ע ל י ע. דער אלטער האָט זיך אוועקגעשטעלט איבער איהר...

ג י ש י נ ק ע. נישט געשטאָרבען?

ג ע ל י ע. ...און...

ה י נ ד ע צו גישינקען. די מאמע וועט באלד קומען.

ג ע ל י ע. זי ווערט צוריסען שרייענדיג.

ה י נ ד ע. עפּעס איז נישט גלאט מיט אייזיקען. גאָלדין האָט איהם געמוזט איינשפּארען. אָבער וואָס קומט זי נישט?

ג י ש י נ ק ע וויינט. די מאמע קומט נישט.

ג ע ל י ע. לעג דיך שלאָפען, גישינקע, די מאמע וועט גלייך קומען. מיר וועלען זיצען לעבען דיר, גוט?

ג י ש י נ ק ע. איך וויל די מאמען.

ג ע ל י ע, איינלעגענדיג זי און אַוועקזעצענדיג זיך נעבען איהר. אָט אזוי ליעג, גישינקע, מיר וועלען זיצען לעבען דיר. זעהסט, אָ, הינדע האָט זיך אויך געזעצט. און די מאמע וועט באלד קומען.

ה י נ ד ע. שלאָף, גישינקע, שלאָף.

ג י ש י נ ק ע אַ ביסעל רוהיגער. די מאמע נישט געשטאָרבען.

ג ע ל י ע. וואָס עפּעס די מאמע געשטאָרבען? די מאמע איז נישט געשטאָרבען.

ג י ש י נ ק ע. נישט געשטאָרבען?

ג ע ל י ע. ניין, ניין, נארעלע. די מאמע איז נישט גע־שטאָרבען. שלאָף.

ה י נ ד ע. דער אלטער מאכט אלעמען קראנק מיט זיין „שטארבען“.

ג י ש י נ ק ע. דער טאטע אויך נישט געשטאָרבען?

ג ע ל י ע. שלאָף, שלאָף, גישינקע. קיינער איז נישט גע־שטאָרבען.

# דריטער אקט.

א י י ז י ק'ס  וו אָ ה נ ו נ ג. שפּעט אין אבענד, אויפ'ן טיש ברענט אַ קליין לעמפּעל מיט אַ שטאַרק פעררויכערטען גלאָז. אין צימער איז האַלב־דונקעל. עס זעהען זיך נור די שאטענס, די שוואַרצע סילו־עטען פון אַלץ, וואָס געפינט זיך דאָ.

ג י ש י נ ק ע  זיצט אין פאַרנסטען בעט און וויינט מיד. מאַמע, מאַמע.

פ י נ י ע  שטעהט איבער איהר און ברומט אונטער. געשטאַר־בען, געשטאַרבען.

ג י ש י נ ק ע  בייז. נישט געשטאַרבען! מ אַ מ ע נישט געשטאַרבען! דו ביזט געשטאַרבען!

פ י נ י ע. אַלע געשטאַרבען. טויט.

ג י ש י נ ק ע  וויינט שטאַרקער. ניין, נישט געשטאַרבען!

פ י נ י ע. געשטאַרבען. טויט. דער הימעל. די ערד. און גאָט. און גאָט. בעגראָבען אין טויטען הימעל. בעשאָטען מיט דער טויטער ערד. און אַלץ איז קאַלט און פינסטער. און קאַלט. און פינסטער...

ג י ש י נ ק ע. מאַמע־ע־ע! וואו די מאַמע?

פ י נ י ע. געשטאַרבען. אַלע געשטאַרבען.

ג י ש י נ ק ע  צושרייט זיך אויפ'ן קול. ניין, נישט געשטאַר־בען! נישט געשטאַרבען! די מאַמע איז נישט געשטאַרבען!....

ג ע ל י ע  קומט אַריין פון איהר צימער, און באַלד נאָך איהר ה י נ ד ע פון איהר צימער. ביידע זיינען אָנגעטאָן אין אונטערראָק און איינגעוויקעלט אין גרויסע פאַטשיילעס.

ג ע ל י ע  צו פיניען. וואָס שטעהט איהר און שרעקט זי? גערט אין אייער רוה. צו גישינקען. ווייין דאָך נישט, גישינקע. די מאַמע וועט באַלד קומען.

א ר ק ע. זיין פרעס און זיין מאשינקע! די מורא'דיגע ערפינדונגען, גרויסע קאפשטיק! האסט בעוויזען, וואס דו קאנסט. געפארקעט זיך און געפארקעט זיך דריי טעג...

א י י ז י ק. גרויסע קאפשטיק — — דו קאנסט בעסערע?

א ר ק ע. פששש... אבער וואו איז דיין נייע מאשינע?

א י י ז י ק. איך פרעג ביי דיר, דו קאנסט בעסערע?

א ר ק ע. אבער דיין נייע מאשינע וואו איז?

ג א ל ד י ן. וואס רעדסטו מיט איהם? געה, יאשקע, רוף שמערלען. זאג איהם, אז דער שטול איז לעדיג. ער קאן שוין קו־מען זעצען זיך ארבייטען. — אט וועט זיין גענוג צו רעדען.

י א ש ק ע. מאכט לאנגזאמע הכנות.

א י י ז י ק שטעהט אויף, קנעפט זיך צו דעם רעקעל, און הערבט אן לאנגזאם צו געהן צו דער טיר, בעגלייט פון די איהם בערוהיגענדע לייוויק און זעליג. פלוצלונג גיט ער זיך א לאז צו דער פרעס, הערבט זי אויף, ווארפט זיך ארויף אויף די פעטליצעס־מאשינע און טרעט זיי מיט די פיס, אז עס פליהען שפענדלעך און רעדלעך, צורעדענדיג דערביי. יעצט קאן איך געהן, יעצט קאן איך געהן.

ל י י וו י ק, ז ע ל י ג, ב ע ר ע ווילען איהם אבהאלטען.

ג א ל ד י ן. געהט רופט א גאראדאוואי, געהט רופט. ארקע, געה נאך א גאראדאוואי.

א ר ק ע. הילע, געה נאך א גאראדאוואי.

א י י ז י ק טרעט נאך מיט די פיס. יעצט קאן איך געהן. רייסט זיך ארויס פון די הענד און געהט ארויס ווי מעגליך רוהיג.

ג א ל ד י ן און א ר ק ע ווארפען זיך נאך איהם. מען האלט זיי אב.

ג א ל ד י ן. זאל מען געהן נאך א גאראדאוואי, זאל מען געהן.

א י י ז י ק פון הויף. נא דיר! א שטיין פליהט אין פענס־טער מיט גרויסער קראפט, צוברעכט אלע שויבען און טרעפט ארקען אין זייט. פון עולם רייסט זיך ארויס איין „אך!"

א ר ק ע. ער האט מיך גע'הרג'עט!

ג א ל ד י ן. א גאראדאוואי!

א י י ז י ק  אַ קלאַפּ טוענדיג מיט דער האַנד אָן וועבשטול. איהר זאָלט מיר אויפהערען מיט דעם „אַנגעשיכור'ט", פערשטעהט איהר מיך צו נישט!

ג אָ ל ד י ן  בלייבט שטעהן מיט איין אָפענעם מויל. אַלע רייסען איבער די אַרבייט.

א ר ק ע. טע, טע, טע, ער איז דאָך טאַקי גאָר שטאַרק אין כעס.

א י י ז י ק. מיר דאַרפט איהר נישט רעדען וועגען אַנשיכור'ן זיך. דאָס רעדט אייער ארקען.

ג אָ ל ד י ן. דו עזות מחוצף פּנים! דו שטיק שייגאָץ!

מ י כ ע ל  און  ב ע ר ע  רינגלען אַרום גאָלדינען.

ל י י ו ו י ק  און  ז ע ל י ג  האַלטען אָב אייזיקען.

מ י כ ע ל. הער אויף, נאָטע, זעהסט דאָך.

ל י י ו ו י ק. בערוהיג דיך, בערוהיג דיך, אייזיק.

א ר ק ע. וועגען מיר דאַרפסטו נישט רעדען!

ב ע ר ע. ארקע, אך, נע־ע...

ל י י ו ו י ק  צו אייזיקען. בערוהיג דיך, בערוהיג דיך.

ג אָ ל ד י ן. דו וועסט שוין ביי מיר מעהר נישט אַרבייטען.

א י י ז י ק. איך טראַכט עס שוין. אָבער איהר וועט מיר צוערשט אָוועקגעבען מיין פּרעס מיט מיין פּעטליצעס מאַשינקע.

א ר ק ע  שטעלט אָן די האַנד צום אויער. וואָס, וואָס זאָל מען דיר אָוועקגעבען? איך האָב נישט געהערט, חזר איבער נאָך אַ מאָל.

ג אָ ל ד י ן. דיין פּרעס מיט דיין מאַשינקע? פאַר דיין פּו עס מיט דיין מאַשינקע האָט מען דיר בעצאָלט גוט געלד.

א י י ז י ק  מאַכט אַ בעוועגונג.

ל י י ו ו י ק  און  ז ע ל י ג  האַלטען איהם אָב.

ז ע ל י ג. רוהיג, רוהיג.

ג אָ ל ד י ן. זיינע מאַשינעס זאָל איך איהם אָוועקגעבען! זיינע איז עס. אז איך האָב דיר בעצאָלט, זיינען זיי מיינע, נישט דיינע.

גאלדין. ביזטו שכור, טאַ געה אַ היים און לעג זיך שלאָ־פען. איך דאַרף דאָ קיין שיכורים נישט. — וואו איז טעמע?

אייזיק העבט זיך לאַנגזאַם אויף. איהר זייט אין כעס, וואָס איך האָב אייך נישט געבראַכט אַ דריטע מאַשינע?

גאלדין. פערד! איך דאַרף דיך אויף כפרות מיט דיינע מאַשינעס צוזאַמען. — — וואו איז טעמע, וואו?

מלכה. דאָ איז געוועזען זיין ווייב און האָט איהם געבראַכט זיין וואַרמעס, האָט טעמע אַרויפגעטראָגען דאָס טעפּעל, עס זאָל ניט קאַלט ווערען, צו אידע׳ן.

גאלדין. מעהר האָט זי שוין נישט וואָס צו טון, ווי מיט זיינע טעפּלעך...

אייזיק. אַז איך וואָלט אייך געבראַכט די מאַשינע, וואָלט איהר נישט אַזוי אין כעס געוועזען.

טעמע קומט אַריין.

גאלדין. וואוהין געהסטו אַרום, וואוהין? דו דאַרפסט זיצען און אַרבייטען און ניט עוסק׳ן זיך מיט זיינע טעפּלעך. איך האַלט נישט פון זיינעטוועגען קיין משרתים.

אייזיק מיט קוים איינגעהאַלטענעם כעס. איך האָב זי נישט געבעטען.

טעמע. דאָך אַ ווייַלע נור געדויערט. עס וואָלט דאָך קאַלט געוואָרען דאָס טעפּעל.

גאלדין. אַ מינוט אויך נישט. ער מעג עסען קאַלטע אָדער גאָר נישט עסען, דאָס איז נישט דיין דאגה. דו דאַרפסט זיצען און אַרבייטען.

אייזיק. אַזוי שטאַרק האָט אייך געאינטערעסירט מיין מאַשינקע?

גאלדין צושרייט זיך. איך דאַרף דיך אויף כפרות מיט דיין מאַשינקע, האָב איך דיר שוין איינמאָל געזאָגט, פערשטעהסטו מיך! דו קאָנסט שוין...

אַרקע איילט אַריין. וואָס האָסטו זיך דאָ אַזוי צושריען?

גאלדין. איז געקומען, האָט זיך אָנגע׳שכור׳ט....

ב ע ר ע, ציטערנדיג אייזיק׳ן. וואָס מוזטו, וואָס? מוזט גאָר נישט. געהערט עפּעס ווערטער, ער מוז גאָר וויינען.

א י י ז י ק בייז. לאָזט מיך צו רוה!

ב ע ר ע מאַכט מיט דער האַנד. נאַ, העב זיך אָן מיט א משגענעם. מען צוגעהט זיך אויף די ערטער.

ל י י ו ו י ק, טרויריג. הם!

ב ע ר ע. דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען...

מ ל כ ה. פע, איך קאָן נישט זעהן, אז א מאַנסביל וויינט.

ז ע ל י ג געריהרט. נע־ע־ע!

ט ע מ ע נעמט דאָס טעפּעל און געהט מיט איהם אַרויס.

שוויינען.

א י י ז י ק ווערט שטילער און שטילער און בלייבט צולעצט רו־היג ליעגען אויף זיין האַנד. מען קוקט זיך אָפּט אום אויף איהם.

ג אָ ל ד י ן קומט אַריין, געהט אין אייזיק׳ס זייט, מאַכט מיט׳ן קאָפּף. נאַ, וואָס ליעגט ער עפּעס?

מ ל כ ה. ער האָט ערשט געוויינט.

ג אָ ל ד י ן. געוויינט? וואָס ער האָט עפּעס געוויינט? וואָס פון זיין מאַשינע האָט זיך גאָר ניט אויסגעלאָזען? וועקט אייזיק׳ן. דו, אייזיק, וואָס האָסטו געוויינט? שטעה אויף. דער־זעהט די בראַנפען־פלאַש. ווער האָט עס געטרונקען? דאָס האָט ער געטרונקען?

מ ל כ ה. ער האָט נאָך גאָר נישט געגעסען, האָט מען איהם געהייסען נעמען א ביסעל בראַנפען.

ג אָ ל ד י ן. האָט ער זיך הייסט עס פּשוט אָנגעשכור׳ט. טע! צוערשט האָט מען איהם נישט געקאָנט אַרויסטרייבען פון שטוב, ווייל ער האָט זיך געפּאַרקעט איבער א שטיקעל מאַשינע און יעצט, אז ער איז שוין געקומען אַרבייטען, האָט ער זיך אָנגעזויפען ווי א חזיר און ליעגט.

א י י ז י ק מאַכט א נערוועזע בעוועגונג, גיט אַ העב דעם קאָפּף און לעגט איהם גלייך אַוועק צוריק.

ל י י וו י ק, ב ע ר ע, ז ע ל י ג, מ ל כ ה שפרינגען אויף פון זייערע ערטער מיט איין אויסגעשריי: געוויינט! טרעטען צו איהם צו און קוקען אויף איהם מיט שרעק.

מ י כ ע ל דרעהט אוים דעם קאָפּ און זאָגט אַרוים מיט אַ טאָן פון ביטערקייט, אונצופרידענהייט און עקעל: געוויינט.

ה י ל י ע און ס ע נ ד ע ר קוקען נייגיעריג פון זייערע ערטער און טוען זייער אַרבייט.

י אַ ש ק ע טרעט אָב פון זיין טיש און קוקט נייגיעריג, מיט דעם קלייפּענזיל אין דער האַנד.

ב ע ר ע. ביזט דאָך עפּעס גאָר קיין מענש נישט. פּע, אויף מיין וואָרט. ווען איך וואָלט געוואוסט, אז אסור, אויב איך וואָלט דיך צוגערעדט צו טרינקען. ביזט דאָך עפּעס גאָר קיין מענש ניט.

ה י ל י ע. זאָל ער געהן אַ היים און אויסשלאָפען זיך.

ב ע ר ע. געה טאַקי אַ היים און שלאָף דיך אוים. וואָס וויינסטו? פּע, אויף מיין וואָרט, עס איז גאָר אַ בושה און אַ חרפּה. געה פאָלג מיך אַ היים. ווערסטו היינט אויך נישט ארבייטען, מילא. זאָל דוכטען, אז דו זיצסט נאָך איבער דיין מאַשינע. געה, געה, נאַ, און דאָ האָסטו דעם רעסט פון רובעל. נאַ, נעם צו. זעהסט, איך לעג דיר איהם אריין אין קעשענע. איז עס אַ גאַנצע קעשענע? בעטאַפּט די קעשענע. אַ גאַנצע. נו געה.

א י י ז י ק לאָזט זיך וויעדער אַראָב אויף די האַנד. זיין גאַנצער קערפּער טרייסעלט זיך פון דעם שטילען געוויין.

ל י י וו י ק. אָבער, אייזיק, ביזט דאָך טאַקי...

ב ע ר ע. אָה, דאָס ערשטע מאָל אויף מיין לעבען מאַכט זיך מיר דאָס צו זעהן.

ה י ל י ע צו סענדערן. זעה נור, טעמע וויינט אויך.

ט ע מ ע טריקענט די אויגען. היילינקע, דו האָסט דאָך אַ גזלניש האַרץ.

ל יי וו י ק. ציטערנדיג אייזיק'ן. אָבער אייזיק, אַך, פּע....

א י י ז י ק. לאָזט מיך, לאָזט מיך, איך מוז... איך מוז...

א י י ז י ק לעגט אַוועק דעם קאָפּף אויף די לינקע האַנד.

ב ע ר ע. נאַ, וואָס האָסטו דיך אַוועקגעלעגט? איך זאָג דאָך דיר, גלייך עסען. וויל איהם אויפהעבען.

א י י ז י ק שטופּט איהם אַוועק מיט דער פרייער האַנד.

ב ע ר ע בעליידיגט. נאַ, פון מיינעטוועגען ליעג. איך הייס דיר עסען, דו ווילסט נישט, טיק טו, וואָס דו ווילסט. נעמט דאָס פלעשעל, בעטראַכט עס, קוקט תאוה׳דיג אויף דאָס ביסעל בראַנפען אין גלעזעל.

ה י ל י ע. נו, בערע, לחיים!

ב ע ר ע. עס נישט. איך וועל מיך מיט דיר מעהר נישט עוסק׳ן. געהט צו צו זיין שטול.

ל י י וו י ק. עס דאָך, אייזיק. דו מוזט דאָך פערעסען.

ב ע ר ע בעליידיגט. אזא פערד האָב איך גאָר אויף מיין לעבען נישט געזעהן.

ז ע ל י ג. מיר דוכט, אז ער וועט גאָר איינשלאָפען.

מ י כ ע ל. זאָל ער שלאָפען, דאָס איז דאָס בעסטע.

ב ע ר ע. נע־ע! איך וויים, אז איך נעם א ביסעל בראַנ־פען, בין איך... ווער איך... ציעהט זיך אויף מיר אָן א נייע הויט. און ער האָט דאכט זיך אויך געקאָנט אריינגיסען! נע־ע, איך וויים גאָר נישט, וואָס מיט איהם איז געוואָרען.

ל י י וו י ק צו זעליגען. שלאָפט ער טאקי איין, זעליג?

ז ע ל י ג. דאכט זיך. טרייסעלט איהם. אייזיק, דו שלאָפסט?

ל י י וו י ק. קאָמעדיאַנט!

ה י ל י ע זינגט. „שלאָף מיין פויגעלע, מאַך־זשע צו דיין אויגעלע...“

מ י כ ע ל. נאַ, א חברה!

ט ע מ ע. דאָס עסען וועט דערווייל קאַלט ווערען. שפּרינגט אויף. איך וועל עס אריינטראָגען צו אידע׳ן און אריינשטעלען אין אויווען.

א י י ז י ק זעצט זיך אויף און נעמט ארויס זיין טאַשענטיכעל.

ט ע מ ע מיט שרעק. זעה, ער האָט דאָך געוויינט!

און טוט איהם אָן אייזיק'ן אויפ'ן קאָפּ. נאַ, נו, מאַך אַ ברכה און טרינק. נעמט ווידער דאָס פלעשעל. נעם דאָך, אייזיק, זיי נישט קיין נאַר. אייזיק, זעה.

מ י כ ע ל. אייזיק, פע! לאָז דיך נישט בעטען. נעם און טרינק און עס. וואָס מאַכסטו דיך נאַריש, וואָס?

ב ע ר ע, אונטערטראָגענדיג דאָס גלעזעל צו אייזיקס ליפּען. טרינק, זאָג איך דיר, פערד!

ז ע ל י ג. אַז נישט, טרינקט ער אויס.

א י י ז י ק וויל אָבקעהרען דעם קאָפּ און פּלוצלונג כאַפּט ער דאָס גלעזעל און קערט עס אין זיך אריין.

ב ע ר ע פערפאָלגט מיט א תאוה'דיגען קוק יעדע בעוועגונג אייזיק'ס און די בעוועגונג פון דעם שנאַפּס. ער טשמאָקעט מיט די ליפּען, מאַכט אַ קרום געזיכט, ווי ער וואָלט געפיהלט די קיהלקייט און ביטערקייט פון דעם שנאַפּס. אָט אַזוי ביזטו אַ מענש, אָ. אָט אַזוי האָב איך דיך האָלט. נעמט דאָס לעדיגע גלעזעל ביי אייזיקען. און נאָך איינס. העבט אָן אָנגיסען און שמעקט דאָס בראַנפען. און טאַקי גלייך.

א י י ז י ק האַלט איין זיין האַנד. פינסטער. גיט מיר דאָס פלעשעל. נעמט ארויס דאָס פלעשעל פון בערעס האַנד, שטעלט עס צו צו די ליפּען און טרינקט עס אויס אויף איין מאָל.

ב ע ר ע, וועלכער האָט אַרויסגעלאָזען דאָס פלעשעל אָהן חשק, קוקט נאָך יעדע בעוועגונג, אויסציעהענדיג דעם האַלז. ווען אייזיק ווערט פאַרטיג מיט'ן פלעשעל, נעמט ער עס ביי איהם צו און טראָגט איהם אונטער דאָס גלעזעל. און יעצט שוין דאָס ביסעל אין גלעזעל, וועט זיין אַ פאָלנע מאָס. — ווילסט נישט? נו, טיק יעצט עסען. שטעלט אַוועק דאָס גלעזעל מיט'ן פלעשעל און רוקט צו דאָס טעפּעל מיט'ן ברויט. טיק יעצט עסען.

א י י ז י ק שפּאַרט זיך אָן מיטביידע הענד אויפ'ן וועבשטול און בעהאַלט דאָס געזיכט אין די הענד.

ב ע ר ע. עסען, עסען, אייזיק. אָבער גלייך. דאָס עסען איז שוין קאַלט...

א י י ז י ק. טו מיר א טובה און געה א היים.

ב י י ל י ע וואַרפט אויף איהם אַ בייזען און דערשראָקענעם בליק. ניט קיין משוגעת איז עס!

ב ע ר ע. געהט טאקי א היים, וועט זיין א סך גלייכער. ווינקט איהר, זי זאָל געהן.

מ י כ ע ל ווינקט אויך.

ב י י ל י ע גרייט זיך צו אַוועקצוגעהן, בעליידיגט. איך מעהר נישט מאך איהם שטענדיג איינג. בייז. זאָלסטו עסען, משוגענער!

ב ע ר ע. ער וועט שוין עסען, געהט א היים, וואָס ארט אייך. וועט נעמען א שנאַפּס און וועט עסען.

ב י י ל י ע. און זאָלסט ברייננען דאָס טעפּעל.

ב ע ר ע. גוט, גוט, וועט שוין ברייננען.

ב י י ל י ע אין טיר. משוגענער! געהט אַוועק.

מ י כ ע ל. א אידענע בלייבט אַ אידענע.

מ ל כ ה. איך האָב נאָך געקענט די ביילינען מיט אכט יאָהר צוריק, אז זי איז נאָך געוועזען א מיידעל. אָה, איז זי געוועזען א לעבעדיגע זאַך! איצט ווי זי זעהט אַ ביסעל אוים. מען קאָן דאָך אויף איהר נישט א קוק טון.

ב ע ר ע. און ווי האָט ער אויסגעזעהן מיט אכט יאָהר צוריק! א משוגענער אפילו איז ער שטענדיג געוועזען, אָבער אזוי איז דאָס געוועזען...

י אָ ש ק ע קומט אַריין מיט בראַנפען.

ב ע ר ע לעגט אַוועק די אַרבייט, געהט איהם ענטקעגען, נעמט ביי איהם צו דאָס פלעשעל מיט דעם רעסט פון רובעל און ווענדט זיך צו אייזיקען. נא, וועסט נעמען א ביסעל בראַנפען און וועסט עסען, וועסטו ווערען גאָר א נייער מענש, דער אַמאָליגער אייזיק. נעמט אַראָב אַ גלעזעל פון פּאָליצע. טאָמער האָסטו פערגעסען דעם אַמאָליגען אייזיק, וועל איך דיר דערמאָנען. געדענקסט אונטער שטאָדט, אין קאראבאנאָוועקע? גיסט אָן דאָס גלעזעל, קוקענדיג מיט תאות אויף דעם פליסענדיגען געטראַנק. געדענקסטו, ווי דו... נא, נעם, נו... נא, נעם דאָך. שטעלט אַוועק דאָס פלעשעל, נעמט אייזיקס הוט

ב ע ר ע. נישטאָ וואָס צו פרעגן. גנוג, יאַשקע, ברייננ אַ סאַראַקאַוואָשקע.

י אַ ש ק ע קוים ריהרענדיג זיך, נעמט דאָס געלד. סמירנאָווקע?

ב ע ר ע. סמירנאָווקע, סמירנאָווקע, מאַך עס נור אויף גיך. שטופּט איהם ארוים און רעדט פערגניגט. אַט אַזוי אַ, ווענסט נעמען אַ שנאַפּס, ווערסט פרעהליכער ווערען און וועסט עסען. זעצט זיך צו דער אַרבייט און רעדט, צופריעדען מיט זיך אַליין. אַ שנאַפּס איז די בעסטע סגולה. ביי מיר איז עס די ערשטע זאַך. דאָס, יענעס, קאָפּ־וועהטאָג, האַרצוועהטאָג — אַ שנאַפּס און פאַרטיג. ווענדט זיך צו אייזיק'ען. און דו זאָלסט טאַקי קיין נאַר נישט זיין און אַריינקערען די גאַנצע סאַראַקאַוואָשקע, וועסטו בעסער עסען.

ב י י ל י ע. שוין פון דריי טעג, אַז ער האָט כמעט ווי גאַר נישט גענעסען. איך ווייס גאַר נישט מיט וואָס ער האָט געלעבט.

מ ל כ ה. מיט דער מאַשינקע.

ב י י ל י ע. סיידען מעהר נישט ווי מיט דער אונגליקליכער מאַשינקע.

ז ע ל י ג. און וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט מיט דער מאַשינקע? נישט געמאַכט זי?

ב י י ל י ע. וואו מאַכען! געאַרבייט און געאַרבייט, די גאַנצע דריי טעג האָט מען איהם נישט געקאָנט אָברייסען פון טיש און פּלוצלונג כאַפּט ער און גיט זי אַ וואָרף, אַז־ז־ז, עה...

ל י י וו י ק שטאַרק פערוואונדערט. הם!

ב י י ל י ע. עס האָבען אין מיר גענומען ציטערן אַלע אברים, הענד און פיס. אַ פערטרייסעלטע בין איך געבליעבען. און ער איז געבליעבען זיטצען מיט אויסגעלופּעטע אויגען...

מ ל כ ה. אַ משגענער.

ל י י וו י ק. נע־ע, דאָס איז דוקא נישט משוגעת. דאָס איז... דאָס איז...

ב י י ל י ע. וואָס איז עס? לאַכט איראָניש. נישט קיין משוגעת איז עס!

ב ע ר ע. מאַך דיך נישט נאַריש, אייזיק. נעם און עס. וואָס איז דאָס פאַר איין אופן? פע, ד'לעבען!

ב י י ל י ע ווייגט. די גאַנצע דריי טעג אַזוי: נישט גע־שלאָפען און נישט געגעסען און נור געוועזען בעשעפטיגט מיט זיין אונגליקליכער מאַשינע. צו אייזיקען. וועסטו עסען צו נישט?

א י י ז י ק ווי פריער. איך וויל נישט עסען.

ב י י ל י ע. נו, זאָגט איהר שוין אליין, קאָן מען עס אַרי־בערטראַגען? יאמערט. איך קאָן עס שוין נישט אַריבערטראַגען.

מ ל כ ה. וואָס אַרט אייך, אז ער עסט נישט. פששש, מיך וואָלט דאָס טאַקי אַ סך אַרען.

ב י י ל י ע. ווי הייסט, אַ מענש עסט נישט אַ גאַנצען טאָג.

ב ע ר ע לעגט אַוועק די אַרבייט, געהט צו צו אייזיקען און נעמט איהם אָן פאַר די האַנד. נו, זיי נישט קיין נאַר, לעג אַוועק די אַר־בייט און וואַש דיך און עס.

אי י י ז י ק. אַך, לאָזט מיך, איך קאָן נישט עסען.

ב ע ר ע. ווי הייסט, דו קאָנסט נישט עסען? וואָס איז דאָס פאַר ווערטער? שיק נאָך אַ שנאַפּס, נעם אַ ביסעל בראַנפען, וועסטו קענען עסען. געה, יאַשקע, ברייננ איהם אַ שנאַפּס.

ב י י ל י ע האַלט איין דאָס וויינען. שיק טאַקי נאָך אַ שנאַפּס.

א י י ז י ק. איך האָב קיין געלד נישט און וויל קיין שנאַפּס נישט.

ב ע ר ע. געלד אויך אַ זאַך. וועט זיך מסתמא ביי ווענען געפינען. רב מיכעל, האָט איהר וואָס?

מ י כ ע ל דריקט מיט די אַקסלען. אַ גראָשען נישט.

ז ע ל י ג קערט אויס די קעשענעס און פייפט; קלאַפּט הילי׳ען מיט'ן פוס. דו האָסט דאָך מסתמא?

ה י ל י ע. ביזט ביי מיר געוועזען אין קעשענע?

ל י י ו ו י ק. איך קאָן דיר לייען, אייזיק. נעמט אַרויס אַ רובעל. איך קאָן דיר לייען דעם גאַנצען רובעל.

ב י י ל י ע נעמט ביי איהם דעם רובעל; צו אייזיקען. וועסטו שיקען נאָך אַ שנאַפּס?

שווייגען.

**זעליג, סענדער, מלכה, טעמע און יאשקע**
זינגען, אלע בעזונדערע ניגונים.

סענדער, איבעררייסענדיג דאס זינגען. אייזיק, דיין פלונית'טע געהט.

מלכה לאזט זיך צום פענסטער. טאקי, און זי טראגט...

זעליג גיט איהר א שטאך מיט א נאדעל און איילט צוריק אויף זיין ארט.

מלכה שרייט אויס. אי! קוקט זיך ארום. ווער האט מיר א שטאך געטאן, הא? — — איך זעה שוין, אז דאס איז זעליגעל. העבט איהם אן צו שלאגען.

זעליג אבבארענדיג זיך. וואס? וואס? ווער האט איך געשטאכען?

ביילע קומט אריין. אין די הענד א טעפעל איינגעבונדען אין א טיכעל, וואס איז נאס פון דעם טעפעלס אינהאלט. אויף איהר „גוט מארגען", ענטפערט מען איהר: „גוט יאהר", „גוט מארגען", „באן זשור", „דיען דאברי".

אייזיק און הילע שווייגען.

ביילע,צוגעהענדיג צו אייזיקען. נא, איך האב דיר געבראכט דעם ווארמעס. זאלסט עסען, זאלסטו, הערסטו! — ביטערער. נעם שוין און עס. — — נאך ביטערער. הער מיך שוין אויף צו פוילען.

אייזיק שטיל. איך וויל נישט עסען.

ביילע פערצווייפעלט. ווי הייסט, דו ווילסט נישט עסען! פון וואס ביזטו זאט, פון וואס?

טעמע. איז ער גאר אוועקגעגאנגען אהן ווארמעס?

ביילע. אהן ווארמעס! און אזוי האט ער עפּיס געגעסען? איז אויפגעשטאנען, ווי עס איז נור געווארען ליכטיג און גענומען זיך צו זיין אונגליקליכער מאשינע, האט ער נאך גאר נישט אין זיין מויל געהאט. צו אייזיקען מיט טרערען. נעם און עס, נעם!

א ר ק ע. אך, גנעה, זיי ווייסען ביידע א סך וואָס זיי רעדען. אז איך זאָג אייך...

מ ל כ ה. אָט הינדרע און סאָסיע זיינען טאַקי שיינע מיידלעך.

א ר ק ע. אז איך זאָג אייך, מען דאַרף ווערען איין אָפּטער ארייננגעהער צו איהם.

ז ע ל י ג. מאַך א באָל...

א ר ק ע. לכבוד דער מאַשינקע, וועלכע ער האָט נישט גע־מאַכט.

מ י כ ע ל בייז. וואָס? וואָס? וואָס? נאַ־א! דריקט מיט די פּלייצעס.

ז ע ל י ג. און פּעררוף אונז אַלעמען.

ב ע ר ע. דו, קאָמעדיאַנט, מאָגסט שוין אויפהערען צו קאָ־לאַטירען.

א ר ק ע. וואָס איך דאָס אייך פאַר א דאגה? ארבייט! וואָס נעמט איהר זיך אָן פאַר אייזיקען?

ב ע ר ע און מ י כ ע ל מאַכען פערצווייפעלט מיט די הענד.

א י י ז י ק איינגעהאַלטען. איך בעט קיינעם נישט פאַר מיר זיך אָנצונעמען. — עס קלינגעלט אין געשעפט.

א ר ק ע לויפט אַרויס.

שוויינען.

ב ע ר ע. דאָס איז א זוהנדעל!

מ י כ ע ל. מ־מ־מ־נאַ־א!

מ ל כ ה לאַכט. איהם געפעלט די געליע! א גרויס מויל, זומער־שפּרענקלעך, לאַנג און דאַר... אָט די שוועסטער...

ז ע ל י ג. איהם געפעלען דאָך אַלע דריי.

ס ע נ ד ע ר. ביי מיר פון מויל אַרויסגענומען.

ה י ל י ע. מיר וועלען זיך פערלאָזען אויף אייזיקס מבינות. אייזיק, וואָס זאָגסטו? מיט אונז מאָגסטו דאָך רעדען. האַ? ווי? דאָס איז דאָך זעהר וויכטיג?

מ י כ ע ל. זאָל אייך שוין זיין גענוג, גענוג זאָל אייך שוין זיין! ד ע ר א ו י ף! ארקעס קאָמפּאַניאָן!

ה י ל י ע. וואָס ווילט זיך אייך? צו ארקען. איהר ווילט זיך אויך.

א ר ק ע פערדרויכערט אַ פּאַפּיראָס; ציהענדיג, זי זאָל זיך גוט פערנאַנדערברענען, געהט ער צו צום מיטעלטיש און זעצט זיך אַרויף אויפ'ן עק נעבען זעליגען. אָבער איך זאָג אייך, עס איז פאַראַן אויף וואָס צו קוקען. ער וואָהנט פשוט אין א גן עדן. צו איי־זיקען. ווי הייסט די מיידעל, מיט וועלכער איך בין אוועק?

ז ע ל י ג. מיט איינער איז ער שוין געגאַנגען!

א ר ק ע. אָבער עף־עף! ווי הייסט זי, אייזיק? — וואָס ביזטו משגע, אייזיק? קאָנסט נישט ענטפערן? לאָזט איהם אַראָב אַ שמאַרקען פּאַטש איבער דאָס קני. ענטפער, זאָג איך דיר.

א י י ז י ק אַ צוק טוענדיג מיט'ן קערפער פאַר וועהטאָג, מיט קוים איינגעהאַלטענעם כעס. לאָז מיך צו רוה! האָסטו זי געזאָלט פרעגען....

א ר ק ע. ער מאכט מיר עפּעס צופיעל קוראזש.

א י י ז י ק. און זיי מיר נישט קיין פאני בראט און פּאַטש מיר נישט איבער'ן קני.

א ר ק ע. צופיעל קוראזש מאכט ער מיר עפּעס.

ב ע ר ע און מ י כ ע ל מאַכען מיט די הענד און בעטען איהם שטום, ער זאָל שווייגען.

מ ל כ ה. איך קען דאָך זיינע שכנות. די צוויי שוועסטער, הינדע און סאָסיע — דו קענסט זיי דאָך אויך, טעמע — זיינען גאַנץ שיינינקע. אָבער די אנדערע, די געליע, געפעלט מיר נישט, א גרוים מויל...

א ר ק ע. זי פערשטעהט טאַקי א סך זאכען. צו מלכה'ן. איהר זייט אַ שיינע, ווי?

מ ל כ ה. יענע האָט דאָך זומער־שפּרענקלעך אין געזיכט! וואָס זאָגסטו, טעמע?

ט ע מ ע. זאָל איך אזוי לעבען.

ז ע ל י ג. דאָס האָט ער פערזעהן.

קעפּף און זיפּצען טיעף אָב. — אין געשעפּט קלינגט דאָס טיר־גלעקעל.

א ר ק ע לויפט אַרויס.

ז ע ל י ג שרייט איהם נאָך. דוקא ביי די אינטערעסאַנ־טעסטע.

ל י י ו י ק. אָבער ווי ער איז עס מיט אַ מאָל געוואָרען אַ פערשטעהער.

מ ל כ ה. ער קען דאָך אַ קאַץ איין עק נישט פערבינדען.

ב ע ר ע. דאָס איז פון די בעל גאוה׳ס, וועלכע עס איז גוט צו שלאָגען.

מ י כ ע ל. דער אַלטער אויך אַזוי: ער קאָן אויך אַלץ.

מ ל כ ה. נור מיט׳ן מויל.

ל י י ו י ק. האָט ער דיר טאַקע געוואָלט עפּעס בעווייזען, אייזיק?

מ ל כ ה. ער איז היינט נישט צו שפּרעכען, דער מאַשינענ־מאַכער.

ז ע ל י ג. ניין.

ל י י ו י ק. איך שטעל מיר פאָר, ווי ער האָט איהם דאָר־טען גוט דערעסען.

ב ע ר ע. ער קאָן שוין דערעסען.

ה י ל י ע. מיר דערעסט ער נישט.

ט ע מ ע. דיר זאָל ער נאָך דערעסען.

ה י ל י ע. וואָס ווערסטו רויט?

ט ע מ ע. אַז איהר וועט זיך נאָך אַ מאָל ביידע צו מיר צו־ציעפּען, וועט איהר שוין ביי מיר גוט קריעגען.

ז ע ל י ג נעמט אַרום טעמען. וואָס, מיין טעמינקען ציע־פּעסטו? גלעט איהר איבער דער באַק. טעמינקע, דערצעהל מיר, וואָס האָבען זיי געוואָלט פון דיר.

ט ע מ ע שטויסט איהם אָב. לאָזט אָב, קאָמעדיאַנט.

א ר ק ע קומט אַריין.

מ ל כ ה. נו, אויף ניך וועגען די שכנות.

א ר ק ע קומט אַריין און געהט גלייך צו צו אייזיקען. נו, וואָס הערט זיך מיט דיין מאַשינע?

ז ע ל י ג. האָט זיך ניט אויסגעמאַשינקעט.

א ר ק ע. וואָס? עס קומט טאַקי גאָר נישט אַרויס? האָסט דו זי דאָ?

י אַ ש ק ע. דער הערר אינזשענער איז נישט צו שפּרעכען.

ב ע ר ע. דו שווייג, דו!

ז ע ל י ג שלעפּט דעם שטול פון אונטער אייזיקען.

א י י ז י ק אויפגעבראַכט. דו, קאָמעדיאַנט, זאָלסט זיצען רוהיג!

א ר ק ע. אָבער איך האָב איהם גלייך געזאָגט, ווי איך האָב נור אַ קוק געטאָן אויף זיין מאַכעריי, אַז ער האָט נישט וואָס צו זיי־צען און רייבען די צייט. איך האָב גלייך בעמערקט, אַז עס איז איין עברה זיין טרחה. און אַז איך האָב איהם געוואָלט עפּעס בע־ווייזען....

ל י י ו ו י ק. ווער? איהר האָט איהם שוין עפּיס געוואָלט בעווייזען?

א ר ק ע. אויף מיין עהרענוואָרט, אַז ער וואָלט מיך געלאָ־זען, וואָלט איך איהם עס געמאַכט אין איינס און צוויי.

ז ע ל י ג קרעהט אויס. קוקערעקו האָן!

י א ש ק ע. אַ פּטשיק!

ל י י ו ו י ק. ווי לאַנג זייט איהר דאָס געוואָרען אַזאַ מאַכער?

ס ע נ ד ע ר. ער קאָן עסען, קאָן ער.

א י י ז י ק דרעהט אויס דעם קאָפּף צום צימער. פרעגט ביי איהם... האַקט אָב און רעדט נישט מעהר.

ה י ל י ע. נו, נו, גיב ווערטער.

א ר ק ע זעצט זיך אויפ'ן ברעג טיש נעבען זעליגען. אָבער האָט ער מיידלעך שכנות!... געפינט גאָר קיין ווערטער נישט פאַר ענטציקען און מאַכט מיט דער רעכטער האַנד און מיט'ן קאָפּף.

ס ע נ ד ע ר. אַט יעצט הערט מען פון דיר אַ לעבעדיג וואָרט.

מ י כ ע ל און ב ע ר ע קוקען זיך איבער, שאָקלען מיט די

ל י י ו ו י ק. און יעצט נאָך, אז איך זעה א מאָל א גוט בילד, ווערט מיר אזוי אומעטיג, עס זיצט עפּעס אין מיר און ציעהט און ציעהט.

ז ע ל י ג. אָי, אין מיר אויך.

ה י ל י ע. אָך!

ל י י ו ו י ק. ניין, און איין אנדערס מאָל, ווען איך ליעג אזוי און טראַכט, וואָלט זיך מיר געוואָלט אזוי מאָלען....

ז ע ל י ג. און איך וואָלט אזוי געוואָלט זיין איין אקטיאָר.

ה י ל י ע. אפשר א קלאַאון אין צירק?

ז ע ל י ג. ניין, טאקי איין אקטיאָר. ארויסגעהן אויפ'ן סצענע און רעדען.... ער לעגט אַרויף די לינקע האַנד אויף דער ברוסט, די רעכטע העבט ער אויף אין דער לופטען, פערדרייסט דעם קאָפּ און דעקלאַמירט. „ווי ליעב ביזטו מיר, מיין טייער הארץ!“

ס ע נ ד ע ר. אָך, און מיר אויך.

ז ע ל י ג. „דו, ענגעל...“

ט ע מ ע. מיר ווילט זיך טאקי אויף צו־נ־אמת שפּיעלען אויפ'ן סצענע.

מ ל כ ה. ווי געפעלט אייך די ארטיסטקע?

ה י ל י ע. ווייסט איהר וואָס, פאַרט אייך ביידע צונויף און מאַכט — אַ טרופּע.

ז ע ל י ג. לאָזט זיך פלוצלונג אראַב אויף די קני פאַר טעמען

ט ע מ ע דערשרעקט זיך. אָי!

ז ע ל י ג שפּרייט אויס די הענד. קום אין מיינע ארעמס, דו קרוין פון מיין קאָפּ! מען לאַכט.

מ י כ ע ל און ב ע ר ע בעטראַכטען די סצענע מיט קאָפּ־שאָקלען. הינטער דער טיר דערהערען זיך טריט.

ז ע ל י ג שפּרינגט אויף. — מען אַרבייט.

מ י כ ע ל. א חברה איז דאָס א ביסעל.

ב ע ר ע. אין גם אחד צווישען זיי.

מ י כ ע ל. נישט ווערט וואָס די ערד טראָגט זיי.

ב ע ר ע. לאבוזעס, ליידאקעס.

בען נאָך נעבען איזיקען, זיי קוקען זיך אין די בערד פערזאָרגט און רע־ז'ען נישט קיין וואָרט.

א י י ז י ק  זעצט זיך צו דער אַרבייט.

מ י כ ע ל  קוקט איהם טרויריג אָן. איז גאָר נישט? — וואָס, אַ שווערע מאַשינקע? — דארף אַ סך דויערן? אַז ער קריגט נישט קיין ענטפער, זיפצט ער אָב און לאָזט וויעדער אַראָב די אויגען אין באָרד.

ב ע ר ע  זיפצט אויך אָב. דאַן געהען זיי ביידע צו זייערע וועב־שטולען; מיכעל נעבען איזיקס שטול, בערע צום וועבשטול רעכטס.

א ר ק ע  בעוויזט זיך אין דער טיר. בעמערקענדיג איזיקען גיט ער אַ מאַך מיט'ן קאָפּף ווי: אַהאַ, ער איז דאָ! מאַכט אַ בעוועגונג אַריינצוגעהן אין צימער, דערמאָנט זיך אָבער עפּעס און געהט אַוועק צוריק אין געשעפט.

ז ע ל י ג  מיט אַ לוסטיגען זיפץ. אָך, די מאַשינע האָט זיך ניט אויסגעמאַשינקעט.

מ ל כ ה.  דערווייל̇ע דריטהאַלבען טעג נישט געאַרבייט.

ה י ל י ע.  זאָל זיך איהם נישט וועלען זיין קיין אויס־טראַכטער.

ל י י ו ו י ק.  דאָס איז לייכט צו זאָגען. עס ווילט זיך נישט, עס ליעגט שוין אַזוינס אין דעם מענשען. איך וויים, אַז איך בין געוועזען אַ קליינער אינגעל, האָט זיך מיר שטאַרק געוואָלט ווערען אַ מאָלער...

ס ע נ ד ע ר.  אפשר אַ מיהלער און מאָלען מיט די ציין?

ל י י ו ו י ק.  וואו איך פלעג קריגען אַ שטיקעל פּאַפּיער, פלעג איך מאָלען: מענשען, סאָלדאַטען, פערד...

ה י ל י ע.  זיך הייסט עס.

ל י י ו ו י ק.  אין דער היים און אין חדר פלעגט מען מיך שלאָגען מכות אכזריות דערפאַר, ווייל איך האָב גאָר נישט געטאָן און נור געמאָלט. אַז מען האָט מיך אָוועקגעגעבען צו אַ שמוקלער, האָב איך געוויינט.

ס ע נ ד ע ר,  וויינענדיג. הו־אום.

א י י ז י ק קומט אריין, בלייך, טרויריג, ניעדערגעשלאָגען. אַ פרעהליכער „הורראַ!“ בעגריסט איהם.

ז ע ל י ג העבט אָן צו טראָמפּייטען מיט די ליפּען אַ מאַרש מאַ־כענדיג מיט די הענד ווי אַ קאַפּעלמייסטער.

י אַ ש ק ע און ט ע מ ע זינגען אונטער.

א י י ז י ק געהט אַרוים פון דעם רעדעל נאָך טרייעריגער און ניע־דערגעשלאָגענער און געהט צו דעם פאָרנסטען וועבשטול לינקס. קעמפּפט מיט זיך, נישט צו צושרייען זיך.

ב ע ר ע. וואָס איז עס מיט דיר, אייזיק? — וואו איז דיין נייע מאַשינע?

א י י ז י ק ענטפערט נישט.

ה י ל י ע. הפנים, אז מיט דער מאַשינע איז עס שוואַך.

א י י ז י ק, אַראָבוואַרפענדיג פון זיך דעם קאַפּעלוש, בייז און ביטער. שרייט „הורראַ“, שרייט!

ל י י וו י ק. איז נאָך די מאַשינע נישט פאַרטיג?

ה י ל י ע. איז זי נ אָ ך נישט פאַרטיג אָדער וועט זי קיינ־מאָל נישט פאַרטיג ווערען?

ז ע ל י ג. אָדער האָט די פלונית'טע ארויסגעטריעבען פון שטוב?

ס ע נ ד ע ר. אָדער דו ביזט שוין טראָגעדיג מיט אַ נייער מאַשינע?

א י י ז י ק, עוסקענדיג זיך ארום דער שטול, בייז. וואָס זייט איהר צוגעשטאַנען? וואָס איז עס אייער דאגה?

מ י כ ע ל. טאַקי, וואָס? וואָס? וואָס?

ז ע ל י ג. שאַ, אונזער אינזשענער איז נישט צו שפּרעכען. ששש, שטיל.... געהט אויף די שפּיץ פינגער, הויך העבענדיג די פיס.

אַ וועקער קלינגט: צייט צו אַרבייטען. מען צוגעהט זיך צו די פּלעצער. זעליג, הוליע, מלכה און טעמע ביים מיטעלטיש: זעליג לינקס, מלכה רעכטס, טעמע נאָך הינטען, הוליע נאָך פאָרנט; סענדער און לייוויק נעבען טיש ביים פענסטער: לייוויק נאָך הינטען, סענדער נאָך פאָרנט; יאָשקע ביים הינטערסטען טיש. מיכעל און בערע בלייַ־

גאָר אָן אויף זיי, אז זיי דארפען נישט ארבייטען. די געהען אוועק און ווילען גאָר צוריק נישט קומען, און דער — ווייזט מיטביידע הענד אויף מיכלען — לעגט זיך אוועק פּאָפען, איז איהם נישט אויפצואַוועקען, וואָלט ער אָבגעפּאָפּט דעם גאַנצען טאָג. נאַ, פון היינט אָן און ווייטער איז נישטאָ נישט קיין ווארמעס עסען געהן און נישט קיין שלאָפען.

מ ל כ ה. וועט איהר מסתמא העכערען די שכירות, הערר מייסטער?

ז ע ל י ג. וואָס? וואָס? וואָס נאָך ווערסטו ווילען? שכירות וועל איך אייך העכערן!

ל י י ו ו י ק און ס ע נ ד ע ר לויפען אָב פון פענסטער מיט געלעכטער.

ז ע ל י ג, שטאַרק פעראינטערעסירט, פאַלט אַרויס פון זיין ראָלע. וואָס איז דאָרטין געוועזען? וואָס איז דאָרטין געוועזען? לויפט צו צום פענסטער, זעהט אָבער גאָר נישט און ווענדט זיך ווידער צו די לאַכענדיגע סענדער און לייוויק. איז די אַלטע צוגעגאַנגען צום פענסטער? — וואָס לאַכט איהר? רעדט! נעמט ווידער אָן גאַלדינגס טאָן. און די וואָלטען א גאַנצען טאָג געשטאַנען ביים פענסטער און איבערגעקוקט זיך מיט מיידלעך! א חברה איז עס! נישט ווערט וואָס די ערד טראָגט זיי.

ל י י ו ו י ק, אויפהערענדיג צו לאַכען. פערשטעהסט, די אַלטע איז דורכגעגאַנגען, האָט ער...

מ ל כ ה און ט ע מ ע פון נעבען פענסטער. אייזיק געהט, אייזיק געהט! אַלע איילען צום פענסטער. מיכעל שטעהט אויף פון דער פאדלאגע. מען שרייט: ברוך הבא, אייזיק! שלום עליכם, אייזיק.... האָסטו די מאשינע?

ס ע נ ד ע ר. ער געהט דאכט זיך אָהן א מאשינע.

ה י ל י ע. ער געהט מיר עפּעס מיט איין אראָבגעלאָזענער נאָז. אַלע שטעלען זיך אויס געגען טיר.

ז ע ל י ג. מיר וועלען איהם מקבל זיין מיט א הורא און מיט א מארש.

געמאכט מיט איהר. העבט אויך אָן צו רעדען אויף שטום־לשון. פון הויף לאָזען זיך הערען אַ סך קולות און געלעכטער און ׳גלייך קומען אריין בערע, הילע, לייוויק, מלכה און טעמע.

ז ע ל י ג רייסט איבער זיין שטום געשפּרעך און ווענדט זיך צו די אריינקומענדיגע אין דעם אַלטען גאַלדיגעם קול. וואָס איז — וואָס איז — וואָס איז פאַר איין אופן? ווי קומט מען אַזוי שפּעט? נאַ, אז מען געהט אַוועק, ווערט מען גאָר פערפאַלען!

מ י כ ע ל זעצט זיך אויף. אויף אַ מינוט ווערט ער גאָר נישט שטום.

ב ע ר ע, אַ יאָהר 45, מיט אַ גרויסען געלען באָרד, אַ גרויסער, דיקער, פון שנאַפּס קארמעזינפּאַרביגער נאָז אויף אַ ברייטען קנאָכיגען פּנים, אין אַ לאַנגען, שוואַרצען, פּאַר אַלטקייט גרין געוואָרענעם און צו־ריסענעם ראָק, נעמט אַראָב זיין היטעל פון קאָפּף, טוט אָן איין אַלטע, פערשמאָלצענע, שפּיציגע סאַמעטענע יאַרמאַלקע, וועלכע ער נעמט אַרויס פון בוזים־קעשענע און מאַכט זיך צו טון נעבען דעם וועבשטול רעכטס.

ה י ל י ע, עטוואָס איבער צוואַנציג, מיט אַ נישט ריין געגאָל־טער מאָרדע, קליינע שוואַרצע וואָנצעלעך, דאָס שוואַרצע האָר קורץ אָב־געשאָרען, אין אויבערהעמד און קראַגען אָהן קראַוואַטע, אָנגעטאָן ריין און גאַנץ. זעצט זיך אַרויף אויף יאַשקעס טיש און נעמט זיך צונויפ־דרעהען אַ פּאַפּיראָס.

ל י י ו ו י ק, מיטען די צוואַנציגער, אָהן באָרד און וואָנצען, דער קאָפּף געדיכט בעוואַקסען מיט דונקעלבלאָנדע האָר, גוטמוטיגע אוי־גען, אָנגעטאָן ריין און גאַנץ אין אַ ווייס־גרויען אַנצוג, אויבערהעמד, קראַגען און האַלזטוך, געהט צו צום פענסטער נעבען סענדערן און קוקט אַרויס.

מ ל כ ה, איין עלטערע מיידעל, קאָקעט אָנגעטאָן מיט איין אָב־שטעהענדיגען קאָרסעט, נעמט אַראָב דעם טעלער פון טיש און שטעלט איהם אַוועק אויף אַ פּאָליצע.

ט ע מ ע, אַ יונג מיידעל, מיט אַ ביסעל פער׳חלום׳טען פּנים, בלייבט שטעהן מיט אַ ברייטען שמייכעל נעבען זעליגען.

ז ע ל י ג, אין זיין נייער ראָליע. אַ נייע הויט ציעהט זיך

באַ־אַ־שע! — די לאַנגע! אין צווייטען צימער? שיקט זי אהער. אהער שיקט זי — אין דעם זעלבען אַטעם שטילער — אין דיין טאטען אריין! — פערנומען? יעצט פערנומען?

ס ע נ ד ע ר. לאָז, איך וויל זי רופען אויף היינט פאר נאכט אין גאָרטען. שרייט. וואָס האָט איהר היינט ביי נאכט צו טון?

ז ע ל י ג. בעט זי אויף שבת אין גרויסען וואלד.

ס ע נ ד ע ר שרייט. טאָ קומט אין גאָרטען. אין דער לאַנגער אלעע. אין דער לאַנגער אלעע! אין דער לאַנגער!

ז ע ל י ג העלפט שרייען. אין דער לאַאַאַנגער — אין דעם זעלבען אַטעם שטילער — אין דיין טאטען אריין מיט דער מאַמען פערבייסען! הויך. און שבת אין גרויסען וואלד!

ס ע נ ד ע ר שרייט. ניין, שבת צו דראָביטשען.

ז ע ל י ג שלאָגט איהם. אין דר'ערד גנעה, אין וואלד איז בעסער. שרייט. אין וואלד איז בעסער! אמת, בעסער? ניין? צו דראָביטשען? טייטעלט מיט'ן פינגער. באשע אויך? אויך? איז גוט. טאָ טאנצען מיר. העבט אָן צו טראָמפייטען מיט די ליפען דעם וואלצער „די דאנוי וועללען“ און טאָנצט. די האַנד אויפגעהויבען און וויגענדיג אין דער לופטען, דעם אונטערקערפער אראָבגעצויגען און די פיס אונטערגעבויגען, דרעהט ער זיך איבער'ן צימער, ביז ער טאָנצט צו צום אַלטען מיכעל און פאַלט אויף איהם אַרויף.

מ י כ ע ל העבט איהם אָן אָבצושטויסען און צו בעאַרבייטען מיט די פיס.

ז ע ל י ג. פארדאָן, פארדאָן... טפררר! אַי, אַי, אַי.... נישט בריקען זיך, נישט בריקען זיך.

מ י כ ע ל. איך וועל דיר דעם קאָפ צושפאַלטען, קאָמעדריאַנט!

ז ע ל י ג אויפשטעהענדיג און אָבשטויבענדיג זיך. ער בריקעט זיך דאָך גאָר. לויפט צו צום פענסטער, וואו סענדער האָט עפּיס אָבגערעדט מיט זיין וויזאַווי אויף די פינגער, און שרייט אַרויס. אַי, איין אַלט פערד האָט מיך ערשט געבריקעט!

מ י כ ע ל מורמעלט. א פגירה אויף איהם.

ז ע ל י ג צו סענדערן. דערוויילע האסטו דאָ שוין עפּיס אָב־

בערסטער טייל איז אָבגעבראָכען. דאָס וועט איך זעהר געפעלען זיין, פראָשע פאנא.

זעליג צושרייט זיך מיט נישט דייטליכע טענער און ענדיגט מיט: לאבוזיע, פסיא קרעוו!

מיכעל, אויפגעוועקט פון שלאָף. הא, זעליגעל האָט זיך שוין צושפיעלט.

זעליג בלייבט זיצען מיט אַ וויכטיגען ערנסטען געזיכט, דרעהט זיך די וואָנצען און קוקט בייז אויף יאָשקען.

יאָשקע שטעלט צוריק אַוועק די פלאַש און זעצט זיך אויף זיין אָרט, אָננעמענדיג די פריערדיגע פּאָזע.

שווייגען.

סענדער פייפט אָב אַ פּאָר מאָל, ווי ער וואָלט עמיצען געגעבען אַ צייכען.

זעליג. נאַ, איך זאָל נישט האָבען מיין ווייַן נאָכ'ן עסען! נע, מעהר געה איך שוין אין דעם רעסטאָראַן ניכט עסען! שטויסט דעם טעלער פון זיך. קעלנער, צאָהלען!

מיכעל. אַ פּגירה זאָל ער איינגעמען, דער קאמעדיאַנט, ווי ער לאָזט מיר נישט שלאָפען.

זעליג דרעהט זיך זייַנע וואָנצען מיט אַ שטרענגער מיענע.

סענדער שרייט אַרויס פון פענסטער הויך, אָבער איינגעהאַלטען, מאַכענדיג מיט די הענד. וואו האָט איהר געשטעקט? ערשט אָבגעגעסען? אַ פּנים זיעבען געריכטען?

זעליג שפּרינגט אויף. וואָס? די דיקע? שפּרינגט צו צום פענסטער, וואו סענדער זיצט, קוקט אַרויס און העבט אָן צו מאַכען אַלערלייַ פערבויגונגען. גוטען טאָג, ווי געהט עס? צו סענדערן זי ווערט, דאכט זיך, פון טאָג צו טאָג דיקער.

סענדער. נעכטען זייט איהר נישט געוועזען ביי דראָביטשען אין דער טאַנץ־שול? ניין? געוועזען? אַ סך געטאַנצט?

זעליג צו סענדערן. פרעג ביי איהר, וואו איז באשע. שרייט אַרויס מיט איין איינגעהאַלטענער שטימע. וואו איז באשע?

זיין עסען; פאַר איהם שטעהט אַ טעלער מיט לעפעל, גאָפּעל און מעסער. אויפ'ן פאַרנסטען האַלב־אָפענעם פענסטער זיצט ס ע נ ד ע ר, קוקט אַרויס אין הויף און פייפט אונטער. פון זעליג'ס עלטער; קאַסטאַניענ־פאַרביג, מיט אַ שייטעל פריזירט האָר, רייין געגאָלט, מיט דיקע, פער־דרעהטע רויטליכע וואָנצען; אין פאַרהעמד און קראַגען און קליינער קראוואטע, אין וועסט און רעקעל. צווישען די ביידע וועבשטולען לינקס ליעגט מ י כ ל דער אַלטער, גאַנץ גרוי מיט אַ מישונג פון געלע האָר, אַהן אַ ראָק, אין איין ארבע כנפות איבער'ן העמד, וואָס איז אָפען אויף דער ברוסט. ביים הינטערסטען טיש זיצט י אַ ש ק ע, אַ אינגעל פון אַ יאָהר 14—15, דעם קאָפּ אָוועקגעלעגט אויף דער לינקער האַנד, און דרעהט אום אויפ'ן טיש מיט אַ בלייפען, וועלכע ער האַלט אין דער רעכ־טער האַנד. ער טראָגט גרויסע שטיבלעטען פון אַ דערוואַקסענעם. — פון געשעפט הערט מען אָפט דאָס קלינגען פון אַ גלעקעל, וואָס איז צו־געשלאָגען צו דער גאַסטיר.

ז ע ל י ג ענדיגט דאָס עסען, שפּאַרט זיך אָן אָן וועגטעל פון שטול, רייניגט זיך די ציין מיט אַ שוועבעלע, בלאָזט פון זיך און ווענדט זיך צו יאַשקען אויף „דייטשמעריש", מאַכענדיג איין ערנסט געזיכט. קעלנער, אַ פלאַשע פּאַרטוויין! — אבער שנעל, איך קאַנן נישט וואַרטען. אבער, קעלנער!

י אַ ש ק ע, קוים ריהרענדיג זיך. זאַראַז, פּראָשע פּאַנאַ. זוכט אַרויס פון צווישען קאַמין די קעראָסין־פלאַש און ברענגט זי איהם, פויל געהענדיג און שטאַרק קלאַפּענדיג מיט זיינע גרויסע שיך. דאָ האַ־בען זי, שמעקט נור אביסעל מיט קעראָסין.

ז ע ל י ג מאַכט איין אונצופריעדענע מיענע. מיין הערר, וואָס ערלויבען זי זיך! ווענן זי קיין פּאַרטוויין האבען, דאַ ברענגען זי מיר באָרדאָ אָדער שאטא לאַפּפּיק.

י אַ ש ק ע. שאַדע, לאַ־פּפּוי־איק? זאַראַז, פּראָשע פּאַנא, דאָס האָבען מיר פון דעם בעסטען סאָרטע.

ז ע ל י ג. אבער שנעל!

יאַשקע, שווער און קוים בעוועגליך, שלעפּט אַרויס פון הינטער דעם קאַמין אַ פון בוימאויל שמוציגע ביערפלאַש, פון וועלכער דער אוי־

ב י י ל י ע גערט אום און קוקט אפילו אויף זיי נישט.
ה י נ ד ע. דאָס איז דאָך דער יונגער גאָלדין?
ב י י ל י ע ענטפערט נישט און קוקט נישט אויף איהר.
ה י נ ד ע. אזא מין פראַנט איז ער. גאָר נישט ווי זיין טאַטע.
ב י י ל י ע. זיי זיינען ביידע זעהר גוט. אזא יענע וועלט זיי.
ה י נ ד ע. געגאָלט, גערדרעהטע וועגסעלעך.... מאַכט אַ בעווע־גונג מיט ביידע העגד איבער דער אויבערסטער ליפּ, גלייך זי וואָלט זיך פערדרעהט די וואָנצען. די שליאַפּע אויף אַ זייט. מאַכט אַ בעוועגונג מיט ביידע הענד איבערן קאָפּ, ווי זי וואָלט אַנגעבויגט דעם הוט אויף אַ זייט.
ס אָ ס י ע. גאָר מעשה פּריץ.
ה י נ ד ע. מיט רינגען אויף די הענד. האָט איהר געזעהן, וויפיעל רינגען ער טראָגט?
ב י י ל י ע, אונגעדולדיג, בייז. איך האָב אַנדערע דאגות אויפ'ן קאָפּ, ווי צו צוקוקען זיך, וויפיעל פינגערלעך ער טראָגט.
ה י נ ד ע, ווי נישט זי מיינט מען. און וואָס פאר אַ שטיבע־לעטלעך...
ב י י ל י ע, אויסשרייענדיג. און איהר האָט שוין קיין אַנ־דער קאָפּ־וועהטאָג ניט!
ד אָ ב ע בעוויזט זיך אין דער טיר, צו די טעכטער. וואָס האָט איהר זיך שוין ווידער דאַ אוועקגעשטעלט? איהר האָט נישט וואָס צו טון?
ב י י ל י ע. האָבען זיך אוועקגעשטעלט ארומשרייבען, ווי גאָלדינס בן־אָקעל איז אָנגעטאָן. קיין אנדערע דאגות האָבען זיי שוין נישט.
ד אָ ב ע, אַרויסטרייבענדיג די טעכטער. געהט, טוט, וואָס איהר דאַרפט טון, ווארום איך וועל נעמען אַ ווילקע...
ב י י ל י ע. ווי זיי דערזעהן אַ פאָר הויזען, ווערען זיי פער־ברענטע. געהט אום און שיעסט בליקען אויף אייזיקען.

א ר ק ע  קלאַפּט אייזיק'ען מיט'ן עלענבויגען. דו האָסט דאָך עפּיס גאָר נישקשה'דיגע שכנות. מען דאַרף גאָר אָנהעבען ווערען ביי דיר איין אָפּטער אריינגעהער.

ב י י ל י ע. יענמאָלט וועלען זיי שוין גאָר נישט ארויסגעהן פון אונזער צימער.

א ר ק ע  דרעהט זיך די וואָנסעלעך. בין איך ווירקליך טאַקי איין אינטערעסנער קאַוואַליער?

ב י י ל י ע. אַט ביי זיי מאַכט עס א ודאי אויס — א גאַנז, איין ענדיג, אבי איין עוף...

א ר ק ע  צו אייזיקען. דיין ווייב קאָן גאָר קיין קאָמפּלי־מענטען נישט מאַכען.

ב י י ל י ע  שטעכעדיג. איך האָב ליעב צו זאָגען דעם אמת.

ג ע ל י ע  אין אַ געלען היטעלע, בלויען קלייד און העלער פּע־לערינע געהט דורך פון איהר צימער, מיט אַ קליינעם פּעקעל אונטערן ארם.

א ר ק ע  שטעהט אויף. נו, טאָ זאָלסטו קומען צו דער אר־בייט. ביזטו מאָרגען אין דער פריה נישטאָ, קאָנסטו זיכער זיין, אַז מיר זעצען איין אַנדערן און מאָגסט שוין גאָר נישט קומען. איילט אַרויס נאָך געליען.

ב י י ל י ע  בלייבט שטעהן אין דער הינטערטיר, שטאַרק פּעראינ־טערעסירט, ווי זיי וועלען בידע צוזאַמען ארויסגעהן.

א ר ק ע  עפענט אויף די גאַסטיר און לאָזט אַרויס געליען פאָר־אויס: ביטע זעהר, א דאַמע פאָראויס.

ה י נ ד ע  און סאָסיע קומען ארויס פון זייער צימער.

א ר ק ע  נעמט אַראָב דעם הוט און פערבויגט זיך: גוטען טאָג,

ה י נ ד ע  און ס אָ ס י ע  לאַכען. גוטען טאָג, גנעדיגער הערר!

ב י י ל י ע  דרעהט זיך אַוועק פון דער טיר מיט כעס און עקעל, אויסשפּייענדיג, און שלינגט אַראָב אַ זידעלוואָרט.

ה י נ ד ע  און ס אָ ס י ע  קומען אַריין.

א ר ק ע קוקט ווידער אַריין אין אייזיקס אַרבייט. נו, ווען וועט שוין ביי דיר זיין א סוף?

א י י ז י ק דריקט מיט די אַקסלען.

א ר ק ע. וואָס דריקסטו מיט די אַקסלען, וואָס? דער טאַטע האָט מיך געשיקט זאָגען דיר נאָך א מאָל, אז ער וועט אוועק־זעצען איין אנדערן אויף דיין אָרט. ער לאַכט נישט. ער מיינט דאָס ערנסט.

א י י ז י ק דריקט ווייטער מיט די אַקסלען.

ב י י ל י ע. דריקט מיט די אַקסלען, דריקט ער.

א ר ק ע. האָסט ניט וואָס צו דריקען מיט די אַקסלען. היינט אָדער מאָרגען זאָלסטו קומען צו דער ארבייט. מען דאַרף נישט דיינע מאַשינעס, פערשטעהסטו מיך. און אז מען וועט דאַרפען, וועט מען אויסקלערען אָהן דיר. זאָלסט קומען ארבייטען. צו ביילען. איהר זאָלט זעהן, אז ער זאָל קומען ארבייטען, מען וועט געוויס אוועקזעצען איין אנדערען.

ב י י ל י ע. איך טענ'ע שוין מיט איהם די גאַנצע דריי טעג.

א ר ק ע העבט זיך אויף אַוועקצוגעהן. איראָניש. די „מאַ־שינע“, אז ער וויל שוין, קאָן ער מאַכען ביי דער נאַכט, מאָג כאָטש די גאַנצע נאַכט זיצען.

צ י פ ע בעוויזט זיך אין טיר מיט ביידע קאָשיקעס. זאָלסטו שוין געהן.

ג ע ל י ע בעוויזט זיך אויך אין טיר מיט דער לינקער זייט, צוקנעפענדיג אויף זיך אַ בלוזע און וואַרפט אַ בליק אויף ארקען. גוט, גוט, זעהסט דאָך, אז איך טו מיך אָן.

צ י פ ע שפּרייזט ארום בורטשענדיג. נו, איין עסען איז דאָס געוועזען. אלץ רוי!

א ר ק ע זעצט זיך ווידער. צו געליען. וואָס זייט איהר עפּיס ענטלאָפען, פרייליין?

ג ע ל י ע. איך האָב געוואָלט ענטלויפען, בין איך ענטלאָפען.

א ר ק ע. מיידלעך בייס איך נישט.

ג ע ל י ע. איך האָב פאַר בייסען קיין מורא נישט, איך האָב אַליין ציינער. פערשווינדט צו זיך אין צימער.

פ י נ י ע שנעל. די ערד איז געשטאָרבען, גאָט איז גע־שטאָרבען....

א ר ק ע. זייט איהר געוועזען ביי זיין לויה?

פ י נ י ע. געוועזען.

ה י נ ד ע און ס אָ ס י ע לאַכען.

א ר ק ע. וואו האָט מען איהם בעגראָבען?

פ י נ י ע. אין טויטען הימעל.

א ר ק ע. און בעשאָטען?

ב י י ל י ע. אייער טאטע האָט דאָס געדאַרפט הערען.

א ר ק ע. מיין טאטע וואָלט דער ערשטער אריינגעוואָרפען עפּיס אין צדקה־פּושקע, אז גאָט וואָלט געשטאָרבען.

ב י י ל י ע. סיידען אזוי. צו די מיידלעך העפטיגער. און וואָס „לאַכעט" איהר? מען מאג דען גאָר אויסהערען אזעלכע ווערטער? לאַכען!

ה י נ ד ע לאַכט. ניין, ווי דער אלטער ענטפערט אָב.

ב י י ל י ע בייז. איז וואָס איז פראן צו לאַכען פון וואָס א משגענער רעדט?

ד אָ ב ע קומט אריין, אָנגערוקט. האָבען זיך אוועקגעשטעלט און שטעהען. געהט צו צום אויוועו.

ב י י ל י ע. יענער רעדט און זיי לאַכען.

ד אָ ב ע צו די טעכטער. וואָס שטעהט איהר דאָ? איך וועל נעמען די ווילקע, וועל איך אייך...

ה י נ ד ע שאַרף. דו ווילסט דאָך עפּיס טון אין אויווען, טיק טו, וואָס דו ווילסט.

א ר ק ע. די מאמע קען געבען מיט דער ווילקע, האַ?

ד אָ ב ע נעמט אַרויס דאָס טעפּעל. נו, קומט עסען, קומט. אין טיר. איך גיס שוין אריין אין טעלער.

ה י נ ד ע און ס אָ ס י ע געהען נאָך, אָהן חשק.

א ר ק ע שרייט זיי נאָך. מיט א גוטען אפּעטיט!

ה י נ ד ע און ס אָ ס י ע אין טיר, לאַכענדיג. א דאנק! אב.

ב י י ל י ע. האָבען זיך אוועקגעשטעלט די...

ה י נ ד ע. גוט, גוט. ווענדט זיך צו ביילינען, ווייזענדיג איהר איהר אַרבייט. זעהט נור אַ העמד...

ד אָ ב ע פערשווינדט בורטשענדיג. האָבען זיך אוועקגעשטעלט....

א ר ק ע. וואַרט, וואַרט... דאָס נעם אהער... ניין, דו מאַכסט שלעכט. אַך, איך זאָג דיר, דאָס נעם אהער... וואָס אַרט דיך, הער מיך, איך זאָג דיר... האַלט אייזיקען מיט דער לינקער האַנד און מיט דער רעכטער נעמט ער די מאַשינקע.

א י י ז י ק מיט איינגעהאַלטענעם כעס און שטאַרק ליידענד. אַך, לאָז צורוה. דו ווייסט נישט, וואָס איך וויל.

א ר ק ע. דו ווייסט נישט, וואָס דו ווילסט, איך פערשטעה שוין גראָד.

א י י ז י ק. ארקע, גנוג, זעה, איך בעט דיך.

א ר ק ע קלאַפּט איהם איבער'ן קאָפּ. ביזט אַ חמור, האָסט אַ פערשטאָפּטען קאָפּ. צו די מיידלעך. ווי איך בין אַ איד, אַז איך פערשטעה שוין די מאַכעריי בעסער פאַר איהם. ער וואָלט מיך געלאָזען, וואָלט איך עס איהם אויפגעמאַכט אין איינס און צוויי.

ה י נ ד ע קאָקעט. דאָס דוכט זיך איך נור אַזוי.

א ר ק ע, העזה'דיג. ווילט איהר, וועטען מיר, אַז איך בעווייז אייך נאָך אַ גרעסערען קונץ.

ה י נ ד ע. דהיינו.

א ר ק ע. צופיעל מענשען אין שטוב.

ה י נ ד-ע און ס אָ ס י ע ווערען רויט און מאַכען בעשיידענע און בעליידיגטע געזיכטער. הינדע מאַכט מיט'ן מויל און ווענדט זיך צו ביילינען, ווי זי וואָלט איהר עפּיס וועלען זאָגען.

א ר ק ע קוקט אויף די מיידלעך מיט נצחון און קוועלט, בעמערקט פּיניען און ווענדט זיך צו איהם שקאָצעוואַטע. נו, רב פּיניע, ווער איז געשטאָרבען?

פּ י נ י ע העבט אויף איהם אויף די אויגען און לאָזט זיי גלייך ווידער אַראָב און רעדט אַרויס שנעל. דער הימעל איז געשטאָרבען.

א ר ק ע. און ווער נאָך?

א ר ק ע, וועלכער איז דערווייל̇ע צוגעגאַנגען צו אייזיק'ען. און ער זיצט און ארבייט און ס'ארט איהם גאָר נישט. מאַלאַדיעץ! ווי שטעהט עס מיט דיין אַרבייט?

א י י ז י ק, שוואַך אַרויסרעדענדיג. איך ווייס נאָך נישט.

ב י י ל י ע. דער שד ווייס עס. ער ווייס טאַקי אַ סך זאכען!

ס אָ ס י ע. אַז ער וואָלט נישט וויסען, וואָלט ער דאָך נישט געאַרבייט.

ב י י ל י ע. דער משגענער!

א ר ק ע בויגט זיך איבער איבער'ן טיש. בעוויייז נור, וואָס מאַכסטו אַזוינס. — דאָס איז פאַר טעמליאַקעס? — העבט אויף אַ רעדעל. וואוהין געהערט דאָס? העבט אויף נאָך אַ טייל און פּאַסט צו צום רעדעל. דאָס געהט אהער? — נו, רב מאָשע, גיב ווערטער.

ה י נ ד ע לאַכט און סאָסיע האַלט אונטער.

א ר ק ע. שטעהסט יעצט שמנה עשרה, טאָרסט נישט רעדען?

ה י נ ד ע און ס אָ ס י ע לאַכען נאָך מעהר.

ב י י ל י ע. אַנדערע מאָגען רעדען און לאַכען, וויפיעל זיי ווילען, וועט ער זיך דערפון נישט אויסמאַכען. אָט איך זאָל זאָגען אַ וואָרט, וועט ער אויף מיר גלייך אָנפאַלען, ווי אַ משגענער הונט.

א ר ק ע נעמט אַ קיילעכדיג העלצעל און שפּאַרט ערגיץ אין אַ לאָך פון דער מאַשינקע, וועלכע אייזיק האַלט אין דער האַנד.

א י י ז י ק נעמט עס אַרויס פון ארקעס האַנד, לעגט עס אַוועק און טוט זיך זיינס.

א ר ק ע קוקט זיך ווייטער צו צו דער אַרבייט.

ב י י ל י ע. קיינער שטערט איהם נישט, נור איך שטער איהם.

ד אָ ב ע אין טיר צו די טעכטער. וואָס שטעהט איהר דאָ? איהר האָט קיין שטוב נישט? געהט זעצט אייך ביי אייך אין שטוב און זיצט.

ד ָא ב ע  צו די טעכטער. מיר צָאלען שוין גָאר קיין דירה־געלד נישט. אונזער טעפּעל דארף שוין גָארנישט צוגעשטעלט ווערען.

ב י י ל י ע, אָנווייזענדיג אויף ציפּען, דָאס איז זי אַלץ, אַלץ זי. הָאט פערנאַנדערגערוקט אַלע טעפּלעך...

צ י פּ ע. זָאלט איהר אַזוי הָאבען אייערע הענד...

א ר ק ע ג ָא ל ד י ן  בעווייזט זיך אין דער הינטערטיר. אַ בחור פון אַ יאָהר פינף — זעקס־און־צוואַנציג, אָנגעטאָן מעשה פּראַנט, געגאָלט, מיט פערדרעהטע וואָנסעלעך, אין אַ גרויעם געהראָק און העלע קאַמאַשען, דער געלער האַרטער קאפּעליוש אויף אַ זייט, אַ שטעהקראַגען מיט אַ בונטער קראַוואַטע, אין וועלכע עס שטעקט אַ דימענטענע שפּילקע; אויף די פינגער פוןביידע הענד רינגען, און אין די הענד אַ גראָבער שטאָק מיט אַ גרויסען הירשענהאָרענעם קאָפּ. ער בלייבט שטעהן אין טיר און רופט אויס: אָ הו, אָ הו, וואָס איז דָאס פאר אַ ירידל! דָאס געשריי פון די ווייבער לעגט זיך. געליע פערשווינדט צו זיך אין צימער, ציפּע נעמט אַרוים דָאס טעפּעל און געהט אַוועק נאָך געליען. דאָבע שטופּט די טעכטער צו דער טיר, נור זיי מאַכען זיך בעשעפטיגט מיט זייער אַרבייט און בלייבען שטעהן. ביילע נעמט אַרוים עלינקען, וועלכער האָט שוין דערגרייכט די העכסטע נאָטען, זעצט איהם אַוועק אויף די לינקע האַנד און קלאַפּט איהם אָן אין די ווייכע טיילען, דאַן לעגט זי איהם אַוועק אויף די הענד און שאָקעלט איהם, אומגעהענדיג איבער׳ן צי־מער. אייזיק בויגט זיך נאָך מעהר איבער זיין אַרבייט.

א ר ק ע, אַריינטרעטענדיג אין צימער, לוסטיג. עס איז דאָך דאָ גאָר פריילעך!

ה י נ ד ע  לאַכט און סאָסיע האַלט איהר אונטער.

ב י י ל י ע. אויף מיינע שונאים געזאָגט געוואָרען אונזער פריילעכקייט! אז גאָט וויל אימיצען שטראָפען, שמייסט ער איהם מיט אַלע בייטשען... טאָמער האָבען נאָך אונז געפּעהלט גוטע שכנים...

צ י פ ע  מיט היץ. זאָל איך אזוי לעבען, ווי איך האָב מיך צו אייער טעפּעל נישט צוגעריהרט...

ב י י ל י ע, אָבגעהענדיג פון וויעגעל, צו דאָבען. וואָלט איהר זעהן, האָט פערנאַנדערגערוקט אַלע טעפּלעך... געהט צוריק צום נישט.

ג ע ל י ע. און ווען זי האָט אַריינגעשטעלט דאָס טעפּעל אין זשאַר, איז וואָס? זי מוז דאָך אָוועקגעהן און איהר זייט אַ היי־מישע. איהר דאַרפט היינט אייזיקען נישט טראָגען עסען. אי־ראָניש. ער זיצט דאָך מיט זיינע מאַשינעס.

ב י י ל י ע, אומגעהענדיג אויפגערעגט נעבען וויעגעל, פּעררו־קענדיג דאָס האָר און פערבינדענדיג בעסער דאָס קאָפּטיכעל. די אַנדערע זיינען אויך מענשען, דאַרפען אויך עסען! צו געליען. און זיינע מאַשינעס זיינען נישט אייער קאָפּוועהטאָג, פערשטעהט איהר מיך!

ד אָ ב ע, בעשעפטיגט מיט איהר טעפּעל. איך ווייס מעהר נישט, אז מיין טעפּעל האָט זיך נישט אָנגעהויבען צו קאָכען.

ג ע ל י ע  שטעכעדיג. זעה, אַקאָרסט, ווי זי איז דאָס אויפ־געבראַכט געוואָרען, מען האָט אָנגעריהרט איהר מאַנס מאַשינעס....

ב י י ל י ע. וועגען מיין מאַנס מאַשינעס דאַרפט איהר נישט רעדען.

ג ע ל י ע. אי, אי, אי...

ה י נ ד ע און ס אָ ס י ע מיט האַנדאַרבייט אין די הענד קומען אַריין פון דער הינטערטיר. הינדע איז אַ מיידעל פון אַ יאָהר איין און צוואַנציג, סאָסיע פון אַ יאָהר זיעבצעהן. הינדע איז קאָקעט פערקעמט. איהר שוואַרצע מיט גרויסע ווייסע פּינטעלעך בלוזע און איהר קלייד זיי־נען שוין היבש אָבגעטראָגען, אָבער געהען צום געזיכט. דער הויכער קראַגען פון דער בלוזע נעמט ענג אַרום איהר האַלז און איז געקנעפּעלט לינקס אויפ׳ן אַקסעל. סאָסיע מאַכט נאָך אין אַלץ דער עלטערער שוועס־טער, זי איז נור אַ ביסעל אָבגעלאָזען.

ה י נ ד ע. שאַ, וואָס איז עס פאַר אַ מין חתונה!

ב י י ל י ע, אַלץ נאָך נישט פאַרטיג ווערענדיג מיט איהרע האָר. זי רעדט אויך וועגען זיינע מאַשינעס!

פאַרנאַנדער אַלע טעפּלעך און רוקט אַריין אייער טעפּעל אין רעכ־טען סאַמען זשאַר! ? דעם אַנדערנס טעפּעל דאַרף זיך גאָר גיט קאָכען? מיר דאַרפען שוין גאָר קיין וואַרמעס נישט עסען?

ציפּע, מיט שטעכעדיגער איראָניע, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּף. אָי, ביילינקע, ביילינקע! מען דאַרף דאָך האָבען אַ האַרץ פון אַ גזלן...

געליע, אַ מיידעל פון אַ יאָהר פינף און צוואַנציג, אין איין אויפגעשפּיליעטער ווייסער בלוזע מיט אַ נישט־געענדיגטער זאָק אין די הענד, בעווייזט זיך אין ציפּעס טיר. וואָס איז עפּיס שוין ווייטער?

ציפּע. מיינסטו, אז דער וואַרמעס איז שוין פאַרטיג? וואו, עס העבט זיך גאָר נישט אָן! וואַרום וואו, מיינסטו, איז גע־שטאַנען אונזער טעפּעל? קום זעה אַ טשיקאַווע. איך עפען אויף דעם אויוועז — דאָס טעפּעל שטעהט אויפ'ן רעכטען פּריפּעטשיק...

ביילע שטעהט אויף און לעגט אַריין עלינקען אין וויעגעל. עלינקע צושרייט זיך, און זי וויעגט איהם. און איך וועל דאָס אַלע מאָל אַזוי טון. די אַנדערע זיינען אויך מענשען, דאַרפען אויך עסען.

דאָבע קומט אַריין. וואָס איז שוין עפּיס דאָ מיט די טעפּלעך?

ציפּע. איהר פערשטעהט, איך דאַרף שוין אַוועקגעהן, קום איך צו צום אויוועז, שטעהט מיין טעפּעל...

ביילע לויפט צו צו דאָבען. האָט פאַרנאַנדערגערוקט אַלע טעפּלעך, און אַריינגעשטעלט איהר טעפּעל אין רעכטען סאַמען זשאַר... לויפט צוריק צום וויעגעל און וויעגט.

דאָבע רוקט זיך צו צום אויוועז און עפענט איהם אויף. זעה, און מיין טעפּעל שטעהט שוין גאָר נעבען זאַסלינקע! מיין טעפּעל דאַרף זיך שוין גאַרנישט קאָכען.

ביילע, אַנווייזענדיג אויף ציפּען. דאָס איז זי יעצט גע־וועזען ביים אויוועז.

שווייגען.

ג י ש י נ ק ע. טאטע, מאכסט א מאשינקע? — —א גוטע מאשינקע מאכסטו? — — וועלען זיך די רעדעלעך דרעהען? — — וועסט מיר בעווייזען די מאשינקע? נעמט דאס לאנגע שטעקעל מיט די לעכעלעך. וואס איז דאס, טאטע?

א י י ז י ק. לאז ליעגען, טשעפע נישט.

ג י ש י נ ק ע. דאס איז אויך א מאשינקע? עסט איהר ברויט.

שווייגען.

ג י ש י נ ק ע. וועלען מיר באלד עסען ווארמעס?

א י י ז י ק. יא, גישינקע, יא. שטעה נור רוהיג.

ב י י ל י ע, בייז. געה אוועק פון איהם! וואס האסטו דיך אוועקגעשטעלט דורען א קאפ?

ג י ש י נ ק ע בלייבט א ווייגע שטעהן אנגערוקטערהייט און דאן געהט זי אב פון אייזיקען, העבט אויף איהר קוקלע, זעצט זיך צו נעבען אייזיקען אויף דער ערד, שפיעלט זיך און רעדט דערביי צו: באלד ווארמעס עסען... דיר אויך געבען... שטיל זיין... באלד העבט זי זיך אויף און געהט ארויס.

שווייגען.

צ י פ ע בעוויזט זיך אין איהר טיר, בלייבט שטעהן און רעדט אריין אין איהר צימער. עס מוז שוין זיין פארטיג. איך האב דאך מעהר קיין צייט נישט. געהט צום אויווען, עפענט איהם אויף און וויל ארייגרוקען א ווילקע. זעה, ווער האט זיך שוין א קער געטאן? ווארפט א גיפטיגען בליק אין ביילי'עס זייט. וואס זאגט מען דערצו? דאס איז דאך... עוסקט זיך אין אויווען. אבדארען זאלען יענעם די הענד, רבונו של עולם! דאס איז דאך א מין רשעות, וואס פער־לויפט זיך נישט. נעמען און לכתחילה ארויסרוקען מיין טעפעל נאר פון פארנט. יעצט געה נעם עס. איך דארף שוין אוועקגעהן און דאס פלייש האט נאך נישט אנגעהויבען צו קאכען. שטעלט אוועק די ווילקע. איך וואלט מעהר נישט וועלען וויסען, וועמעס מלאכה דאס איז.

ב י י ל י ע, מיט כעס. און ווי נעמט מען עס און מע רוקט

ב י י ל י ע. זאָלסט אוועקגעהן פון מיר, הערסטו! גיט זי אַ שטויס.

ג י ש י נ ק ע פאַלט און צואווייינט זיך שטאַרק.

א י י ז י ק לעגט אַוועק די אַרבייט, בלייך, אויפגערעגט, וואַרפט אַ בייזען בליק אויף ביילי׳ען, שטעהט אויף, געהט צום שראַנק, נעמט אַרויס דאָס ברויט, שניידט אָב אַ שטיקעלע און גיט גישינקען. נאַ, גי־שינקע, און וויין נישט, באַלד וועלען מיר עסען וואַרמעס. שטעה אויף און וויין נישט. ער העבט זי אויף און געהט צוריק אויף זיין אָרט. ער האַלט אַ ווײַלע דאָס געזיכט אין ביידע הענד און דאַן נעמט ער זיך ווידער צו דער אַרבייט.

ג י ש י נ ק ע, אין איין האַנד דאָס ברויט, די אַנדערע אין קעפעל, געהט צו צו אייזיקען, שפּאַרט זיך אָן אָן זיין קני און עסט שלוכ־צענדיג.

ב י י ל י ע ווישט זיך די אויגען, דעם קאָפּף אויסגעדרעהט צו דער וואַנד. זי וועט זיך נאָך אָנוויינען, אז זי וועט באַלד גאָר נישט האָבען וואָס צו עסען. אַי, מיין לעבען, מיין לעבען! ברעכט אויס אין אַ יאמער.

א י י ז י ק אַרבייט צוערשט זעהר נערוועז, דאַן לעגט ער אַוועק זיין אַרבייט מיט אַ שטאַרקען קלאַפּ און שפּאַרט זיך אָן אָן ווענטעל פון זיין שטול, קוקענדיג פאַר זיך אין די וויַיטענים, מיד און אָבגעמאַטערט, די הענד אַריינגערוקט אין די הויזענקעשענעס.

ב י י ל י ע האַלט איין דאָס וויינען און טריקענט זיך די אויגען.

ג י ש י נ ק ע וויינט שוין נישט מעהר און עסט רוהיג איהר ברויט.

שווייגען.

ג י ש י נ ק ע. וועלען מיר באַלד עסען וואַרמעס?

א י י ז י ק שווייגט.

ג י ש י נ ק ע. טאַטע, וועלען מיר באַלד עסען וואַרמעס?

א י י ז י ק זעצט זיך אויף. יאָ, גישינקע, יאָ. העבט ווידער אָן צו אַרבייטען.

וויכנע. ער הערט, נישט קשה. קלאפּט אייזיק׳ען איבער׳ן אקסעל. איז ארבייט טאקי, מאכט אויף א גוטע מאשינע, בעקומט פאר איהר א סך געלד און צאָלט אייך טאקי מיט מיר פארנאנדער. שטעהט אויף. נא, און איך וועל שוין יעטצט געהן. שוין א צייט, אז איך בין אוועק פון קראָם. דאָ א ביסעל זיטצען און דאָ א ביסעל זיטצען און אזוי פערפליהט די צייט. נא, א גוטען טאָג אייך!

ביליע. א גוט יאָהר אייך, וויכנעטשקע!

וויכנע טרייסלענדיג אייזיקען. א גוטען טאָג אייך, אייזיק. ענטפערט אָב, אז מען זאָגט אייך א גוטען טאָג.

אייזיק. א גוטען טאָג אייך, וויכנע, א גוטען טאָג!

וויכנע. נא, א גוטען טאָג. געהט ארויס.

שווייגען.

ביליע ווישט זיך די אויגען. שוין זעקס רובעל. — באלד וועט זי אויפהערען. עס איז א גוטסקייט פון איהר, אז זי האָט אָנגעגעבען אויף אזוי פיעל. — וויינענדיגער. און די שטעל אויך נאָך אָנווערען. צואווײנט זיך.

שווייגען.

אייזיק ארבייט נערוועז.

ביליע ווערט שטילער און שטילער.

גישינקע לויפט אריין. מאמע, איך וויל עסען.

ביליע טריקענט זיך די אויגען.

גישינקע העבט זי אָן צו ציהען פאר דאָס קליידעל. איך וויל עסען. גיב מיר עפּים עסען.

ביליע, א שטוים טועגדיג זי פון זיך. אוועק פון מיר!

גישינקע דערשראָקען. איך וויל עסען.

ביליע. נא, געה, אונטערן אלמער שטעהט דער טעלער מיט׳ן מישיאק, נעם און עס דאָס אויף, וועל איך כאָטש פון דיר פּטור ווערען.

גישינקע. איך וויל קיין מישיאק נישט. איך וויל עסען. מישיאק איז פאר מייז. גיב מיר עפּעס. איך וויל א שטיקעל ברויט. שלעפּט ווייטער ביליען פאַר דאָס קלייד.

געטענ׳עט: „טראָג עס אריין און טראָג עס אריין צו מאַשקעווי־טשען אָדער צו לעווינען. וואָס דוקא האָט דיר אָנגעשפּאַרט גאָל־דינקען?“ און ער — ניין. ער מוז זיי האָבען נעבען זיך. ער אַרבייט ביי גאָלדינג׳ען, מוזען זיינע מאַשינעס דאָרטין אויך זיין. ער קאָן זיך מיט זיי נישט צושיידען.

**א י י ז י ק** בלייבט שטעהן און לעגט אַרויף די רעכטע האַנד אויף די שטערן. באַלד געהט ער צו אויף גיך צום טיש, שאַרט דאָרט אַריבער אַלע רעדלעך און קלעצלעך אויף די לינקע זייט, זעטצט זיך און העבט אָן צו אַרבייטען. — וויכנע און ביילע בעגלייטען איהם מיט די אויגען.

**ו ו י כ נ ע.** אָט אַזוי אַ, זייט אַ מענש, זעטצט זיך אַנידער און ענדיגט אייער אַרבייט און זעהט בעקומען פאַר איהר אַ גוטע מטבע. די מאַשינקע מאַג כאָטש אַוועקפאַהרען אונטער די הרי חושך. דאָס געלד וועט אייך צוניטץ קומען, נישט קשה. וועט מיר אָבצאָלען, וואָס מיר קומט — איהר ווייסט, אז איהר שטעהט שוין ביי מיר אין זעקס רובעל?

**ב י י ל י ע** מיט שרעק. אין זעקס רובעל?!

**ו ו י כ נ ע.** יאָ, יאָ, אין זעקס רובעל. וואָס דען האָט איהר געמיינט? מאָנטאַג פאַר אכטטאָגען, געדיינקט איהר, איז געוועזען פיער רובעל און זיעבציג קאָפּיקעס, געדיינקט איהר?

**ב י י ל י ע.** איז שוין זעקס רובעל?!

**ו ו י כ נ ע.** וואָס דען האָט איהר געמיינט? און איך האָב אייך טאַקי געוואָלט זאָגען, אז איך וואָלט טאַקי וועלען זעהן פון אייך אַ פּאָר רובעל. און טאַקי גאָר אין גיכען. וואָרום באַלד וועט שוין זיין זיעבען רובעל און אכט רובעל... וויכנע איז אפילו אַ גוטע און גיט, אָבער באַלד וועט זיך ביי וויכנען אויך אויסנעמען. איך האָב נאָך קיין קלויסטערס נישט אויסגע׳גנב׳עט. צו אייזיקען. ווען איך וואָלט אויסגעטראַכט מאַשינקעס, וואָלט איך אפשר אויס־געטראַכט אַ געלד־מאַשינקע, אָבער אַזוי...

**ב י י ל י ע** קוקט זיך איין אין אייזיק׳ען, וועלכער אַרבייט זעהר פלייסיג און הערט דאַכט זיך גאָרנישט. זעהט איהר דאָך, אָט זיטצט ער, אַ, און וואָלט ער כאָטש געהערט.

ווי כנע. און אז מען טראַכט שוין אוים מאַשינעס, דאַרף מען דאָך אַלץ זיין אַ מענש. צו ביילינען. דעם באַנקיר מאַגיד־סאָנס זוהן טראַכט אויך אוים מאַשינעס. ער איז איין אינזשעניער, האָט זיך געלערנט אין מאָסקווע, און אַלע פּראָפּעסאָרען האָבען געזאָגט, אז דער מענש איז... אַה! ער האָט אויף זיך אַ מורא׳דיגען קאָפּ. און זיינע מאַשינעס, וואָס ער טראַכט אוים, זאָגט מען, זיינען... פּשוט צו משגע ווערען. און ער איז געזונד און פעט, און זיין רויטקייט אין די באַקען איז אויף אַלע מיינע גוטע פריינד געזאָגט געוואָרען. מילך און בלוט. און זיינע מאַשינעס זיינען מסתמא אַ ביסעל בעסערע אויך, הע! צעהנדליגע טויזענדער בעקומט ער פאַר זיי...

ביילע. וואָס איז פראַן וואָס צו רעדען, וואָס? אַ מענש האָט געשטודירט.

ווי כנע. ניין, איך זאָג עס אַקעגען דעם, אז אַט טראַכט אַ מענש אויך אוים מאַשינעס און איז נישט מטושטש און איז נישט מבולבל און איז אַ מענש מיט אַלעמען צוגלייך.

ביילע. געפונען וועגען וועמען צו רעדען. אין איזיק׳ס זייט. ער איז אויך מיר אַ מענש.

ווי כנע בעטראַכט די אַרבייט אויפ׳ן טיש. וועט ער כאָטש קריגען פאַר דאָס אַ גוטע מטבע?

ביילע. אַ גוטע! ער וועט קריגען אַ גוטע מטבע! ער וועט עס אַריינטראָגען צו גאָלדינ׳קען און וועט נעמען, וואָס יענער וועט געבען.

ווי כנע צו איזיק׳ען. זייט איהר דאָך, זאָלט איהר מיר מוחל זיין, גאָר קיין מענש נישט.

איזיק גערהט אום און זאָגט גאָר נישט.

ווי כנע צו ביילינען. איז ער דאָך גאָר קיין מענש נישט. ווי קאָן מען דאָס אזוי זיין? גאָלדין גיט אַ שלעכטען מקח, טראָגט מען אריין די מאַשינע צו באַשקעוויטשען אָדער לעווינען.

ביילע. הערט, דאָס האָבען מיר אַלע דאָך מיט איהם

מטבעות. גוט מאָרגען אייך!

ב י י ל י ע טרויעריג. גוט יאָהר אייך, וויכנעטשקע!

ו ו י כ נ ע. איך בין געוועזען ביי דאָבען, זאָג איך מיר, אז מען איז שוין דאָ, דארף מען שוין אריינגעהן צו בייליען א קוק טון, וואָס הערט זיך נייס.

ב י י ל י ע. אך, נייס.

ו ו י כ נ ע זעטצט זיך אויפ'ן שטול ביים טיש לינקס. ווי שטעהט עס מיט זיין ארבייט?

ב י י ל י ע. זאָל איך אזוי וויסען פון איהם.

ו ו י כ נ ע נעמט אראָב איין האַנד אייזיק'ס פון זיין שטערן. רב פאני שעפטעל, איהר ווילט גאָר אפילו נישט א קוק טון אויף מיר? איהר קוקט נישט אויף ווייבער?

א י י ז י ק סטאַרעט זיך צו שמייכלען, עס געלינגט איהם אָבער נישט. ער וויל בעפרייען זיין האַנד.

ו ו י כ נ ע קוקט זיך אין איהם שאַרף איין און לאָזט אַרויס זיין האַנד.

א י י ז י ק שטעהט אויף און הענגט אָן אַרומצוגעהן איבער'ן צימער.

ו ו י כ נ ע זעצט זיך איבער אויף זיין שטול. צו בייליען מיט אַ האַלבען קול. וואָס איז ער עפּים אזא צוקראָכענער?

ב י י ל י ע. וואָס איז ער אזא צוקראָכענער, דער משגענער!

ו ו י כ נ ע. ער איז דאָך עפּים גאָר א מטושטשער!

ב י י ל י ע. א משגענער ווי זיין טאַטע. אז עס שפּאַרט איהם עפּים אָן, ווערט ער מטושטש און מבולבל און ווייס נישט אויף וואָסער וועלט ער איז. יעמאָלט מאָג ברענען און ציטערן און ער וועט גאָר נישט הערען.

ו ו י כ נ ע קוקט נאָך דעם אַרומגעהענדען אייזיק. איין עבירה די שטיפעל, אייזיק.

ב י י ל י ע. איהם ארט טאַקי א סך.

א י י ז י ק, איין געדאַנקען. די שטיפעל זיינען מעהר נישט ווערט.

פ י נ י ע. אַלץ. טויט.

ב י י ל י ע. אין גיהינום שטעהט מען זיך נישט אויס, וואָס איך שטעה מיך אוים.

פ י נ י ע. געשטאָרבען. געשטאָרבען.

ב י י ל י ע. אַז דער אויבערסטער וואָלט מיך צוגענומען צו זיך, וואָלט איך דאמאָלסט געוואוסט, אַז עס איז פראַן אַ גאָט אויף דער וועלט.

פ י נ י ע. טויטטט. אַלללץ.

ב י י ל י ע. איך וואָלט עפּים אויסגעלויזט געוואָרען...

א י י ז י ק בלייך, אויפגערעגט, שווער עטמענדיג, קרעכצענדיג.

אַך, זאָל כאָטש אַ ווײַלע שטיל זיין, אַ וויילע שטיל זיין! לעגט פערצווייפעלט ביידע הענד אויפ׳ן ברעג טיש און פיהרט אום מיט די אויגען אין אויסדרוק פון גרויסע יסורים. — באַלד דריקט ער איין די שטערן מיט ביידע הענד, אָנשפּאַרענדיג זיך מיט די עלענבויגענס אָן טיש.

פ י נ י ע הערבט אויף דעם קאָפּף, בויגט אָן דאָס לינקע אויער, פערוואונדערט און נייגיעריג צוהערענדיג זיך צו אייזיקס געשריי, און דאַן לאָזט ער אַראָב דעם קאָפּף, ווי ער וואָלט עפּים בעקלערט, און געהט לאַנגזאַם צו זיין אָרט.

ב י י ל י ע ווישט זיך די אויגען.

שווייגען. — הינטער דער וואַנד אָכצעט און קרעכצט די זאָקען־מאַשינע.

ו ו י כ נ ע ד י ק ר ע מ ע ר י ן קומט אַריין. אַ אידענע פון אַ יאָהר פיערציג, אין אַ העלער ציצענער קאָפטע, פון אונטער וועלכער עס שטעקט אַרוים פאָרנט איין אַנדערע אַ טונקעלע, מיט אַ גרויסען פאַר־טוך אַרום זיך, איינגעריכט אין מעל, בעדעקט מיט פלעקען פון קעראָסין און אויל. אויפ׳ן קאָפּף אַ גלאַטער פּאַריק פון שוואַרצע האָר, דורך וועלכען עס קריעכען ארוים ערטערווייז איהרע אייגענע שוין גרויע האָר. איבער איהר ברייטען מויל ליעגט אַ זיסער שמייכעל און מיט איהרע אויגען שיעסט זי אין אַלע זייטען. די לינקע האַנד האַלט זי אין דער לעדער־נער קעשענע, וועלכע הייגגט אונטער דעם פאַרטוך, און קלינגט מיט די

איך איין אנדערן אויף דיין אָרט. איך־איך־איך... נאַ! קוסט די מזוזה און געהט אַוועק.

שווייגען.

ב י י ל י ע. אַט דאָס וועט נאָך זיין דער סוף, אַז ער וועט אוועקזעצען איין אנדערן און מיר וועלען גאָך בלייבען אָהן ברויט.

א י י ז י ק. דו קלאָג נור. ער וועט קיין אנדערן ניט אוועקזעצען.

ב י י ל י ע. א ודאי וועט ער קיין אנדערן נישט אוועקזעצען! אָהן דיר, הייסט עס, קאָן ער דאָך נישט אויסקומען. ער מוז דיך דאָך שטאַרק האָבען. ווי וועט ער עס גאָר זיין אָהן דיר!

א י י ז י ק אויפהעבענדיג צו איהר דעם בליק, ליידענד און פעסט. נו, וועט ער אוועקזעצען איין אנדערן און הער אויף צו ריפען מיר אויפ׳ן הארצען. איך בין שוין באַלד פאַרטיג. זיי כאָטש א ווײַלע שטיל.

ב י י ל י ע ווישט זיך די אויגען און רעדט פאַר זיך. א מענש האָט זיך אויסגעטאָן פון דער גאַנצער וועלט און וואָלט איהם כאָטש עפּיס א האָר אָנהעבען צו אַרען.

שווייגען.

פ י נ י ע העבט אָן לאַנגזאַם אַרומצוגעהן איבער׳ן צימער, שטעלט זיך אָב אַ פּאָר מאָל, קוקט אויף די פאַדלאָגע, שטעלט אָן זיין בליק אין די ווייטעניס, בעטראַכט דעם אָרום און געהט ווייטער. ענדליך בלייבט ער שטעהן נעבען דער קאַמאָד, קוקט אויף איהר אַ ווײַלע און קערט זיך אום מיט׳ן רוקען צום אויוועז, שטעלט אָן זיין בליק אויף די פאַדלאגע און זאָגט לאַנגזאַם אַרויס: געשטאָרבען. דער הימעל. די ערד. די גאַנצע וועלט.

ב י י ל י ע וויינט און רעדט פאַר זיך. וואָלט עס כאָטש געווען אמת, וואָלט שוין געוועזען א מעשה מיט א סוף.

פ י נ י ע. און גאָט.

ב י י ל י ע מאַכט אַוועק פערצווייפעלט מיט דער האַנד.

פ י נ י ע. אַלץ איז געשטאָרבען.

ב י י ל י ע. איך בין נאָך ערגער ווי א געשטאָרבענע.

ב י י ל י ע. מסתמא, אז משיח וועט קומען. וועט זיך ציע־
הען ווי די פּרעס...

ג אָ ל ד י ן. נאַ, איך האָב מיינס געזאָגט. פון מיינעטוועגען
מאָג עס יעטצט דויערן כאָטש וויפיעל צוויי פּרעסען. נישט מיין
דאגה.

ב י י ל י ע. איך ווייס, אז דאָס איז נישט אייער דאגה. וואָס
זאָל עס זיין אייער דאגה? די מאַשינקע וועט סיי ווי סיי צו אייך
אָנקומען.

ג אָ ל ד י ן ווענדט זיך אין פּיניעס זייט, הערט זיך צו צו ביילִיעס
רעד, מאַכט אַ בעוועגונג עפּיס צו זאָגען איהר, מאַכט מיט דער רעכטער
האַנד אין קעשענע, טשמאָקעט מיט די ליפּען, בלינצעלט מיט די אויגען:
„נישטאָ, הייסט עס, מיט אַ אידענע וואָס צו רעדען"; דאַן פרעגט ער:
נאַ, ווי געהט עס דיר, פּיניע?

פּ י נ י ע שטעלט אויף איהם אַן זיין בליק און העבט אָן לאַנג־
זאַם צו רעדען. דער הימעל איז געשטאָרבען, די ערד איז געשטאָר־
בען, גאָט איז געשטאָרבען...

ג אָ ל ד י ן. שאַ, שאַ, פּע, וואָס רעדסטו פאַר אַ ווערטער!
פאַר וואָס לאָזט מען איהם רעדען אַזעלכע ווערטער?

ב י י ל י ע. פאַר אונז איז גאָט געשטאָרבען.

ג אָ ל ד י ן אויפגעבראַכט. וואָס איז — וואָס איז — וואָס
איז עס פאַר אַ ווערטער? ווי רעדט עס אַזוי אַ מענש?

ב י י ל י ע. עט, אַלץ איינס.

ג אָ ל ד י ן. טפוי, אויף מיין וואָרט! ווי־ווי־ווי.... אה, נו!
נע.... דערפאַר שטראָפט עס אַזוי גאָט...

ב י י ל י ע ווישט זיך די אויגען מיט'ן שפּיץ פון איהר קאָפּטי־
כעל. אַזוי אָדער אַזוי, אונזער לעבען איז שוין סיי ווי סיי פער־
שפּיעלט.

ג אָ ל ד י ן דרעהט מיט'ן קאָפּף און מיט די אַקסלען. נאַ!
געהט צו דער טיר. טיק זאָג איך דיר נאָך אַ מאָל, איך וועל קיין סך
נישט ווארטען. קומסטו נישט היינט־מאָרגען צו דער ארבייט, זע'ז

קוים וואָס מען קריעגט ביי איהם ארויס אַ וואָרט. איז אויפגעשטאַ־נען זונטאג גאַנץ פריה מיט אימפּעט: איהם איז איינגעפאַלען אַ טייערע זאַך! און נישט איינגעוואשען זיך און נישט געדאַווענט און געכאַפּט זיך פאַר דער ארבייט. ער איז דאָך אַזוי משגע ווי זיין טאַטע. איהם אַז עס שפּאַרט עפּיס אָן...

ג אָ ל ד י ן. ניין, ער פלעגט דאָך שטענדיג מייסטערן ביי נאַכט — וואָס איז איהם יעטצט איינגעפאַלען גאָר ביי טאָג און צו דער ארבייט נישט געהן?

ב י י ל י ע. זאָל איך אַזוי וויסען פון זיין לעבען! טאָג אַזוי ווי נאַכט, די גאַנצע דריי טעג זיטצט ער און פּאָרקעט זיך, שניטצט און מייסטערט, מייסטערט און שניטצט. עס איז איהם נישט אָבצורייסען פון אָרט. און איך וואָלט זאָגען, ער האָט עפּיס דערפון. מיר ווייסען שוין די גרויסע גליקען, וואָס ער האָט אריינ־געכאַפּט פאַר זיינע ערשטע צוויי מאַשינעס.

ג אָ ל ד י ן. נאַ, איך האָב איהם נישט געבעטען. פאַר מיר איז גלייכער, אז ער זאָל זיטצען און ארבייטען. ביי מיר איז יעטצט ארבייט אריבער און דאָ מוז זיין שטול שטעהן לעדיג. וואָס איז? אייזיק'ען האָט דער טירוף פערדרעהט! ער וויל נישט ארבייטען? איז אַ מעשה מיט אַ סוף, ווייס איך עס, זעץ איך איין אנדערן אויף זיין אָרט. און איך בין טאַקי געקומען דיר צו זאָגען, אַז אויב דו וועסט היינט־מאָרגען נישט קומען צו דער ארבייט, זעץ איך איין אנדערן, איך קאָן נישט וואַרטען. די קונדען וואַרטען מיר אויך נישט.

ב י י ל י ע. איך האָב געוואוסט, אַז דאָס וועלען מיר האָבען פון זיינע מאַשינעס.

ג אָ ל ד י ן בעטראַכט די ארבייט אין אייזיק'ס האַנד. איז וואָס וועט עס זיין? טאַקי פאַר טעמליאַקעס? קריעכט אייזיק'ען אין די הענד. בעוויז נור, וואָס ווילסטו דאָ מאַכען.

א י י ז י ק יסורים'דיג. איהר וועט דאָ גאָר נישט פער־שטעהן. איהר וועט שוין זעהן פאַרטיגערהייט.

ג אָ ל ד י ן. ווען עס דען אַ מאָל פאַרטיג ווערען?

אָדער העפּטיג, שלעפּט ער און ציעהט און וואַרפט אום מיט די פּאָלעס. זיין געזיכט איז אָנגערוקט, ער רעדט ווי ברגז, נור זעלטען אַ וואָרף טוענדיג אַ בליק אויף דעם, מיט וועמען ער רעדט.

א י י ז י ק גיט זיך אַ נערוועזען טרייסעל, ווען ער דערזעהט גאָלדינ'ען.

ב י י ל י ע קוקט אויף אייזיק'ען מיט נצחון, ווי זי וואָלט וועלען זאָגען: „אַט האָסטו דיר, נאַ!"

ג אָ ל ד י ן. נאַ, נו, דו שפּאַציערסט דאָך גאָר אַרום.

ב י י ל י ע אירא̇ניש. דאָס בעקלערט ער אַזוי.

ג אָ ל ד י ן. די גאַנצע דריי טעג בעקלערסטו דאָס אַזוי?

ב י י ל י ע. אַט אָ דאָס האָט ער אויסגעמייסטערט. העבט אויף די רעדלעך מיט די העלצלעך און שיט זיי אויס איינציגווייז צוריק אויפ'ן טיש.

ג אָ ל ד י ן געהט צו צום טיש און בעטראַכט די אַרבייט.

א י י ז י ק געהט אויך צו צום טיש, קוקט אויף גאָלדינ'ס הענד מיט דער פריערדיגער פערטראַכטקייט, אָבער מיט דעם אויסדרוק פון פערדרוס, וואָס גאָלדין בעריהרט די אַרבייט.

ג אָ ל ד י ן. וואָס איז דאָס אַזוינס?

א י י ז י ק. אַ מאַשינקע.

ג אָ ל ד י ן. אַ מאַשינקע! איך זעה, אַז נישט קיין לאָקשענ־ברעט. וואָס פאַר אַ מאַשינקע?

ב י י ל י ע. זאָל ער אַזוי וויסען פון זיין קאָפּ, ווי ער ווייס אַליין. פּאַרקעט זיך און פּאַרקעט זיך...

ג אָ ל ד י ן. דו מוזט דאָך וויסען, וואָס דו מאַכסט. וואָס איז דאָס פאַר אַ מאַשינקע? פאַר טעמליאַקעס?

א י י ז י ק. ווייסט איהר דאָך.

ג אָ ל ד י ן. און ביי דיר זיינען די ווערטער טייער?

א י י ז י ק נעמט אַרויס די מאַשינקע פון גאָלדינ'ס האַנד און העבט אָן עפּיס צוזאַמענצושטעלען.

ג אָ ל ד י ן קוקט איהם נאָך.

ב י י ל י ע. אַט אַזוי אָ זיצט ער די גאַנצע דריי טעג און

אויפהערען צו רעדען!" איך בין א נאר, אז איך רעד! געדארפט נעמען אַט די גאנצע מאכעריי און צוברעכען ביז א האָר, וואָלט איך יעמאָלט פערשפּאָרט צו רעדען.

א י י ז י ק דריקט די ציין, קנוטשט די שטערן און געהט אום.

ב י י ל י ע. וועמען איך זאָל דאָס דערצעהלען, וועט מען מיך דאָך האַלטען פאר א משגענע, וואָס איך לאָז דאָס גאָר צו! גאָר נישט, מאכען זיך א יום טוב און נישט געהן דריי טעג צו דער ארבייט! איך וואָלט זאָגען, אז ער וועט אריינכאַפּען דערפון די גרויסע גליקען. גאָר נישט! אָבגעארבייט אויף דער פּרעס צעהן חדשים נאכט אין נאכט — און וואָס? געקראָגען וועלכע צוואנ־ציג קאַרבאָוואנצעס און רייך געמאכט גאָלדינקען! און וואָס האָסטו געהאַט פון דער פּעטליצעס־מאשינקע? אויף אַ סך מעהר קעראָסין פערברענט!

א י י ז י ק געהט צו צום טיש און נעמט זיך פאר די רעדלעך, אָנ־שפּאַרענדיג זיך מיט'ן קני אַן שטול.

ב י י ל י ע געלאַסענער. מען זעהט, אז עס געהט נישט, וואַרפט מען עס איך ציאַרטו און אַ מעשה מיט א סוף און מען געהט צו דער ארבייט, נישט דריי טעג...

א י י ז י ק העבט ווידער אָן אַרומצוגעהן.

שווייגען.

נ אָ ט ע ג אָ ל ד י ן קומט אַריין. איין עלטערער איד מיט פאות, אַ ברייטען באָרד און געדיכטע אונטערגעשאָרענע וואָנצען; אַ סאַמעטהיטעל אויפ'ן קאָפּ, די הויזען אין די שטיפעל, אַ לאַנגער, שוואַר־צער סורטוק מיט פעטע פלעקען, צוגעקנעפּט אויף דעם אויבערסטען קנע־פעל; איבער דעם סורטוק אַ לאַנגער, אָבגעקנעפּטער שוואַרצער מאַנטעל מיט לאַנגע, ברייטע קעשענעס; אַ ווייסער אָבגעלעגטער קראַגען. אויף דעם קראַגען ליעגט דאָס שוואַרצע שנירעל, אויף וועלכען עס הייגנט זיין קע־שענע־זייגער; אויסערדעם הייגנט דער זייגער אויף אַ שווערער זילבער־נער קייט, וועלכע זעהט זיך אַרויס פון די פערנאַנדערגעעפענטע פּאָלעס. די הענד האַלט ער דאָס רוב אין די קעשענעס און ווען ער רעדט, רוהיג

גאַנץ רוי, נאַ! שטעלט אַריין דאָס טעפּעל ׳ין געהט צוריק אין איהר צימער.

ב י י ל י ע. דער איז אויך אַלץ ווי׳ פייער! זעצט אַוועק אַוועק עלינקען אין בעט און געהט צום אויווען. דאָס קינד העבט אָן צו וויינען. זעה א טשיקאַווען, אייזיק. מאַגסט צוגעהן א קוק טון. איך זאָג דיר, עס איז א מצוה א קוק צו טון. האָט פאַרנאַנדערגעדרוקט די טעפּלעך, אונזער שטעהט שוין גאָר אויפ׳ן פּריפּעטשיק, און איהרען האָט זי אַריינגערוקט אין רעכטען מיטען זשאַר. קום נאָר, אייזיק, טו נאָר א קוק. אז נישט דערהאַרען וועט זי דאָס ביי מיר! עוסק׳ט זיך אין אויווען.

א י י ז י ק בעטראַכט זיין אַרבייט. שלעכט, עס וועט גאָר נישט אַרויסקומען.

ב יי ל י ע שטעלט אַוועק די ווילקע. אזוי וועט איהר וואַרמעס אויך פאַרטיג ווערען. קערט זיך אום צו איהר אָרט מיט נצחון און נעמט צוריק דאָס קינד אויף די הענד. מיט האַס. און דו שריי נאָר! א מינוט טאָר מען איהם נישט אַראָבלאָזען פון די הענד. זעצט זיך און זעצט איין דאָס קינד ביי זיך אין שויס מיט בייזקייט. אין גיבען שלאָפט דאָס קינד איין.

א י י ז י ק לעגט אַוועק די אַרבייט און העבט אָן אַרומצוגעהן איבער׳ן צימער. ער בייסט זיך די ליפּען, דריקענדיג זיי מיט׳ן צייגע־פינגער פון דער רעכטער האַנד אָן די ציין, און מיט דער לינקער האַנד פיהרט ער זיך איבער די שטערן און דאָס האָר.

ב י י ל י ע קוקט איהם נאָך איראָניש. אַט אַ דאַ אַ, אַט אַ דאַ אַ, העהעהע. — מסתמא אַרויסקומען אין צעהן חדשים אַרום ווי די פרעס, הם. — אויב עס וועט איבערהויפּט אַרויסקומען. — אַט אַ דאַ אַ, אַט אַ דאַ אַ! — גאָר נישט, געמאַכט זיך א יום טוב.

א י י ז י ק בלייבט שטעהן. טאָמער וועסטו א מאָל אויפ־הערען צו רעדען? געהט ווייטער.

ב י י ל י ע אויפגעבראַכט. ווער מיר אפשר פערשטאָפּען דאָס מויל, איך זאָל שוין א וואָרט נישט אויסרעדען, האַ? ! נאַ, נו, פערשטאָפּ מיר דאָס מויל, פערשטאָפּ, נאַ! „טאָמער וואָלסטו

ב י י ל י ע שפרינגט אויף, מיט עלינקען אויף דער לינקער האַנד, און לויפט צו צו גישינקען. זאָלסט מיר גלייך אוועקשטעלען דעם טעלער! רייסט ביי איהר אַרויס אַ שטיקעל מישיאַק פון הענד, וואַרפט עס אַריין צוריק אין טעלער, שטופט אונטער דעם טעלער מיט'ן פוס אונטער'ן שראַנק און שלאָגט גישינקען איבער די האַנד.

ג י ש י נ ק ע. אָי! אָי!

ב י י ל י ע שטופט זי אָב פון שראַנק. דאָס איז דאָך סם, דערפון שטאַרבט מען. איך וועל דיר אַ טויט מאַכען, אז דו וועסט דיך נאָך אַ מאָל צוריהרען צום טעלער. זיץ אויפ'ן בעט רוהיג אָדער געה אין גאַס. געהט צוריק אויף איהר אָרט. זי וועט זיך נאָך אַ מאָל פער'סם'ען, אז אומעדום קריעכט זי.

צ י פּ ע, אַ אידענע פון אַ יאָהר פופציג, מיט צוויי קאָשיקעס, אָנגעלאָדענע מיט עפּעל און מיט באַרנעס, אויף די הענד, קומט אַריין פון דער פאָרהויז־טיר און געהט דורך אין איהר צימער. זי טראָגט אַ גלאַטען פּאַריק, וועלכער זיצט יעצט קרום, אַ ציצען קלייד און קאָפּטע מיט אַ גאַרטעל, אויף וועלכען עס הייגגט אַ גרויסע לעדערנע קעשענע.

ג י ש י נ ק ע בעשעפטיגענדיג זיך מיט איהר קוקלע. איך'ן געהן אויפ'ן גאַס.

ב י י ל י ע. כאָטש אין כף הקל'.

ג י ש י נ ק ע נעמט איהר קוקלע און געהט אַרויס.

ב י י ל י ע. זאָלסט מיר דאָרטין נישט אַרומשפּרינגען און נישט שלאָגען זיך, איך וועל דיר צושינדען די הויט! זי טראָגט איבער איהר בליק פון דער אַוועקגעגאַנגענער גישינקע אויפ'ן שראַנק, שטעהט אויף, געהט צו צום שראַנק, לאָזט זיך אַראָב אויף די שפּיץ פינגער און פעררוקט דעם טעלער. א י ך האָב דאָס גאָר בעדאַרפט אויפעסען, וואָלט געווזען א סוף צו מיין ביטערען לעבען. זי זעצט זיך צוריק אויף איהר אָרט.

צ י פּ ע קומט אַריין, שוין אָהן די קאָשיקעס, נור די לעדערנע קעשענע איז אַרומגעבונדען אַרום איהר. זי נעמט אַרויס אַ טעפּעל, קוקט אין איתם אַריין און גיסט צו אַ ביסעל וואַסער. הם! עס איז נאָך

נישט דריי טעג אין ווערקשטאט! מאשינעס ווילט זיך איהם אויס־טראכטען! די גרויסע פרנסות, וואָס מען האָט דאָ פון זיינע מאַשינעס. גאָלדינקען רייך מאַכען!

**א י י ז י ק** קוקט אויף ביילִיען פון אונטער דער לינקער האַנד, ווי ער וואָלט וועלען וויסען, וואָס רעדט זי אַזוינס.

**ב י י ל י ע.** גאָר נישט, דריי טעג! און איך ווייס הייסט עס שוין, אז ער איז פארטיג.

**א י י ז י ק.** אז דו וועסט אזוי שטענדיג רעדען, וועל איך גע־ווים נישט פארטיג ווערען.

**ב י י ל י ע.** איך שטער דיר נור, איך...

**א י י ז י ק** נעמט זיך פלוצלונג צו דער אַרבייט מיט האַסט.

**ב י י ל י ע** ווארפט אויף איהם אַ בליק פול גיפט און דרעהט אַוועק דעם קאָפּף צו דער וואַנד. עלינקע הערט אויף צו זויגען. זי מאַכט צו דעם בוזים און לאָזט אַראָב דאָס קינד אויפ׳ן שויס.

**פ י נ י ע,** ווען עס ווערט שטיל, העבט ווידער אָן לאַנג צו ציעהען. טויטטט. גע—שטאַרבען. וויסט. אויס...

**ב י י ל י ע.** איהר זאָלט זיצען שטיל, זאָלט איהר זיצען!

**פ י נ י ע** בלייבט זיצען מיט איין אָפענעם מויל, ביסלעכווייס צומאַכענדיג עס.

שווייגען.

**א י י ז י ק** אַרבייט שנעל.

**ב י י ל י ע** קוקט־אָן אַ זייט פערביטערט און בייז.

**ג י ש י נ ק ע** פון נעבען שראַנק. מאמע, וואָס שטעהט דאָ אין טעלער? איך וועל דאָס אויפעסען.

**ב י י ל י ע** מיט שרעק און בייז. שטעל אויף גיך אַוועק צוריק דעם טעלער! וויפיעל מאָל האָב איך דיר געזאָגט, אז דו זאָלסט דעם טעלער אונטער׳ן אַלמער נישט ריהרען! דאָס איז מישיאַק פאר מייז!

**ג י ש י נ ק ע.** מישיאק פאר מייז איז דאָס? איך וועל מיר נעהמען נור אַ שטיקעלע, אַ קליין שטיקעלע.

— —ז גע—שטאָררבען, די עררדר איז געשטאָרבען, גאָט—ט איזזז גע—שטאָררבען, אַלץ איזזז גע—שטאָררְ—בען. אַלץ — — — בלייבט שטעהן און לאָזט אַראָב דעם קאָפּף.

ד אָ ב ע שטעלט אַוועק די ווילקע, מאַכט צו דעם אויוועז און בורציעט. עס וויל גאָר ניט קאָכען. מסתמא זעהר גוט געהייצט.

ב י י ל י ע מאַכט בעליידיגט מיט'ן קאָפּף. שטענדיג איז איהר קנאַפּ געהייצט.

ד אָ ב ע אַרויסגעהענדיג. דער וואַרמעס מוז שטענדיג ארויס־קומען ביי דער נאַכט.

ב י י ל י ע קוקט איהר בייז נאָך און שפּייט אויס מיט האַרץ. אַלטע מכשפה!

פּ י נ י ע דרעהט זיך. טויטטט. גע—שטאָררבען. גע—־שטאָררבען. געשטאָררבען. טויטטט. אַלץ...

ב י י ל י ע בייז. הערט שוין אויף צו דרעהען זיך. עס דרעהט זיך שוין מיר אַזוי אויך גאַנץ געננוג אין קאָפּ און אין האַרצען און אין אַלע גערערים.

פּ י נ י ע בלייבט שטעהן מיט איין אָפּענעם מויל, מיט'ן רוקען צו בייליען, נור דעם קאָפּף דרעהט ער אויס לינקס אין איהר זייט און הערט זיך צו. ווען זי ענדיגט, דרעהט ער צוריק אויס דעם קאָפּף, לאָזט אַראָב דעם בליק צו דער פּאדלאגע און געהט לאַנגזאַם צו זיין אָרט צווישען אויוועז, וואו ער זעצט זיך אַוועק, ווי פריער.

שווייגען.

א י י ז י ק, פערטיעפט אין זיין אַרבייט, שטיל פאַר זיך. אָט אָ דאָ אָ פעהלט מיר. — אז אָט אָ דאָ אָ וואָלט...

ב י י ל י ע גיפטיג... דאָס וויפיעלטע מאָל הער איך שוין: „אָט אָ דאָ אָ, אָט אָ דאָ אָ!“ — און עס איז נאָך אַלץ קיין סוף ניטאָ.

א י י ז י ק קנויטשט אָן אַ ביסעל די שטערן, די רעכטע האַנד אויף זיין אַרבייט, די לינקע צוזאַמענגעדריקט אין אַ קולאַק אויף דער שטערן.

ב י י ל י ע. גאָר נישט, געמאַכט זיך א יום טוב און געהט

לייב אַ וואַטען קאַפּטעל, פון וועלכען דער אויבערשלאַג איז כמעט אין גאַנ־צען צופּאַלען; איבער דעם קאַפּטעל אַ לאַנגער אַלטער צופּאַלענער שוואַר־צער מאַנטעל. ווען דער מאַנטעל איז אָפען, זעהט מען אַראָבהייגגען דיקע ציצית פון אַ שטאַרק צוריסענעם לאַנגען ארבע כנפות און אַ „סימן“ פון הויזען.

ביים הינטערסטען בעט נעבען שראַנק שטעהט ג י ש י נ ק ע, אַ מיידעלע פון אַ יאָהר פיער, און שפּיעלט זיך מיט איהר קוקלע — אַ שטעקעל, איינגעוויקעלט אין אַ שמאַטע. זי איז נישט געקעמט און ווי אַלע אין צימער שמוציג. מאגער, הויט און ביינער, אָבגעריסען און באַרפוס. זי רעדט פאַר זיך מיט איהר קוקלע: „אנטון... ניט וויינען... שלאָגען... עסען...“

ביים אויוועו שטעהט ד אָ ב ע, אַ קורצע, אַלטע, איינגעקאָרטשעטע אידענע פון אַ יאָהר 55 אין אַ ליאַמקע און ציעפּיק אויפ׳ן געגאָלטען קאָפּ; זי שטעלט צו איהר טעפּעל.

עס איז אַרום האַלבען טאָג. אין צימער איז שטיל. מען הערט נור אייזיק׳ס שווער שניידען מיט דעם מעסער, גישינקעס אונטערברומען און דאָבעס אַרומשאַרען מיט דער ווילקע אין אויוועו. פון ציפּעס צי־מער הערט זיך צייטענווייז דאָס שטאַרקע קלאַפּען פון אַ זאָקענמאַשינע.

א י י ז י ק הערט אויף צו שניידען, בעטראַכט דאָס העלצעל, וואָס ער האָט געשניטען, און דאַן די רעדעלעך, וועלכע ליעגען פאַר איהם אויפ׳ן טיש, און קנייטשט די שטערן, בייסענדיג די אויבערסטע ליפּ.

ב י י ל י ע העבט אויף איהם אויף אַ פרעגענדיגען בליק. — די זאָקענמאַשינע הערט אויף אַ ווילע צו קלאַפּען.

פּ י נ י ע העבט זיך לאַנגזאַם אויף, וויקעלט זיך איין אין דעם מאַנטעל, בלייבט שטעהן נעבען ציפּעס טיר און בעטראַכט זי; דאַן געהט ער צום טיש, קוקט אויף אייזיק׳ס אַרבייט, מאַכט עטליכע שריט צום הינ־טערגרונד, קוקט אַ ווילע אויף גישינקען, פערקערט זיך וויעדער צום אויוועו און בלייבט שטעהן מיט׳ן געזיכט צו זיין געלעגער, אַראָבגעלאָ־זענערהייט די אויגען. ביסלעכווייס העבט ער אויף זיין בליק, שטעלט איהם אָן אין דער ווייטענס און מיט אַ קול ווי פון אַ קבר, לאַנגזאַם דרע־הענדיג זיך, העבט ער אָן צו ציעהען: דער הימ—מ—מעל—ל איז

עס זעהט זיך אַרוים זיין מיט האָר בעוואַקסענע, איינגעפאַלענע ברוסט. די גרויע הויזען זיינען אין די קני פערלאַטעט מיט שטיקלעך פון אַ פיעל העלערער מאַטעריע, און די לאַטעס קוקען אוים ווי פענסטער; אונטען זיינען זיי אויסגעריבען און צוריסען. זיינע שטיעפעל זיינען געל און ברוין, מיט צוקרימטע אָבזאַצען און געלעכערטע פאדעשוועס. דער טישט פערקעמטער, געדיכט בעוואַקסענער דונקעלבלאָנדער קאָפּף איז אָבגעדעקט.

— אויפ'ן טיש פאַר איהם אַלערליי רעדעלעך, גלייך צוגעשניטענע העלצ־לעך, אַ לאַנגער און ברייטער פוס פון אַ מאַשינקע, אין וועלכען עס איז אַריינגעשטעקט אַ לאַנג קיילעכדיג שטעקעל מיט לעכעלעך פון איין זייט און צוגעמאַכט געוואָרען אַ ראָד פון דער אַנדער זייט. צווישען דעם ראָד און דעם שטעקעל איין אַקס, אויך מיט לעכעלעך. ווייטער געפינט זיך אויפ'ן טיש אַ צירקעל, אַ קליין זעגעל, א לאַך־בויערער, שטיקלעך גלאָז, פאָדים א. ז. וו.

ב י י ל י ע זיצט אויף דעם פאָרדערשטען בעט מיט עלינקען, אַ קינד פון אַ יאָהר אנדערטהאַלבען, אויפ'ן ארם און גיט איהם די ברוסט. זי איז אין איינע יאָהרען מיט אייזיק'ן, מאגער, מיט אַ פלאַכער ברוסט, קוימיג, אויפ'ן געזיכט נעבען די אויערן ליגען רצועות פון נישט אָב־געוואַשענעם שמוץ. דאָס ציצענע קלייד און קאָפּטע זיינען צוריסען און צופליקט און בעדעקט מיט לאַטעס. אויפ'ן קאָפּף אַ בונט טיכעל פון נישט צו דערקענענדע פאַרבען, וואָס ליעגט קרום און פון אונטער וועלכען עס שפאַרט אַרוים איבער דער שטערן אַ פוק קאַשטאַניענפארביג האָר. איהרע שיך זיינען שוין אויך לאַנג נישט געפוצט געוואָרען. דאָס קינד אויף איהר ארם טראָגט אַ לאַנג העמד פון אַ גרעסערן קינד.

פ י נ י ע זיצט אויף דעם ברעטערגעלעגער צווישען אויוועו און קוקט אין דער ווייטענס מיט משגענע אויגען. זיין שוואַרץ־גרויליך בערדעל אַרום זיין געלען געזיכט איז אויסגעקראַכען און שיטער, ווי אויך דאָס האָר אויפ'ן קאָפּף, אויף וועלכען ער טראָגט איין אַלט, אויבען פעט געוואָרען און אין אַ סך ערטער צוריסען היטעל. אויף דעם הוילען

אָבגעבליאַקעט. צווישען דעם שראַנק און דער רעכטער וואַנד, צוקאָפּענס איבער דעם הינטערסטען בעט, היינגען קליידער, פּערדעקט מיט אַ גרויען פּאַר שמוץ און אין א סך ערטער צופּאַלענעם ליילעך. נעבען דעם הינ־טערסטען בעט שטעהט יעצט דאָס וויעגעל. — אין צימער הערשט דאָס האַלב־דונקעל, ווי אין יעדעם קעלערצימער, פון וועלכען די פענסטער ליעגען אונטער דעם ברוק פון דער גאַס. די שויבען זיינען גרוי, בע־דעקט מיט שמוץ, און נור אין דעם העלען, אין גרין איבערגעהענדען שיין אויף די פענסטער דערקענט מען, אַז דרויסען שיינט די ליעבע זון. די געוויסטע ווענד זיינען שוואַרץ, פערדויכערט, מיט פלעקען פון שימעל און פייכטקייט. וואו נישט וואו קוקט אַרויס אַ העלער פלעק, ווי דאָס טרויעריגע אויג פון איין אייגאוויגיגען, און פערגרעסערט נאָך דעם אור־מעט. שוואַרץ און פערדויכערט איז אויך די סטעליע, פון וועלכער עס פאַלט אָב די שטוקאַטורקע. און די פּאָדלאָגע קאָן מען נישט דערקענען, פון וואָס זי איז געמאַכט געוואָרען: צו איז זי פון ברעטער צוזאַמענגע־שלאָגען, אָדער פון ציעגעל אויסגעלעגט, אָדער איז עס די שוואַרצע, קאַלטע מוטער ערד. אין צימער הערשט נים אַזוי די אָרימקייט, וועלכע וואָלט זיך נאָך לאָזען פערדעקען, ווי דער עיקר די אָבגעלאָזענקייט, די נאַכלעסיגקייט, די מידע פערצווייפלונג און די פערצווייפעלטע פער־ורעבטהייט.

אייזיק שעפּטעל זיצט ביים טיש און שניידט מיט אַ מעסער אַ שטיקעל האָלץ. אַ יונגער מאַן פון אַ יאָהר דרייסיג, דאַר און מאָגער, מיט איינגעצויגענע באַקען אונטער א געדיכטען בלאָנדען בערדעל. די בלייבע, דינע ליפּען האַלט ער איינגעפּרעסט, און אָפט בייסט ער די אונטערסטע אָדער די אויבערסטע ליפּ, אַריינכאַפּענדיג בשעת מעשה דאָס האָר פון די קליינע וואָנצען. די אויגען טיעף איינגעפאַלען אונטער גע־דיכטע און לאַנגע ברעמען; זיין בליק איז פערקלערט, שאַרף, טיעף, בע־לויכטען פון אַן איבוועניגסטען פייער. ער טראָגט אויף זיך איין אין די אַרבעל און אין די פאַלעס צוריסען רעקעל, וואָס איז צוגעשפּיעליעט אויף דעם אונטערסטען קנאָפּ, ווייל די איבריגע פעהלען. דאָס העמד, וואָס קוקט אַרויס פון אונטער דעם אויבען אָבגעקנעפּטען רעקעל און פון די לעכער אין די אַרבעל, איז שמוציג און אויף דער ברוסט אָפען, אַזוי אַז

# ערשטער אַקט.

אייזיק שפּעטעל'ס קעלער־וואָהנונג. רעכטס ביי דער וואַנד צוויי הילצערנע בעטען, איינס הינטער דעם אַנדערן, בעדעקט מיט שמאַטעס, די ציכלעך אויף די קיסען זיינען קויט־שוואַרץ און מיט גרויסע שמוציג־געלע קינדער־פלעקען. פאָרנט אין מיטען צימער דער קליינער פיער־פיסיגער טיש, אָהן אַ טישטוך, מיט דריי שטולען אַרום איהם. די רויטע פאַרב, מיט וועלכער דער טיש מיט די שטולען זיינען אַ מאָל בעפאַרבט געוועזען, האָבען אָנגענומען אַ שמוציג־גרוי אויסזעהן מיט מעהר אָדער ווייניגער רויטע פלעקען. דער שטול לינקס איז אָהן אַ ווענטעל. פאָרנט ביי דער לינקער וואַנד אַ קליינע קאָמאָד, אויף וועלכער עס געפינען זיך אַ קליינער שפּיעגעל, דריי מעשענע לייכטער און אַ ברוין געוואָרענער שוואַרצער קאַפּעליוש ; הינטער דער קאָמאָד אַ שטול, מעהר אַרויסגערוקט צום מיטען צימער. דערביי די טיר פון ציפּעס צימער. הינטען, נאָך דער טיר, דער גרויסער אויווען מיט זיין לאָך צו דער רעכטער וואַנד. צווישען דעם אויווען און דער לינקער וואַנד איז אַ געלעגער פון ברע־טער, אויף וועלכען עס געפינט זיך דער אַלטער פּיניע. אין מיטען פון דער הינטערוואַנד די טיר, וועלכע פיהרט צום פאָרהויז און אין דאָבעס צימער, פונקט ענטקעגען איהר איז די גאָסטיר. צווישען דעם אויווען און דער טיר שטעהט אַ לאַנג, שמאָל קיכענביינקעל. אונטער דער באַנק איין עמער, אויף איהר אַ פּאָר טעפּלעך, איבער איהר פּאָליצעס מיט א קופּערנער פּאַן, אַ לאָקשענבערעט און טעפּלעך, צווישען איהר און דעם אויי־ווען ווילקעס, אַ לאָפּעטע, אַ גראָבאייזען, א בעזים. רעכטס פון דער טיר אַ געלער גלעזער־שראַנק, אויבען אַ ביסעל העלער, ווייל אונטען איז ער בע־דעקט מיט שמוץ. אַ שטיקעל גלאָז אין דעם אויבערסטען ווינקעל פון דער שראַנקטיר צייגט, אַז אַ מאָל איז אין דער אויבערסטער העלפט געוועזען אַ גאַנצע שויב ; יעצט איז דאָס לאָך פערקלעבט פון אינוועניג מיט אַ גרויסען בלויען בויגען פּאַפּיער, פון וועלכען די פאַרב האָט אַ ביסעל

# פערזאנען:

אייזיק שעפטעל, א שמוקלער.
ביילע, זיין פרוי.
גישינקע, } זייערע קינדער.
עלינקע, }
פיניע, אייזיק׳ס פאטער, א משגענער.
נאטע גאלדין, אייזיק׳ס בעל הבית.
מיכעל דער אלטער, } גאלדינ׳ס ארבייטער.
בערע דער רויטער, }
זעליג קאמעדיאנט, }
לייוויק, }
סענדער, }
הילע, }
יאשקע, }
טעמע, } ארבייטערקעס ביי גאלדינען.
מלכה, }
ציפע, } אייזיק׳ס שכנות.
דאבע, }
געליע, ציפעס טאכטער.
הינדע, } דאבעס טעכטער.
סאסיע, }
וויכנע די קרעמערין.

די בעגעבענהייט קומט פאר אין א גרויסער שטאדט אין דער „טשערטא אסעדלאסטי" אין דעם אנהעב פון די ניינציגער יאהרען פון דעם ניינצעהנטען יאהרהונדערט.

די אינטערנאַציאָנאַלע ביבליאָטהעק

# אייזיק שעפטעל

ארבייטער דראַמאַ אין 3 אַקטען

פון

דוד פינסקי

אַרויסגעגעבען פון
א. מ. יעוואַלענקאָ
ניו יאָרק

דן ביסט ניט שולדיג... זי איז געווען א קליין ווען, אזא
שטילע, אזא ציטערדיגע און אזא שווייגענדיגע... זי איז
געווען א קליין, אָרים, געהיימניספול ווען, אזוי ווי אלע...
אַט ליעגט זי דאָ־איצט גלייך ווי זי וואָלט געווען איהר קינד'ס
עלטסטע שוועסטער... קום, קום... מיין גאָט! מיין
גאָט.. איך וועל דאס אלץ קיינמאָל ניט פערשטעהן...
לאָמיר דאָ מעהר ניט זיין. — קום, דאס קינד טאָר אויך ניט
זיין אין דיזען אלקער... עס מוז איצט לעבען אנשטאָט
איהר... איצט איז אנגעקומען דעם אָרימע עופה'לעס
רייהע... (זיי געהען ארוים שווייגענדיגערהייט).

ע נ ד ע.

אַרקעל : ניין, ניין. קום ניט צו נאָהענט צו איהר...
בעאונרוהיג איהר ניט... רעד ניט מעהר צו איהר... דו
ווייסט ניט וואס עס הייסט, ווען די נשמה...

גאַלאַ : איך בין ניט שולדיג!.. איך בין ניט שול־
דיג...

אַרקעל : ששש!.. ששש!.. מיר מוזען איצט רע־
דען זעהר שטיל. — מען טאָר זי ניט בעאונרוהיגען... די
מענשליכע נשמה איז זעהר א שווייגענדיגע... די מענשלי־
כע נשמה האָט ליעב אוועקצוגעהן אליין... זי ליידעט
אזוי ציטערדיג... אבער, גאַלאַ, אך ווי אלמעכטיג!..
ווי אומעטיג איז אלץ וואס מיר זעהען!.. אָה, אָה, אָה!
(אין דיעזער רגע פאלען אלע דיענסטען פלוצלונג אויף די
קניע אין הינטערגרונד פון אלקער).

אַרקעל : (דרעהט זיך אוים) וואס איז דאָס?

דער דאָקטאָר (טרעט צו צום בעט און גיט א טאפ דעם
קערפער) זיי זיינען גערעכט... (א לאנגע פויזע).

אַרקעל : אבער איך האָב דאך גאר ניט געזעהן. —
זייט איהר זיכער?..

דער דאָקטאר : יא, יא.

אַרקעל : איך האָב גאָר ניט געהערט... אזוי שנעל,
אזוי שנעל!.. גאר פלוצלונג!.. זי פערלאזט אונז אָהן
איין וואָרט...

גאַלאַ (כליפעט) : אָה! אָה! אָה!

אַרקעל : שטעה ניט דאָ, גאַלאַ... זי מוז איצט האָ־
בען רוה... קום, קום אוועק... עס איז שרעקליך, אבער

גאָלאָ (שטעהט שנעל אויף) וואס איז? — וואס דארפען דאָ די אלע ווייבער?..

דער דאקטאר: דאָס זיינען די דיענסטען...

אַרקעל: ווער האָט זיי גערופען?

דער דאקטאר: איך ניט...

גאָלאָ: צוליעב וואָס זייט איהר געקומען אהערצו? — קיינער האָט דאך נאָך אייך ניט געשיקט... וואס דארפט איהר דאָ? — וואס ווילט איהר דאָ טהון, נו? — ענטפערט דאָך אמאָל!.. (די דיענסטען שווייגען).

אַרקעל: רעד ניט צו הויך... זי שלאָפט איין. זי האָט צוגעמאכט די אויגען...

גאָלאָ: ניט שוין־זשע?..

דער דאקטאר: ניין, ניין. זעהט, זי אָטהעמט...

ארקעל: איהרע אויגען זיינען פול מיט טרעהרען... איהר נשמה וויינט איצט... וואס שטרעקט זי אזוי אויס די אָרימס? — וואס וויל זי?

דער דאקטאר: דאס שטרעקט זי זיי נעווים אויב נאָך דעם קינד... די מוטערשאפט ראנגעלט זיך עס מיט'ן...

גאָלאָ: די רגע? — די רגע? — איהר מוזט מיר זאגען. רעדט! רעדט!..

דער דאקטאר: פיליייכט.

גאָלאָ: אָט שוין?.. אָה! אָה! איך מוז איהר זאָגען... — מעליזאנדע! מעליזאנדע!.. לאָזט מיך אליין מיט איהר!..

מעליזאנדע: ניין, ניין... ביז די זונן וועט אײנ־גאנצען פערזינקען אין ים. — די זונן לאָזט זיך אראָפּ פּאמע־לאַך, פּאמעלאַך. ווערט שוין טאקע ווינטער?

ארקעל: יא. דו האָסט ניט ליעב דעם ווינטער?

מעליזאנדע: אָה, ניין. איך האָב מורא פאר'ן פראָסט. — איך האָב אזוי מורא פאר דעם גרויסען פראָסט...

ארקעל: איז דיר איצט בעסער?

מעליזאנדע: יא, יא. איך פיהל שוין מעהר ניט אזא אומרוה...

ארקעל: וואלסטו וועלען זעהן דיין קינד?

מעליזאנדע: וועלכעם קינד?

ארקעל: דיין קינד. דו ביסט דאָך שוין א מוטער... דו האָסט א קליין טעכטעריל געבראכט אויף דער וועלט...

מעליזאנדע: וואו איז זי?

ארקעל: אָט דאָ...

מעליזאנדע: ווי מאָדנע דאס איז... איך קען ניט אויפהויבען מיין אָרים, אויף צו נעהמען זי...

ארקעל: דאס איז דערפאר, ווייל דו ביסט נאָך אלץ זעהר שוואך... איך וועל זי האלטען לעבען דיר. אָט זעה...

מעליזאנדע: זי לאכט ניט... ס'אָרא קלײנינקע זי איז... אָט קלייבט זי זיך וויינען... איך האָב רחמנות אויף איהר... (דער אלקער ווערט ביסלעכווייז אנגעפילט מיט די דיענסטען פון שלאָס, וועלכע שטעלען זיך שווייגענדי־גערהייד אוים ארום די ווענט און ווארטען).

גאַלאָ: איצט ווייסט עס!.. שוין צייט! שוין צייט!.. שנעל! שנעל!.. דעם אמת! דעם אמת!

מעליזאַנדע: דעם אמת... דעם אמת...

גאַלאָ: וואו ביסטו? — מעליזאַנדע! — וואו ביסטו? — דאָס איז דאָך אומנאַטירליך! מעליזאַנדע! וואו ביסטו? — וואוהין געהסטו? (ער בעמערקט אַרקעל און דעם דאָקטאָר ביים טיהר פון אַלקער). — יא, יא. איהר מעגט אַריין... איך ווייס גאָר ניט. פאַרפאַלען... עס איז שוין צו שפּעט. זי איז שוין צו־ווייט פון אונז... איך וועל שוין קיין מאָהל ניט וויסען!.. איך וועל דאָ שטאַר־בען אַזוי ווי אַ בלינדער!..

אַרקעל: וואָס האָסטו געטהאָן? דו וועסט דאָך זי טויטען...

גאַלאָ: איך האָב זי שוין געטויטעט...

אַרקעל: מעליזאַנדע!..

מעליזאַנדע: זיידע, דאָס ביסטו?

אַרקעל: יא, מיין טאָכטער... וואָס ווילסטו זאָל איך טהאָן?

מעליזאַנדע: איז עס אמת, אַז עס ווערט שוין ווינ־טער?..

אַרקעל: פאַר־וואָס פרעגסטו עס עפּעס?

מעליזאַנדע: ווייל עס איז אַזוי קאַלט און די בלע־טער פאַלען...

אַרקעל: עס איז דיר קאַלט? — זאָל איך צוריק צו־מאַכען דאָס פענסטער?

מעליזאַנדע: יא, געווים. איך האָב איהם ליעב גע־האַט. — וואו איז ער?

גאָלאָ: פערשטעהסט ניט, וואס איך מיין, מעליזאנ־דע? — ווילסטו מיך ניט פערשטעהן? — מיר דאכט... מיר דאכט... נו, ס'הייסט, אַט דאס איז עס. איך פרעג, צו האָסטו איהם ליעב געהאט מיט א פערבאָטענער ליעב־שאפט?.. ביסטו!.. ביסטו זינדיג געווען? זאָג, זאָג. יא, יא,יא...

מעליזאַנדע: ניין, ניין. מיר האָבען ניט געזינדיגט. — אנטקעגען וואס פרעגסטו עס?

גאָלאָ: מעליזאנדע!.. זאָג מיר דעם אמת, אזוי ווי גאָט איז דיר ליעב!

מעליזאנדע: האָב איך דען דיר ניט געזאגט דעם אמת?

גאָלאָ: זאָג מיר ניט אזעלכע ליגען אין דער מינוט פון טויט!

מעליזאנדע: ווער האַלט עס ביים שטארבען? — איך?

גאָלאָ: דו, דו! און איך, איך אויך, נאָך דיר!.. מיר מוזען געהן מיט'ן אמת... מיר מוזען געהן מיט'ן אמת. אין דער לעצטער מינוט, כאָטש, דו פערשטעהסט?.. דערצעהל מיר אלץ! דערצעהל מיר אלץ! איך בין דיר אלץ מוחל!..

מעליזאנדע: פאר וואס עפעס שטארב איך עס אוועק? — איך האָב עס גאָר ניט געוואוסט...

זאנדע, האסטו אויף מיר רחמנות, אזוי ווי איך אויף דיר ?.. מעליזאנדע ?.. ביסטו מיר מוחל, מעליזאנדע ?..

מעליזאנדע: יא, יא. איך בין דיר מוחל... וואס האב איך דיר מוחל צו זיין ?..

גאלא: איך האב דיר אזוי פיעל שלעכטעס געטהאן, מעליזאנדע... איך קען דיר ניט אויסרעכענען, וואס פאר א שלעכטעס איך האב דיר געטהאן... אבער איך זעה עס איין, איצט זעה איך עס איין אזוי קלאהר... פון דעם ער־שטען טאג אן... און דאס אלץ וואס איך האב ביז איצט ניט געוואוסט, רייסט מיר היינט פערנאנדער די אויגען... און עס איז אין גאנצען מיין שולד, אלץ וואס איז געשעהן, אלץ וואס וועט נאך געשעהן... ווען איך וואלט דאס גע־קענט ארויפברייינגען אויף מיינע ליפען, וואלסטו עס אויך איינזעהן, אזוי ווי איך האב עס איינגעזעהען!.. איך זעה אלץ!.. איך זעה אלץ!.. אבער איך האב דיך אזוי ליעב געהאט!.. איך האב דיך אזוי ליעב געהאט!.. אבער איצט שטארבט אימיצער אוועק... איך שטארב עס אוועק... וואלט איך וועלען ווסען... איך וויל בע־טען... דו זאלסט עס ניט נעהמען פאר בייז... איך וואלט וועלען... א שטארבענדען מענשען מוז מען זאגען דעם אמת. ער מוז וויסען דעם אמת, אז ניט וועט ער ניט קענען שלאפען... שווערסט, אז דו וועסט מיר זאגען דעם אמת ?

מעליזאנדע: יא.

גאלא: האסטו פעלעאס'ן ליעב געהאט ?

מעליזאנדע: ווער איז?

ארקעל: דאָס איז... זאלסט זיך נאָר ניט שרעקען... ער ווינשט דיר קיין שום בייז ניט, גלויב מיר... אויב דו האָסט מורא, וועט ער אוועקגעהן... ער איז וועה־אומגליקליך...

מעליזאַנדע: ווער איז דאס?

אַרקעל: דאס איז דיין... דיין מאַן... דאס איז גאָלאָ...

מעליזאַנדע: גאָלאָ איז דאָ? פאַר וואס געהט ער ניט צו צו מיר?

גאָלאָ (שלעפּט זיך צו צום בעט): מעליזאנדע... מעליזאנדע...

מעליזאנדע: ביסטו עס, גאָלאָ? איך קען דיך קוים דערקענען... די פערגעהענדע זון בלענדעט מיר די אויגען... וואָס קוקסטו עפּעס אויף די ווענט? ווי דין און אַלט דו ביזט געווארען... איז עס שוין א לאנגע צייט זינט מיר האָבען זיך ניט געזעהען?..

גאָלאָ (צו ארקעל און דעם דאקטאר): זייט אזוי גוט און געהט א ווײַלע ארויס... איך וועל לאזען די טיהר גאַנץ אָפען... אויף איין רגע נאָר... איך מוז איהר עפּעס זאָגען, אז ניט, וועט דאָס מיך ניט לאָזען שטארבען... ווילט איהר אזוי גוט זיין? — געהט ביז צום עק קאָרידאָר. איהר קענט די מינוט קומען צוריק, די מינוט... איך בעט אייך, זאָגט מיר ניט אָפּ... איך בין א אומגליקליכע בעשעפעניש... (ארקעל און דער דאָקטאָר געהען ארויס). — מעלי־

דער דאקטאר: עפּענט נור, עפּענט...

מעליזאנדע: אַ דאנק... פערגעהט איצט די זון?

ארקעל: יאָ. די זון פערגעהט אויפ'ן ים. עס איז שוין שפּעט. — וואס מאכסטו, מעליזאנדע?

מעליזאנדע: גאנץ גוט, גאנץ גוט. — וואס פרעגסטו עפּעס? איך האָב מיך נאָך קיינמאָהל אזוי גוט ניט געפיהלט ווי איצט. — נאָר עפּעס דאכט מיר, אז איך ווייס עפּעס...

ארקעל: וואס זאגסטו? — איך פערשטעה ניט וואס דו רעדסט...

מעליזאנדע: איך פערשטעה אליין אויך ניט אליץ, וואס איך רעד... איך ווייס ניט וואס איך זאג... איך ווייס ניט וואס איך ווייס... איך זאג ניט וואס איך וואלט וועלען זאגען...

ארקעל: וואס הייסט, וואס הייסט! איך בין אזוי גליקליך, ווען איך הער דיך אזוי רעדען. די לעצטע עטליכע טעג האָסטו אביסעל גערעדט פון היטץ און קיינער האָט דיך ניט געקענט פערשטעהן... אבער איצט איז דאס אליץ אוועק ווייט, ווייט...

מעליזאנדע: איך ווייס ניט... — ביסטו דאָ אליין אין חדר, זיידע?

ארקעל: ניין. אָט איז דאָ אויך דער דאקטאר, וואס האָט דיך געהיילט...

מעליזאנדע: אה!

ארקעל: און נאָך אימיצער איז דאָ פאראן...

בען, און זי שטארבט אָהן א פאר־וואָס... א חוץ דעם, אפשר וועלען מיר זי נאָך ארויסראטעווען...

אַרקעל: ניין, ניין. מיר דאכט זיך, אז מיר שווייגען שוין צופיעל דאָ אין איהר חדר. מיר שווייגען געגען אונזער ווילען... דאס איז ניט קיין גוטער סימן... זעהט ווי זי שלאָפט... אזוי פאמעלאכען, פאמעלאכען... גלייך ווי איהר נשמה וואָלט שוין אויף אייביג פערקיהלט געוואָרען...

גאָלאָ: איך האָב זי גע'הרג'עט גאָר אָהן א פאר־וואָס! איך האָב זי גע'הרג'עט גאר אָהן א פאר־וואָס!.. א שטיין קען דאָך צוגאָסען ווערען! זיי האָבען זיך געקושט אזוי ווי צוויי קינדערלאך... זיי האָבען זיך בלויז געקושט... זיי זיינען געוועזן א ברודער מיט א שוועסטער... און איך, און איך — פלוצלונג!.. איך האָב עס געטהאָן געגען מיין ווילען, איהר פערשטעהט?.. איך האָב עס געטהאָן געגען מיין ווילען...

דער דאקטאר: גיט אכטונג. דאכט זיך, אז זי וואכט אויף...

מעליזאַנדע: עפענט דאָס פענסטער... עפענט דאָס פענסטער...

אַרקעל: וועלכען פענסטער, מעליזאנדע? אָט דעם?

מעליזאנדע: ניין, ניין, דאס גרויסע פענסטער... דאס גרויסע פענסטער... איך וויל זעהן...

ארקעל: וועט די ים־לופט איצט אין אווענד ניט זיין צו־קאלט פאר איהר?

טהאָן, אז די בעלי־הבתים זיינען דערשראָקען ? . . (א שטיל שווייגען).

ערשטע דיענסט : איך הער שוין מעהר ניט די קינ־דערשע געשרייען.

צווייטע דיענסט : זיי זיצען אונטער'ן פענסטער'ל.

דריטע דיענסט : זיי האָבען זיך איינגעטולעט איי־נער אין דעם אנדערען.

אלטע דיענסט : מען הארכט שוין איצט קיין זאך ניט אין הויז . . .

ערשטע דיענסט : מען הערט שוין אפילו ניט ווי די קינדער אטהעמען . . .

אלטע דיענסט : קומט, קומט. שוין צייט ארויפ־צוגעהן אויבען . . . (זיי געהען שווייגענדיגערהייט ארויס).

❧ ❧

צווייטע סצענע. א צימער אין שלאָס.

ארקעל, גאָלאָ און דער דאקטאָר שטעהען אין א ווינקעל פון אלקער. מעליזאנדע ליעגט אויסגעצויגען אויף איהר בעט.

דער דאָקטאָר : פון אט דער קליינער וואונד קען זי ניט שטארבען. א פויגעלע וואָלט פון אזא וואונד ניט גע־שטאָרבען . . . ניט איהר, אלזאָ, האָט זי גע'הרג'עט, מיין גוטער פרינץ. זייט ניט אזוי פערצווייפעלט . . . זי וואָלט סאי ווי ניט געקענט לעבען . . . זי איז געבוירען געוואָרען אָהן א פאר־וואָס . . . געבוירען געוואָרען אויף צום שטאר־

דאָך, אז מען האָט איהם געפונען אויפ׳ן גרונד פון דעם קוואל פון די בלינדע... זעהען איהם האָט אבער קיינער, קיינער ניט געטאָרט... נו, נו, דערפאר אז די וועלט וועט זיך דארפען עקען, ווע׳לען מיר אלץ דערגעהן...

ערשטע דיענסט: איך האָב דאָ מורא צו שלאָפען...

אלטע דיענסט: יא, יא. אז דער אומגליק איז שוין בעפאלען דאס הויז, טאָ וואס העלפט דער שווייגען, וואס?..

דריטע דיענסט: יא. פון אומגליק קען מען זיך ניט בעהאלטען. סאי מען רעדט און סאי מען שווייגט...

אלטע דיענסט: יא, יא. אבער מיר געהען דאָך ניט וואוהין מיר וואָלטען ווע׳לען געהן...

פערטע דיענסט: יא, יא. מיר טהוען ניט וואס מיר וואָלטען ווע׳לען טהאָן...

ערשטע דיענסט: איצט האָבען זיי מורא פאר אונז...

צווייטע דיענסט: זיי שווייגען אלע...

דריעטע דיענסט: און אז זיי דארפען דורכגעהן אי־בער די קארידאָרען, לאָזען זיי אראָפּ די אויגען.

פערטע דיענסט: און אז זיי רערען, רעדען זיי אזוי שטיל.

פינפטע דיענסט: עפּעס אזוי ווי זיי וואָלטען זיך אלע צונויפגערעדט.

זעקסטע דיענסט: און ווער קען עס וויסען, וואס זיי האָבען אבגעטהאָן...

זיעבעטע דיענסט: וואס קענען שוין די דיענער

ערשטע דיענסט: יא, יא. דאס מוז דאך עפּעס האָ־בען א מיין...

צווייטע דיענסט: יא. אבער מיט דריי טעג צוריק איז זי דאָך געוואָרען א געווינערין...

די אלטע דיענסט: ריכטיג!.. אויפ'ן טויטען בעט האָט זי געבוירען א קינד. איז דען דאס ניט קיין סימן אויף עפּעס? — און נאָך וואס פאר א קינד! איהר האָט עס גע־זעהן? אזא פּיצענאָטינקע מיידעלע. אפילו א בעטלער וואָלט דאָך שוין געבוירען גרעסערע קינדער. א קליין וועק־סענער קערפּער'ל... עס איז געקומען א סך פאר דער צייט... א קליין וועקסענער מענשעלע, וואס מוז זיך האָ־דעווען אין די וואָלל פון א שעפּסעלע... יא, יא, אן אומ־גליק האָט געטראָפען דאס הויז...

ערשטע דיענסט: יא, גאָט'ס פינגער האָט זיך א ריהר געטהאָן...

צווייטע דיענסט: יא, יא. דאס אלץ איז ניט גע־שעהען אומזיסט...

דריטע דיענסט: דאס איז פונקט דאס זעלבע ווי מיט'ן גוטען פרינץ פּעלעאס... וואו איז ער עס אהינגע־קומען? — קיינער ווייס ניט...

אלטע דיענסט: יא, יא. אלע וויסען... מעהר ניט, יעדער האָט מורא צו רעדען דערפון... מען מוז דאס ניט רעדען, מען מוז יענעס ניט רעדען... מען רעדט שוין היינט פון קיין זאך ניט... מען האָט שוין דעם אמת גאר אין גאנצען אויפגעהערט צו רעדען... אבער איך ווייס

די דריטע דיענסט: אז מען הערט גאר דעם איינגע־נעם קול ניט...

די פערטע דיענסט: מען קען מיט זיי גאר ניט מא־כען. איך האָב שוין געפּרופט. זיי ווילען ניט זיין שטיל...

די ערשטע דיענסט: הפּנים, אז ער איז שוין באלד אויסגעהיילט?

די אלטע דיענסט: ווער?

די ערשטע דיענסט: דער גרויסער גאלאָ.

די דריטע דיענסט: יא, יא. מען האָט איהם אריינ־געפיהרט אין דער ווייב'ס אלקער. איך האָב זיי נאָר וואָס בעגעגענט אין קאָרידאר. מען האָט איהם אונטערגעהאלטען אזוי ווי ער וואלט געוועזן שיכור. ער קען נאָך ניט געהן אליין.

די אלטע דיענסט: ער האָט זיך ניט געקענט דער־טויטען. ער איז צו א גרויסער. זי איז קוים פערוואונדעט, און דאך שטארבט זי עס גאר אוועק... קענט איהר פער־שטעהן אזא זאך?

ערשטע דיענסט: און די וואונד האָסטו אויך געזע־העז?

אלטע דיענסט: אט מיין טאכטער, ווי איך זעה דיך, — פערשטעהסט, איך האָב אלץ געזעהען פריהער פון אלע־מען... א פּיצענאנטינקע וואונד אונטער איהר קליינער לינקער בריסטעלע, — פּיצענאָנטינקע וואונדעלע, וואס קען אפילו קיין טייבעלע ניט אוועקלעגען. נו, שיקט זיך עס?

שטער דערזעהן". נו, איז דאס דען ריכטיג אזוי? — אַט זעהט, אַט האָב איך מיר צוברענט די הענט, ווען איך האָב אנגעצונדען א לאָמפּ אום צו געהן אין קעלער — א שטייגער, וואָס האָב איך עס געקענט דארפען אין קעלער? — נו, האָב איך שוין פערגעסען וואס איך האָב געדארפט אין קעלער. — נאָר, מילא, בין איך מיר אויפגעשטאנען זעהר פריה. עס איז נאָך געווען דונקעל. טראכט איך מיר, לאָמיך מיר פריי־הער געהן איבער'ן הויף, און דערנאָך וועל איך עפענען דעם טויער. מילא, געה איך מיר אויף די ציפּקעלאַך אראָפּ פון די טרעפּ און איך עפען מיר דעם טויער גלייך ווי ער וואלט געווען א טויער ווי אלע טויערען... ערשט שטארקינגער גאָט! וואס איך האָב דערזעהן! נו, אדרבה, טרעפט, וואס איך האָב דערזעהן!..

די ערשטע דיענסט: לעבען טויער זיינען זיי געווען?

די אלטע דיענסט: זיי זיינען ביידע געלעגען אויס־געצויגען לעבען טויער!.. אַט אקוראט ווי אויסגעהונגער־טע בעטלער ליעגען אויפ'ן וועג... זיי זיינען געווען איינ־געשמידט איינס אין צווייטען, אזוי ווי קליינע צושראקענע קינדער... די קליינע פּרינצעסין איז שוין במעט, כמעט געווען א טויטע, און ביים גרויסען גאָלאָ איז נאָך דער שווער־געשטאנען אין זייט... אויפ'ן שוועל איז געווען בלוט...

די צווייטע דיענסט: מען האָט געדארפט הייסען ־־י קינדער זיין שטיל... אַט שטעהען זיי לעבען פענסטער'ל און שרייען מיט די גאנצע כחות זייערע...

אן אכטע דיענסט: זיי וועלען גאר באלד אליין אנ־
שווינגען ווערען.

א נײַנטע דיענסט: עס איז נאך ניט געקומען די
צייט... (אנ'אנדער אלטע דיענסט קומט אריין).

די אלטע דיענסט: מען קען אין איהר אלקער ניט
אריין. איך בין געשטאנען און געהארכט מעהר ווי א שטונ־
דע. איך וואלט געקענט פערנעהמען ווי די פליעגען שפאציע־
רען ארום איבער'ן טיהר... איך האב גארנישט געהערט...

די ערשטע דיענסט: האט מען זי איבערגעלאזען
אליין אין אלקער?

די אלטע דיענסט: ניין, ניין. מיר דוכט, אז דער
אלקער איז פול מיט מענשען.

די ערשטע דיענסט: זיי וועלען קומען, אין גיכען
וועלען זיי קומען...

די אלטע דיענסט: אה, גאט, גאט! א'ן אומגליק
איז בעפאלען דאס הויז... מען מוז האלטען מויל, אבער
ווען איך וואלט געקענט דערצעהלען וואס איך ווייס...

די צווייטע דיענסט: דאס האסטו זיי געטראפען לע־
בען טויער?

די אלטע דיענסט: וואס רען, אודאי, וואס רען?!
דאס האב איך דאך זיי געטראפען. דער טויער־וועכטער
זאגט, אז ער האט זיי דער ערשטער דערזעהן. אבער ווער
האט איהם אויפגעוועקט, אז ניט איך? ער איז געשלאפען
מיט'ן פנים אראפ און האט ניט געוואלט אויפשטעהן. —
און איצט קומט ער גאר און זאגט: „איך האב זיי דער ער־

# פינפטער אַקט.

ערשטע סצענע. א נידעריגער זאַאַל אין שלאָס.

די דיענסטען שטעהען צוזאמען אין א רעדעל. דורך א לופט־פענסטעריל פון קאָרידאר קומט אריין דער גערויש פון קינ־דער, וועלכע שפיעלען זיך אין דרויסען.

אן אלטע דיענסט: איהר וועט זעהן, מיינע טעכ־טער, איהר וועט זעהן. היינט נאכט וועט דאס געשעהן. אימיצער וועט גאַר אין גיכען קומען און עס אונז אנזאגען...

אנ'אַנדער דיענסט: זיי וועלען אונז ניט קומען אנ־זאגען. זיי ווייסען איצט ניט וואס זיי טהוען...

א דריטע דיענסט: לאָמיר דאָ ווארטען...

א פערטע דיענסט: נישט־קשה, מיר וועלען שוין וויסען, ווען ארויפצוקומען...

א פינפטע דיענסט: ווען די צייט וועט קומען, וועלען מיר אליין ארויפגעהן.

א זעקסטע דיענסט: אין גאנצען הויז הערט מען קיין שום רויש ניט...

א זיעבעטע דיענסט: מען האָט געראָפט איינשטי־לען די קינדער, וועלכע שפיעלען זיך לעבען פענסטעריל.

שטעכט פעלעאס׳ן, וועלכער פאלט אנידער ביים ברעג פון קוואל. מעליזאנדע אנטלויפט אין טויט־שרעק).

מעליזאנדע (אנטלויפענדיג): אַה! אַה! איך האָב קיין מוטה ניט!.. איך האָב קיין מוטה ניט!.. (גאָלאָ יאגט זי נאָך שווייגענדיגערהייט דורך׳ן וואלד).

מעליזאנדע: ער האָט געזעהען, ווי מיר האָבען זיך געקושט...

פ ע ל ע אָ ם: ער ווייס ניט, אז מיר האָבען איהם געזעהען... גיב זיך קיין ריהר, דרעה ניט אום דיין קאָפּ... ער קען נאָך אויף אונז אנפאלען מיט א ווילדען אימפּעט... זאָלאַנג ער מיינט, אז מיר ווייסען גאָר נישט, וועט ער בלייבען שטעהן דאָרטען. ער שפּירט אונז נאָך... ער גיט זיך נאָך אלץ ניט קיין ריהר. געה, געה אהער די מינוט... איך וועל אויף איהם ווארטען... איך וועל איהם צוהאלטען...

מעליזאַנדע: ניין! ניין! ניין!..

פעלעאַם: געה, געה! ער האָט אלץ געזעהען!.. ער וועט אונז טויטען!..

מעליזאנדע: נאָך בעסער! נאָך בעסער! נאָך בעסער!..

פעלעאַם: ער געהט! ער געהט!.. גיב מיר דיין מויל! דיין מויל!..

מעליזאנדע: יא! · יא! יא!.. (זיי קושען זיך פערצווייפעלט).

פעלעאַם: אָה! אָה! אלען שטערען פאלען אראָפּ!..

מעליזאנדע: אויף מיר אויך! אויף מיר אויך!..

פעלעאם: ווידער! ווידער!.. גיב אהער! גיב אהער!..

מעליזאנדע: אלץ! אלץ! אלץ!..

(גאָלאָ פליהט צו צו זיי מיט'ן שווערד אין האנד און

פעלעאם: איך הער בלויז ווי דיין הארץ קלאפּט אין דער פינסטער...

מעליזאַנדע: איך האָב געהערט א שאָרך פון פער־דארטע בלעטער...

פעלעאם: דאס איז, ווייל דער ווינד איז פּלוצלונג אנשווייגן געווארען... ער האָט אויפגעהערט ווען מיר האָבען זיך צוקושט...

מעליזאנדע: ס׳ארא לייגנג אונזערע שאטענס זיינען היינטיגע נאכט!

פעלעאם: זיי נעהמען זיך ארום ביז צום גאָרטען. אך, ווי זיי קושען זיך ווייט פון אונז!.. זעה נאָר, זעה נאר!..

מעליזאנדע (אין א פערשטיקטער שטימע): א־א־הא! — ער שטעהט הינטער א בוים!

פעלעאם: ווער?

מעליזאנדע: גאָלאָ!

פעלעאם: גאָלאָ! — וואו? איך זעה קיין זאך ניט...

מעליזאנדע: אָן דאָרטען... ביים עק פון אונזערע שאָטענס...

פעלעאם: יא, יא, אָט האָב איך איהם געזעהען... לאמיר ניט אוועק מיט אמאָל...

מעליזאנדע: ער האָט מיט זיך זיין שווערד...

פעלעאם: און איך האָב מיין שווערד ניט מיטגענו־מען...

קומען אהערצו... איך ווייס אליין ניט פאר וואס, — איך האָב מורא געהאט צו קומען...

פעלעאס: עס זיינען דאָ אזוי פיעל זאכען, וואס מען וועט קיינמאָל ניט וויסען. שטענדיג ווארטען מיר און ווארטען, דערנאָך... וואס איז דאס פאר א גערויש? — מען שפארט צו די טויערן!..

מעליזאַנדע: יא, מען האָט צוגעמאכט די טויערן.

פעלעאַס: איצט קאנען מיר שוין ניט געהן צוריק?— הערסט, ווי מען פערריגעלט די ריגלען? — הער, הער! — אָט פערקייטעלט מען שוין די גרויסע קייטען!.. איצט איז שוין צו שפעט, שוין צו שפעט!..

מעליזאנדע: אזוי איז בעסער! אזוי איז בעסער! אזוי איז בעסער!

פעלעאס: דו —...? זעה נאָר, זעה נאָר! איצט איז דאך דאס שוין ניט געווענדט אָן אונזער ווילען!.. אלץ פערלארען, אלץ געוואונען! די היינטיגע נאכט האָבען מיר אלץ געוואונען! — קום, קום... מיין הארץ קלאפט אזוי ווי משוגע, — עס שלאגט ארויף ביז צום סאמע האלז... (זיי זעהען זיך ארום). הער! הער! מיין הארץ דער־שטיקט מיך באלד... קום! קום!... אָה, ווי שעהן עס איז דאָ אין די שאָטענס!..

מעליזאנדע: אימיצער שטעהט דאָ הינטער אונז!..

פעלעאס: איך זעה קיינעם ניט...

מעליזאנדע: איך הער א גערויש...

פעלעאם: דיין נשמה איז ווייט פון דאנען... וואס איז דיר? עפעס דוכט זיך מיר אָפּ, אז דו ביסט ניט גליק־ליך...

מעליזאנדע: יא, יא, איך בין גליקליך, נור מיר איז אומעטיג...

פעלעאם: ס'טרעפט אָפט, אז ווען מען איז פערליעבט, איז מען אומעטיג...

מעליזאנדע: איך מוז שטענדיג וויינען, ווען איך טראַכט וועגען דיר...

פעלעאם: איך אויך... איך אויך, מעליזאנדע... איך בין איצט זעהר נאָהענט לעבען דיר; איך וויין פאר פרייד און דאָך... (ער קושט זי נאָך אמאָל). ווען איך קוש דיך אָט אזוי אָ, ביזטו אזוי זאנדערבאר... דו ביזט אזוי שעהן, גלייך ווי דו וואלסט באלד געדארפט שטארבען...

מעליזאנדע: דו אויך...

פעלעאם: שא, שא... מיר טהוען ניט דאס, וואס אונז ווילט זיך... ווען איך האָב דיך דאס ערשטע מאָל דערזעהען, האָב איך דיך ניט ליעב געהאט...

מעליזאנדע: איך אויך ניט... איך אויך ניט... איך האָב מורא געהאט...

פעלעאם: איך האָב ניט געקאנט אריבערטראגען דייע־נע אויגען... איך האָב גלייך געוואלט אוועקפאהרען... דאן...

מעליזאנדע: און איך — איך האָב גאר ניט געוואלט

הען... איך בין געוועזן פול מיט אונרוהיגקייט: איך האָב ארומגעזוכט איבער דאס גאנצע הויז... איך האָב ארומגעזוכט איבער דאס גאנצע לאנד... אבער קיין שעהנקייט האָב איך ניט געפונען... איצט האָב איך דיך געפונען!.. איך מיין אויף דער גאנצער וועלט איז ניטאָ קיין שעהנערע פרוי פאר דיר!.. וואו ביזטו? — פאר וואס הער איך ניט דיין אטהעם?..

מעליזאנדע: דאס איז דערפאר, ווייל איך קוק אויף דיר...

פעלעאס: וואס קוקסטו עס עפּעס אויף מיר אזוי ערנסט? — מיר זיינען שוין אין שאָטען. — ניין, אונטער דיזען בוים איז צו פינסטער. קום אין דער ליכטיגקייט. אין דער פינסטער קאנען מיר ניט זעהען, ווי גליקליך מיר זיינען. קום, קום! אונז איז דאָך נאָר פערבליעבען אזוי ווייניג צייט...

מעליזאנדע: ניין, ניין, לאָמיר דאָ זיין... אין דער פינסטער בין איך צו דיר נעהענטער...

פעלעאס: וואו זיינען דיינע אויגען? — וואס, צי ווילסטו שוין אוועקלויפען פון מיר? — דו טראכסט שוין איצט ניט וועגען מיר?

מעליזאנדע: אה, יא, יא, איך טראכט בלויז פון דיר...

פעלעאס: דו האָסט דאָך אבער געקוקט ערגיץ אנ־דערש...

מעליזאנדע: איך האָב דיך געזעהען ערגעץ אנדערש...

זאָגט... דו האָסט מיך ליעב? — דו האָסט מיך אויך ליעב?.. ווי לאַנג איז שוין אז דו האָסט מיך ליעב?..

מעליזאַנדע: פון אימער אָן... פון דער צייט אָן, וואָס איך האָב דיך דערזעהען...

פעלעאַס: אָך, ווי דו זאָגסט עס... דיין שטימע האָט אַזוי אַריבערגעשוועבט איבער'ן ים אין פריהלינג... איך האָב זי ביז איצט גאָר קיינמאָל ניט געהערט... עפּעס האָט זי אַזוי ווי אַ רעגענדיל אַראָפּגעטריפּט אויף מיין האַרץ... דו זאָגסט עס אַרויס אַזוי אָפענהערציג... אַזוי ווי אַ מלאך וואָלט אָבגעגעבען חשבון... איך קאָן עס ניט גלויבען, מעליזאַנדע!.. פאַר וואָס זאָלסטו דען מיך ליעב האָבען? — ניין, זאָג מיר פאַר וואָס האָסטו מיך ליעב? — איז דאָס אָן אמת, וואָס דו זאָגסט מיר? — דו מאַכסט ניט חוזק פון מיר? — לייגסטו גאָר ניט אַביסעלע, אום אַרויסצו־רייסען ביי מיר אַ שמייכעל?..

מעליזאַנדע: ניין. איך לייג קיינמאָל ניט; דיין ברודער, נאָר איהם לייג איך...

פעלעאַס: אה, ווי דו זאָגסט עס אַרויס!.. דיין שטימע! דיין שטימע... זי איז נאָך קיהלער און אָפענ־הערציגער ווי דאָס וואַסער!.. זי טריפּט אַראָפּ אויף מיינע ליפּען ווי קלאָרעס וואַסער!.. זי טריפּט אַראָפּ ווי קלאָרעס וואַסער אויף מיינע הענד... גיב מיר, גיב מיר דיינע הענט... אָך, ס'אַרא קליינע הענטעלעך דו האָסט!.. איך האָב גאָר קיינמאָל ניט געוואוסט, אַז דו ביסט אַזוי שעהן!.. ביז דיר האָב איך נאָך קיינמאָל אַזאַ שעהנע זאַך ניט געזע־

מעליזאַנדע: מיר זיינען דאָ שוין אַמאָל געווען... איך דערמאָן זיך...

פעלעאַס: יאַ... יאַ... מיט פיעלע מאָנאַטען צוריק. — איך האָב נאָך דאַמאָלס ניט געוואוסט... ווייסטו צוליעב וואס איך האָב דיך געבעטען היינט קומען אהערצו?

מעליזאַנדע: ניין.

פעלעאַס: עס איז אפשר דאס לעצטע מאָל, וואס איך זעה דיך... איך מוז פון דאנען אוועקפאָהרען אויף אייביג...

מעליזאנדע: פאר וואס זאגסטו עס אלע מאָל, אז דו פאָהרסט אוועק?..

פעלעאַס: דארף איך דיר דען דערציילען דאס, וואס דו ווייסט שוין? צי ווייסטו דען ניט, וואָס איך וויל דיר דערציילען?

מעליזאנדע: וואס מיינסטו? ניין, איך ווייס ניט. גאָר ניט. איך ווייס קיין זאך ניט. —

פעלעאַס: דו ווייסט ניט פאר וואָס איך מוז אוועק פון דאנען?.. דו ווייסט ניט, אז דאס איז ווייל... (ער קושט זי פלוצלונג). איך האָב דיך ליעב!..

מעליזאנדע (אין א שטילען טאָן). איך ליעב דיך אויך...

פעלעאַס: אה! אה! וואס האָסטו געזאגט. דו האָסט דורכגעבויערט דאָס אייז מיט א אנגעגליהטען אייזען!.. דו זאגסט עס ארוים מיט א שטימע, וועלכע קומט פון סוף וועלט!.. איך האָב קוים געהערט וואס דו האָסט גע־

סטער פון טורעם; קום אהערצו; דאָ דארפען מיר גאָר ניט מורא האָבען. — היט זיך, מען קאן אונז נאָך דערזעהען...

מעליזאַנדע: איך וויל, אז מען זאל מיך דערזעהן...

פעלעאַס: וואס איז, וואס איז דיר? — דיר איז געלונגען ארויסצוגעהן, אז קיינער זאל דיך ניט זעהן?

מעליזאַנדע: יא, דיין ברודער איז געשלאָפען.

פעלעאַס: עס איז שוין שפּעט — אין א שטונדע ארום וועט מען שוין צושפּארען די טויערען. מיר מוזען זיך היטען ניט צו פערגעסען. פאר וואס ביסטו געקומען אזוי שפּעט?

מעליזאַנדע: דיין ברודער האָט געהאט א בייזען חלום. דערנאָך האָט זיך מיין קלייד פערטשעפּעט אין די צוועקעס פון טויער. זעה, אָט איז זי צעריסען. דערווייל איז אוועק אזוי פיעל צייט, בין איך געלאָפען...

פעלעאַס: מיין ארימע מעליזאַנדע!.. איך האָב באלד מורא אָנצוריהרען דיך... דו קענסט נאָך אלץ דעם אטהעם ניט אפּכאַפּען, אזוי ווי א געיאגטער פויגעל... טהוסט עס אלץ צוליעב מיר, צוליעב מיר?.. איך הער דאס קלאפּען פון דיין הארץ אזוי קלאָר, ווי דאָס וואָלט געוועזען מיין אייגען הארץ... קום אהערצו... נעהענטער, נעהענטער צו מיר...

מעליזאַנדע: וואס לאכסטו עפּעס?

פעלעאַס: איך לאך ניט, נאָר אפשר לאָך איך עס פאר פרייד און ווייס עס אליין ניט... און דאָך וואָלט איצטער בעסער געפּאסט צו וויינען...

זאגען, אז איך אנטלויף... מיין פאטער איז שוין ארויס פון סכנה און איך דארף מיר אליין שוין מעהר קיין ליגען ניט זאגען... עס איז שוין שפעט; זי קומט ניט... גלייכער וואלט געווען, איך זאל אוועקפאהרען און זי מעהר ניט זעהן. דאס מאל מוז איך זי דאך זעהן... עס זיינען פאראן זאכען, וועלכע איך קאן זיך שוין ניט דערמאָנען... אמאל דוכט זיך מיר, אזוי ווי איך וואלט זי שוין הונדערט יאהר ניט געזעהען... און איך האב זיך נאך אין איהר גוט ניט איינגעקוקט. ווען איך געה אוועק אט אזוי, דאן בלייבט דאך מיר גאר ניט. און די אלע עראינערונגען... עס קומט אויס פונקט ווי איך זאל וועלען אננעהמען אביסעל וואסער אין א דינעם זעקעל... נאר דעם איין לעצטען מאל מוז איך זי זעהן, ארייננקוקען איהר ביז צום גרונד פון איהר הארצען... איך מוז איהר דערציילען אלץ, וואס איך האב איהר נאך קיינמאל ניט דערציילט. (מעליזאנדע קומט אריין).

מעליזאנדע: פעלעאס!

פעלעאס: מעליזאנדע! ביסטו עס, מעליזאנדע?

מעליזאנדע: יא.

פעלעאס: קום אהער. שטעה ניט דאָרטען אויפ'ן ברעג פון דעם לבנה־שיין. — קום אהערצו. מיר האבען דאך איינס דאס אנדערע אזוי פיעל צו זאגען. קום אהערצו, אין דעם שאטען פון דעם לינדען־בוים.

מעליזאנדע: לאז מיך זיין דא אין דער ליכטיג־קייט...

פעלעאס: מען קאן אונז נאך דערזעהען פון די פענ־

סך!.. ס'אַרא סך!.. זיי פערנעהמען דעם גאנצען וועג... אָט שווייגען זיי שוין. פּאסטוך! פּאסטוך! פאר וואס זיינען זיי אנשווייגען געווארען?

דער פּאַסטוך (מען זעהט איהם ניט): דערפאר ווייל דאס איז ניט דער וועג אין שטאהל אריין...

איניאָלד: וואוהין געהען זיי? — פּאסטוך? פּאס־טוך! — וואוהין געהען זיי? — ער הערט מיך שוין ניט. זיי זיינען שוין צו וויט... זיי געהען שנעל... זיי מאַ־כען שוין גאָר קיין גערויש ניט... דאס איז ניט דער וועג צום שטאהל... וואו וועלען זיי היינט נעכטיגען? — אָה! אָה! — עס איז צו פינסטער... איך מוז עמיצען עפּעס דערציילען... (ער געהט ארוים).

פערטע סצענע א קוואל אין פּארק.

פעלעאַס קומט אריין.

פעלעאַס: דאס איז דער לעצטער אווענד... דער לעצטער אווענד. דאס מוז נעהמען א סוף. אזוי ווי א קינד האָב איך זיך געשפּיעלט ארום א געפעהרליכער זאך, וועלכע איך האָב ניט פערשטאנען... ווי אין א חלום האָב איך זיך געשפּיעלט מיט די נעצען פון שיקזאל... ווער האָט מיך פּלוצלונג אויפגעוועקט? איך וועל אנטלויפען מיט א גע־שריי פון פרייד און פּיין, אזוי ווי א בלינדער, ווען ער אנט־לויפט פון זיין ברענענדען הויז... איך וועל איהר אויס־

ער איז שווערער פון אלץ, וואס איז ווען געשעהן... אָט ליעגט מיין גאלדענע פילקע צווישען דעם פעלז און אָט דעם שלעכטען שטיין, און דאָך קאָן איך צו איהם ניט גרייכען... מיין הענטעלע איז צו קורץ... — און דער שטיין לאָזט זיך ניט אויפהויבען... איך קאָן איהם ניט אויפהויבען... קיינער וואָלט איהם ניט אויפהויבען... ער איז שווערער פון דער גאנצער הויז... מען קאָן מיינען, אז ער האָט וואָרצלען אין דר'ערד... (עס דערהערט זיך פון דערוויי־טענס דאס מעקען פון א סטאדע שאָף). — אך! אך! איך הער ווי די שאָף מעקען... (ער געהט צו צום ברעג פון טערראסע און קוקט ארוים). וואס! די זון איז שוין אוועקגעגאנגען... זיי קומען... אָה, וואס פאר א סך!.. זיי קומען... אָה, וואס פאר א סך!.. א סך!.. זיי שרעקען זיך פאר דער פינסטערנעס... זיי טוליען זיך איינס צום אנדערן! זיי טוליען זיך!.. קויב וואס זיי געהען... זיי מעקען! מעקען! און געהען שנעל!.. זיי געהען שנעל!.. זיי געהען שנעל!.. אָט זיינען זיי שוין ביים גרויסען קרייץ־וועג! אה! אה! זיי ווייסען ניט וואו זיי דארפען זיך פארקעהרען... זיי מע־קען שוין ניט... זיי ווארטען... א ביסעל געהען רעכטס... זיי קאנען ניט!.. דער פאסטוך שיט אויף זיי ערד... אה! אה! אָט וועלען זיי דאָ פארבייגעהן... זיי פאלגען איהם! זיי פאלגען! אָט וועלען זיי דאָ פאר־בייגעהן... זיי וועלען פארבייגעהן אונטער די פעלזען... איך וועל זיי זעהן גאר נאָהענט... אה! אה! ס'ארא

פאראוים! צוריק! צום דר'ערד אראפ!.. זעהסט, זעהסט, איך לאך שוין ווי אן אלטער מאן...

אַרקעל (לויפט צו איהם צו): גאָלאָ!..

גאָלאָ (מאכענדיג זיך אזוי ווי ער וואָלט זיך פּלוצלונג בערוהיגט). טהו וואס דו ווילסט. — מיר איז אלץ איינס. — איך בין צו אלט, א חוץ דעם בין איך קיין שפּיאָן ניט. איך וועל אפּווארטען, זעהן וואס עס וועט געשעהן און דאַ־מאָלסט... אה! דאמאָלסט!.. בלויז ווייל עס איז אזוי איינגעפיהרט; בלויז ווייל עס איז איינגעפיהרט אזוי... (ער געהט ארוים).

אַרקעל: וואס איז דאס מיט איהם? — ער איז שיכור, צי וואָס?

מעליזאַנדע (דורך טרערהען): ניין, ניין. ער האָט מיך שוין מעהר ניט ליעב... איך בין אומגליקליך!.. איך בין אומגליקליך!..

אַרקעל: ווען איך וואלט געוועזן א גאָט, וואָלט איך אויף די מענשענ'ס הערצער רחמנות געהאַט...

❧ ❧

דריטע סצענע. א טעררּאַסע פאר'ן שלאָס.

דער קליינער איניאָלד פּרופט אויפהויבען א גרויסען שטיין.

איניאָלד: אָה, א שווערער שטיין!.. דער שטיין איז שווערער פון מיר... ער איז שווערער פון אלעמען.

גען פון א שעפעלע... זיי קאָנען לערנען אונשולד אפילו גאָט אליין! א גרויסע אונשולד! הער נאָר צו: איך שטעה אזוי נאָהענט לעבען אָט די אויגען, דאָס ווען זיי גיבען א ווינק, דערפיהל איך די פרישקייט פון זייערע ברעמען. און דאך זענען מיר די גרויסע סודות פון יענער וועלט ווניגער פרעמד איידער די קלענסטע סעקרעטען פון אָט די אויגען!.. א גרויסע אונשולד!..נאָך מעהר ווי אונ־שולד! מען וואלט געקענט מיינען, אז די מלאכים פון הימעל פייערן אין זיי זייער איביגע תבילה!.. אָה, איך קען די אויגען! איך האָב זיי געזעהען טהאענדיג זייער ארבייט. מאך זיי צו! מאך זיי צו! אז ניט וועל איך זיי צומאכען אויף א היבשע ווילע!.. — האלט ניט אזוי דיין רעכטע האנד ארום דיין האלז. איך רעד דאָך גאנץ איינפאכע דיבורים... איך האָב קיין שום הינטער גע־דאנק ניט... ווען איך וואלט יא געהאט א הינטער גע־דאנק, פאר וואס דען זאל איך ניט ארויסזאגען? אה! אה! — פרואוו ניט אנטלויפען! — אָט! גיב מיר די האנד! — אה, הענט זיינען צו היים... געה אוועק! דיין לייב עקעלט מיך!.. אָט אזוי! — איצט איז שוין קיין פראגע ניט פון אנטלויפען! — (ער כאפט זי אָן פאר די האָאָר). — איצט ווסטו שוין נאָך מיר נאכגעהן אויף די קניע! — אויף די קניע! — אויף די קניע פאר מיר! — אך! אך! דיינע לאנגע האָאָר זיינען ענדליך דאך צוניץ געקומען!.. רעכטס, לינקס!.. רעכטס! — אבשלום היינגט אויף זיינע לאַנגע האָאָר אויפ׳ן בוים! אבשלום!

מעליזאַנדע: בויג אָן דיין קאָפּ אביסעל, מיין
האַרר... איך וועל דיר אָפּווישען דעם שטערען...

גאַלאַ: (שטויסט איהר אָפּ). איך וויל ניט, דו
זאָלסט מיך אנריהרען, דו פערשטעהסט? געה, געה! —
ניט צו דיר רייד איך. — וואו איז מיין שווערד? — איך
בין עס געקומען געפינען מיין שווערד...

מעליזאַנדע: אָט ליעגט ער אויפ׳ן אַלטאַרעל.

גאַלאַ: דערלאַנג איהם אהער. (צו ארקעל׳ן) מען
האָט ערשט געפונען נאָך אַ טויטען פויער ביים ברעג ים. ער
איז אויסגעגאַנגען פון הונגער. מען קאָן מיינען, אז זיי ווי־
לען אלע אויסשטאַרבען פאַר אונזערע אויגען. — (צו מע־
ליזאַנדע׳ן): נו, וואו איז מיין שווערד? — וואס ציטער־
סטו אזוי? — איך וויל דיך ניט טויטען. איך וויל בלויז
בעקוקען דעם שאַרף. איך געברויך ניט מיין שווערד פאַר
אזעלכע צוועקען. וואס קוקסטו מיך עפּעס אָן אזוי ווי איך
וואָלט געוועזען א בעטלער? — איך בין ניט געקומען בע־
טען ביי דיר א נדבה. ווי, דו האָפסט עפּעס צו לייענען אין
מיינע אויגען, און איך זאָל גאָר ניט לייענען אין דיינע אוי־
גען? — וואָס, דו דיינקסט אז אפשר ווייס איך עפּעס? —
(צו אַרקעל׳ן). — זעהסט אָן יענע גרויסע אויגען? — זיי
קוקען גלייך ווי זיי וואָלטען שטאָלצירט מיט זייער ריינ־
קייט...

אַרקעל: איך זעה אין זיי בלויז א גרויסע אונשולד...

גאַלאַ: א גרויסע אונשולד!.. זיי זיינען נאָך גרע־
סער ווי די אונשולד!.. זיי זיינען נאָך ריינער ווי די אוי־

און גליקליכע געשעהענישען... און דו וועסט איצט
אויך אויפעפענען די טהיר פאר דער נייער תקופה, וועלכע
איך שפיר שוין אנקומען... קום אהער צו מיר; וואס
שטעהסטו עפעס דארט און ענטפערסט ניט און הויבסט ניט
אויף די אויגען? — ביז איצט האב איך דיך בלויז איינ־
מאל געקושט. דאס איז געוועזען דעם טאג ווען דו ביסט
אהערצו אנגעקומען. אלטע לייט מוזען אמאל אנריהרען
מיט זייערע ליפען א פרוי'ס שטערען אדער א קינד'ס באק,
אום צו קאנען גלויבען, אז דאס לעבען איז נאך פריש און
אום כאטש אפצוטרייבען אויף א ווײַלע די דראהונגען...
האסטו מורא פאר מיינע אלטע ליפען? אה, ווי בעדרויערט
האב איך דיך אט די אלע מאנאטען!..

מעליזאנדע: זיידע, איך בין ניט געוועזען אומגליק־
ליך...

ארקעל: פיעלייכט ביסטו איינע פון יענע מענשען,
וואס ווייסען אליין ניט, אז זיי זיינען אומגליקליך...
אזעלכע זיינען נאך אומגליקליכער פון אלע אומגליקליכע...
לאם איך אויף דיר א קוק טהאן, אט אזוי, גאנץ פון נאהענ־
טען, איין רגע בלויז... מיר ברויכען אזוי נויטהיג די שיינ־
קייט ביי דער זייט פון טויט... (גאלא קומט אריין).

גאלא: פעלעאס פאהרט היינט ביי נאכט אוועק.

ארקעל: עס גיסט דאך בלוט פון דיין שטערען. —
וואס האסטו געטהאן?

גאלא: גארנישט, גארנישט... איך בין דורכגע־
קראכען דורך א צאהם פון דערנער.

האָב אויף דיר רחמנות געלעגט, מעליזאַנדרע... דו ביסט אהער געקומען פול מיט פרייד, אזוי ווי א קינד, וואס קומט צופאהרען אויף יום־טוב. אבער אין דער מינוט ווי דו ביסט נאָר אריין אין פאָדער־הויז, האָב איך שוין געזעהען ווי דיין געזיכט ענדערט זיך, און אפשר אויך דיין נשמה, אָט אקו־ראט ווי עס ענדערט זיך ביי א מענשען דער פּנים, גאָר אָהן זיין ווילען, אזוי שנעל ווי ער געהט נאָר אריין אין מיטען העלען טאָג אין א פינסטערער קאַלטער הייהל... און פון דאַמאָלס אָן — פון דאַמאָלס אָן האָב איך דיך אָפּט איבער דעם ניט געקאנט פערשטעהן... אָפּט האָב איך דיך גע־זעהן שטעהענדיג דאָרטען. דאַכט זיך, האָסט זיך גאָר ניט געקימערט, אָבער דו האָסט געהאט דעם מאָדנעם, צורודער־טען בליק פון א מענשען, וואָס שטעהט אין דער זונן, אין א פראַכטפאָלען גאָרטען, און ריכט זיך פאַר איינס אויף עפּעס א גרויסער צרה... איך קאָן דאָס ניט ארויסגעבען... אָבער ווען איך האָב דיך אזוי געזעהן שטעהענדיג, האָט מיך אָנגעכאַפּט אָן אומעט. וואָרים דו ביסט נאָך צו יונג און צו שעהן, אז דו זאָלסט שוין איצט טאָג און נאַכט לעבען אונ־טער דעם אָטהעם פון טויט... נאָר איצט וועט דאָס אַלץ אנדערש ווערען. מיינע אַלטע יאָהרען — און דאָס איז אפשר די זיכערסטע פּרוכט וואָס מיין לעבען האָט מיר גע־בראַכט — מיינע אַלטע יאָהרען האָבען מיך אויסגעלערענט האָבען דעם גרעסטען בטחון אין די טרייקייט פון די גע־שעהניסען. און איך האָב אויך אויסגעפונען, דאָס יעדעס יונג און שעהן וועזען פערפלאַנצט ארום זיך יונגע, שעהנע

פון דער אנדערער זייט דאכט זיך מיר, אז דער גאנצער הימעל און ערד הייגנען מיר אויפ'ן רוקען און שלעפען מיר אראָפּ, אראָפּ...

מעליזאַנדע: וואָס איז געשעהן, פעלעאס? — איך הער דיך אויף צו פערשטעהן.

פעלעאַס: נו, איצט געה, געה, לאָמיך זיך צושייר דען. איך הער ווי אימיצער רעדט הינטער אָן יענער טהיר... דאָס זיינען די פרעמדע, וואָס זיינען היינט פריה אָנגעקומען אין שלאָס... זיי געהען דאָס איצט ארויס... לאָמיר געהן. דאס זיינען די פרעמדע. (זיי געהען ארויס אין בעזונדערע וועגען.)

## צווייטע סצענע. א צימער אין שלאָס.

ארקעל און מעליזאנדע.

אַרקעל: איצט, אז פעלעאס'עס פאטער איז אב־געראטעוועט געווארען פון טויט, און די קראנקהייט, דעם טויט'ס אלטע דיענסט, האָט אבגעטראָטען פון שלאָס, וועט אין הויז ענדליך זיך צוריק אומקעהרען אביסעל פרייד און אביסעל זונען־שיין... עס איז שוין צייט! — ווארום פון זינט דו ביזט אהער אָנגעקומען, איז דאָך אונזער גאנץ לעבען נאָר בעשטאנען אין איין ארומדרעהען זיך ארום א פערמאכטען צימער און שושקען זיך... און, ווירקליך, איך

פעלעאם? סטייטש, סטייטש, איך האָב דאָך עס גאָר פֿריי־הער ניט בעמערקט, אָבער דו האָסט דאָך פונקט אזא אומע־טיג־ליעבע מיענע ווי ביי א מענשען ווען עס איז ניט בע־שערט לאנג צו לעבען אויף דער וועלט... דו מוזט ריי־זען; דו מוזט רייזען... דאס איז מאָדנע. איך וועל איהם פֿאָלגען... די מאמע האָט געהערט זיינע רייד און האָט זיך אזש צו־ווײנט פאר שמחה. — האָסטו דען ניט בעמערקט? — דאס גאנצע הויז האָט דאכט זיך אָב־געלעבט. אָט איצט הערט מען ווי מענשען אָטהעמען, ריי־דען, געהען ארום... האָרך, איך הער ווי אימיצער רעדט הינטער יענער טהיר. שנעלער, שנעלער, ענטפער מיר אויף גיך! וואו זעה איך דיך?

מעליזאַנדע: וואו ווילסטו?

פעלעאם: אין פארק, לעבען דעם קוואל פון די בלינדע. — דו ווילסט? וועסטו קומען?

מעליזאנדע: יא.

פעלעאם: דאָס וועט זיין די לעצטע נאכט; איך וועל ארויספאהרען אויף א רייזע, אזוי ווי דער פאטער האָט געזאָגט. דו וועסט מיך שוין מעהר ניט זעהן...

מעליזאַנדע: ניט זאָג דאָס, פעלעאם... איך וועל דיך שטענדיג זעהן. אימער וועל איך אויף דיר קוקען...

פעלעאָם: דיין קוקען וועט זיין אומזיסט... איך וועל זיין אזוי ווייט פון דיר, אז דו וועסט מיך שוין מעהר ניט קאָנען זעהן... איך וועל זעהן אוועקפאהרען. זעהר ווייט... איך בין, דאכט זיך, אזוי פול מיט פרייד, און

# פערטער אַקט.

ערשטע סצענע. א קאָרידאָר אין שלאָס.

פעלעאַס און מעליזאַנדע בעגעגנען זיך.

פעלעאַס: וואוהין געהסטו? איך מוז מיט דיר היינט ביינאכט רעדען. וועל איך דיך זעהן?

מעליזאַנדע: יא.

פעלעאַס: איך געה דאָס איצט פון מיין פאָטער'ס צימער. ער איז בעסער. דער דאָקטאָר האָט מיר געזאָגט, אז איצט איז ער שוין א געראטעוועטער... און דאָך האָט מיר דאָס הארץ היינט פריה געזאָגט, אז דער היינטיגער טאָג וועט זיך ענדיגען ניט גוט. זייט א היבשע צייט האָט מיר דער אומגליק געשומעט אין די אויערען... דערנאָך איז פלוצלונג געקומען א גרויסע ענדערונג און היינט, הייסט עס שוין, אז גאָר גיך וועט ער געזונד ווערן. מען האָט שוין היינט אויפגעריסען אלע פענסטער אין זיין צימער. ער רעדט נאָך ניט ווי אלע מענשען, אָבער זיינע מחשבות קומען שוין איצט ניט דורכאויס פון יענער וועלט... ער האָט מיך דערקענט. ער האָט מיך אָנגענומען פאר'ן האנד און מיט דעם מאָדנעם קוק, וואָס ער האָט געקראָגען זינט ער איז קראנק געוואָרען, האָט ער צו מיר געזאָגט: דאָס ביסטו,

איניאָלד: איך שרעק מיך ווייטער צו קוקן, פּאַטע־ריל!.. לאָז מיך אַראָב!..

גאַלאָ: קוק! קוק!..

איניאָלד: אה, פּאַטעריל, איך וועל אָנהייבן וויינען! — לאָז מיך אַראָב! לאָז מיך אַראָב!..

גאַלאָ: קום, מיר וועלן גיין זען וואָס איז געשען.

(זיי גייען אַרויס).

איניאָלד: זיי קוקען אויף דאָס ליכט.

גאָלאָ: זיי ביידע?

איניאָלד: יא, פּאַטעריל.

גאָלאָ: און זאָגען זאָגען זיי גאָרנישט?

איניאָלד: ניין, פּאַטעריל. זיי טהוען ניט קיין פינ־טעל מיט קיין אויג.

גאָלאָ: און זיי קומען ניט צו נאָהענט איינס צום אנ־דערען?

איניאָלד: ניין, פּאַטעריל, זיי גיבען זיך קיין ריהר ניט.

גאָלאָ: זיצען זיי?

איניאָלד: ניין, פּאַטעריל. זיי שטעהען אָנגעלעהנט אנטקעגען וואנט.

גאָלאָ: זיי מאכען אויך ניט קיינע בעוועגונג איינס צום אנדערן? — זיי קוקען ניט איינס אויפ'ן אנדערן? זיי מאכען קיינע צייכענס איינס צום אנדערן?..

איניאָלד: ניין, פּאַטעריל. — אה! אה! פּאַטעריל, זיי גיבען ניט קיין ריהר מיט אן אויג... עס פאלט אויף מיר אָן א פחד...

גאָלאָ: זיי שטיל. זיי גיבען זיך נאָך אלץ קיין ריהר ניט?

איניאָלד: ניין, פּאַטעריל. — פּאַטעריל, איך האָב מורא, לאָז מיך אראָב!..

גאָלאָ: וואָס איז? וואָס האָסטו מורא? — קוק, קוק!..

די מוטעריל וועט זיך מורא'דיג איבערשרעקען ... זעהסטו איהר? — איז זי דאָרט אין צימער?

איניאָלד: יא... אה, ווי ליכטיג דאָרט איז!

גאָלאָ: אליין איז זי?

איניאָלד: יא... ניין, ניין, דער פעטער פעלעאַס איז אויך דאָרטען.

גאָלאָ: ער!.. —!

איניאָלד: אה! אה! פאָטעריל! דו האָסט מיר א קלאפּ געגעבען.

גאָלאָ: עס איז גאָרנישט; זיי שטיל. איך וועל דאָס מעהר ניט טהאָן. קוק, קוק ווייטער. איניאָלד! איך האָב א פאלשען טראָט געטהאָן; זיי שטילער. וואָס טהוען זיי?

איניאָלד: זיי טהוען גאָרנישט, פאָטעריל; זיי וואַרטען אויף עפּעס.

גאָלאָ: זיצען זיי נאָהענט איינס לעבען אנדערען?

איניאָלד: ניין, פאָטעריל.

גאָלאָ: און... און דאָס בעט? זיינען זיי לעבען בעט?

איניאָלד: דאָס בעט, פאָטעריל? — דאָס בעט קען איך ניט זעהן.

גאָלאָ: שטילער, שטילער, זיי וועלען דיך נאָך דערהערען. רעדען זיי איצט?

איניאָלד: ניין, פאָטעריל, זיי רעדען ניט.

גאָלאָ: אָבער וואָס טהוען זיי פאָרט? — עפּעס מוזען זיי דאָך טהאָן...

גאָלאָ: יא, עס ווערט ליכטיג...

איניאָלד: לאָמיר אויך געהן אהין. פאָטעריל, לאָמיר אויך געהן אהין...

גאָלאָ: וואוהין ווילסטו געהן?

איניאָלד: אהין וואו עס איז ליכטיג, פאָטעריל.

גאָלאָ: ניין, ניין, מיין קינד; לאָמיר נאָך אביסעל זיצען אין דער פינסטער... מען קען ניט וויסען, מען קען נאָך ניט וויסען... זעהסט ווי יענע ארימע לייט דאָרטען מאטערען זיך פערנאנדער לעגען א פייעריל אין וואלד? — עס איז געגאנגען א רעגען. און אָן דאָרטען זעהסטו ווי דער אלטער גערטנער מאטערט זיך אויפצוהייבען יענעם בוים. וואָס דער ווינט האָט איינגעוואָרפען איבער'ן מיטען וועג? — ער קען ניט; דער בוים איז צו גרויס; דער בוים איז צו שווער און ער וועט בלייבען ליגען דאָרטען, וואו ער איז געפאלען. די אלע זאכען קען מען ניט אנדערש מאכען. — איך דענק, אז פעלעאס איז משוגע...

איניאָלד: ניין, פאָטעריל, ער איז ניט משוגע. ער איז זעהר א גוטער.

גאָלאָ: דו ווילסט זעהן די מוטעריל?

איניאָלד: יא, יא; איך וויל איהר זעהן!

גאָלאָ: מאך נאָר קיין גערויש ניט, אָט וועל איך דיך אויפהייבען ביז צום פענסטער. פאר מיר איז דער פענסטער צו הויך, כאָטש איך בין אזא גרויסער... (ער הייבט אויף דאָס קינד). זאָלסט נאָר ניט מאכען קיין מינדסטען גערויש;

איניאָלד: און אז איך הער זיי ווײנענדיג, וויין איך אויך.

גאָלאָ: יא, יא...

איניאָלד: זי איז בלאס, פּאַטעריל.

גאָלאָ: אה! אה!.. גערולד, מיין גאָט, גערולד!..

איניאָלד: וואָס, פּאַטעריל?

גאָלאָ: גאָרנישט, גאָרנישט, מיין קינד. — אָן איז א וואָלף דורכגעלאָפען אין וואלד. — הייסט עס, אז זיי קו־מען צווישען זיך אוים גאנץ גוט? — טאקע גוט וואָס זיי זיינען אזוי פריינדליך איינס מיט'ן אנדערען. — קושען זיי זיך אמאָל? — ניין?..

איניאָלד: צי זיי קושען זיך, פּאַטעריל? — ניין, ניין, — אך! יא, פּאַטעריל, יא, יא; איינמאָל... איינ־מאָל, אין א רעגענדיגען טאָג...

גאָלאָ: זיי האָבען זיך געקושט? — אָבער ווי, ווי האָבען זיי זיך געקושט?

איניאָלד: אָט אזוי, פּאַטעריל, אָט אזוי!.. (ער קושט איהם לאבענדיג אין מויל). אה! אה! דיין באָרד, פּאַטעריל... ס'שטעכט זיך! ס'שטעכט זיך! ס'שטעכט זיך! פּאַטעריל, דיין באָרד ווערט שוין אין גאנצען גראה, אין גאנצען גראה...(דאָס פענסטער אונטער וועלכען זיי זיצען, ווערט אין דעם מאָמענט פּלוצלונג בעלויכטען, וואר־פענדיג דאָס ליכט אויף זיי). אה! אה! די מוטעריל האָט אָנגעצונדען איהר לאָמפּ. עס איז ליכטיג געוואָרען, פּאַטע־ריל, עס איז ליכטיג געוואָרען...

פערלאָרען אין וואלד און... נו, נו, איניאָלד, איך האָב געֿ־
פלאָנטערט. איצט וועלען מיר רעדען ערנסט. רעדט דען
פעלעאָס מיט דער מוטעריל גאָר קיין מאָל ניט וועגען מיר,
ווען איך בין ניטאָ?..

איניאָלד: יא, יא, פאָטעריל; זיי רעדען אימער־צו וועגען דיר.

גאָלאָ: אה, וואָס זאָגען זיי וועגען מיר?

איניאָלד: זיי זאָגען, אז איך וועל אויסוואקסען אזוי גרויס ווי דו.

גאָלאָ: אלע מאָל זיצסטו מיט זיי?

איניאָלד: יא, יא, אימערצו, אימערצו, פאָטעריל.

גאָלאָ: און זיי הייסען דיר קיין מאָל ניט ארויסגעה־ן זיך שפּיעלען?

איניאָלד: ניין, פאָטעריל. זיי האָבען זיי מורא.

גאָלאָ: זיי האָבען מורא?.. פאַרוואָס דענקסטו, אז זיי האָבען מורא?

איניאָלד: די מוטעריל זאָגט פאַראיינם: „געה ניט אוועק; געה ניט אוועק!..“ זיי זיינען אומגליקליך, און דאָך לאכען זיי...

גאָלאָ: אָבער דערפון איז דאָך נאָך ניט געדרונגען, אז זיי האָבען מורא.

איניאָלד: יא, יא, פאָטעריל; זי האָט מורא...

גאָלאָ: פון וואנען נעהמסטו, אז זי האָט מורא?

איניאָלד: אימערצו וויינען זיי אין דער פינסטער.

גאָלאָ: אה! אה!..

גאָלאָ: איך האָב דיר ווער געטהאָן? — וואו האָב איך דיר ווער געטהאָן? דאָס איז געוועזן אומגערען...

איניאָלד: אָט דאָ, אָט דאָ. איבער'ן הענטעלע...

גאָלאָ: איך האָב עס ניט געוואָלט. נו, הער דאָך אויף צו וויינען, איך וועל דיר מאָרגען עפּעס געבען.

איניאָלד: וואָס, פּאָטעריל?

גאָלאָ: א קיווער מיט עטליכע פיילען. דערצעהל מיר נאָר וואָס דו ווייסט וועגען דער טהיר.

איניאָלד: גרויסע פיילען?

גאָלאָ: יא, יא. זעהר גרויסע פיילען. — אָבער פאַר־וואָס ווילען זיי ניט, אז די טהיר זאָל זיין אָפען? — נו, ווערסט שוין אמאָל ענטפערען?! — ניין, ניין. הייב בעסער ניט אָן צו וויינען. איך בין גאָר ניט אין כעס. מיר ווילען זיך רעדען שטילערהייט, אָט ווי פּעלעאַס און די מוטעריל רעדען ווען זיי זיצען צוזאמען. וועגען וואָס רעדען זיי, ווען זיי זיצען צוזאמען?

איניאָלד: ווער? פּעלעאס און די מוטעריל?

גאָלאָ: יא, וועגען וואָס רעדען זיי?

איניאָלד: וועגען מיר; אימער נאָר וועגען מיר.

גאָלאָ: וואָס זאָגען זיי וועגען דיר?

איניאָלד: זיי זאָגען, אז איך וועל אויסוואקסען זעהר גרויס.

גאָלאָ: אַה! פינסטערער מזל מיינער!.. איך בין דאָ אזוי ווי א בלינדער, וואָס זוכט אן אוצר אויפ'ן דעק. יא!.. איך בין אזוי ווי א ניי־געבוירען עופה'לע, וואָס מען האָט

זאָגט, אז זיי האָבען זיך ניט ליעב?.. זיי מוזען זיך הפּנים אָפּט קריגען... וואָס, ניין? איז עס ניט אמת?

אינִיאָלד: יא, יא. ס'איז אמת.

גאָלאָ: טאקע? — אה, אה! אָבער פון וואָס וועגען קריגען זיי זיך?

אינִיאָלד: וועגען דער טהיר.

גאָלאָ: וואָס? איבער דער טהיר? — וואָס רעדסטו, וואָס? נו, נו רייד אביסעל קלערער. וואָס האָבען זיי זיך צו קריגען איבער דער טהיר?

אינִיאָלד: אז זי זאָל ניט בלייבען אָפען.

גאָלאָ: ווער וויל ניט, אז זי זאָל בלייבען אָפען? — נו, איבער וואָס קריגען זיי זיך?

אינִיאָלד: איך ווייס ניט, פאָטעריל, — איבער דאָס ליכט.

גאָלאָ: איך רייד דאָך צו דיר ניט וועגען דאָס ליכט. וועגען דעם וועלען מיר רעדען שפּעטער. איך רייד דאָך מיט דיר וועגען דער טהיר. ענטפער וואָס איך פרעג ביי דיר. דו מוזט זיך אויסלערנען רעדען. שוין צייט... וואָס האלטסטו די האנד אין מויל?.. נו...

אינִיאָלד: פאָטעריל! פאָטעריל!.. איך וועל דאָס מעהר ניט טהון... (ער וויינט).

גאָלאָ: נו, וואָס וויינסטו שוין? וואָס איז דען גע־שעהן?

אינִיאָלד: אה! אה! פאָטעריל, דו האָסט מיר וועה געטהאָן...

קענסט, אָבער זי זאָל ניט מערקען, זי זאָל ניט מערקען...
וואָס איז דאָרטען אויפ'ן שליאך צום וואלד צו?..

פעלעאַס: דאָס פיהרט מען סטאדעס אין שטאָדט...

גאָלאָ: זיי וויינען ווי קינדער וואָס האָבען פערבלאָנ־דזשעט. מען קען מיינען, אז זיי שפּירען שוין דעם שוחט. עס מוז שוין זיין צייט עסען ווארעמעס. וואָס פאר א פיי־נער טאָג! וואָס פאר א טייערער טאָג פאר שניידען די תבואה!.. (זיי געהען ארוים).

פינפטע סצענע. פאר'ן שלאָס.

גאָלאָ און דער קליינער איניאָלד קומען אריין.

גאָלאָ: קום איניאָלד, לאָמיר זיך דאָ צוזעצען. זעץ זיך ביי מיר אויפ'ן קניע. מיר וועלען פון דאנען זעהן אלץ וואָס טהוט זיך אין וואלד. עפּעס זעה איך דיך גאָר קיינמאָל ניט אָן די צייטען. דו פערלאָזט מיך אויך. שטענדיג ביזטו ביי דער מוטעריל... זעה, מיר זיצען דאָך פונקט אונטער דער מוטעריל'ס פענסטער. — עס קען זיין, אז זי לייענט איצט איהר תפלה פאר'ן שלאָף... אָבער, זאָג מיר, איניאָלד, זי פערברייננגט אָפט מיט דיין פעטער פעלעאַס, ניט וואהר?

איניאָלד: יא, יא; אלעמאָל, פאָטעריל, ווען דו ביזט ניטאָ, פאָטעריל...

גאָלאָ: אה! — זעה, אימיצער געהט מיט א לאָמ־טערן איבער'ן גאָרטען. — פאר וואָס־זשע האָט מען מיר גע־

גאָלאָ: מיר זיינען ארונטערגעגאנגען ארום עלף דעם זייגער...

פעלעאַם: פריהער. דאָס האָט געמוזט זיין פריהער. איך האָב געהערט, ווי דער זייגער האָט געשלאָגען האלב עלף.

גאָלאָ: האלב עלף, אָדער דריי פערטעל אויף עלף...

פעלעאַם: אלע פענסטער פון שלאָס זיינען צועפענט. היינט נאָכמיטאג וועט זיין הייסער ווי אלע טאָג... זעה נאָר, אָן זיצט דאָך די מוטער מיט מעליזאַנדע'ן ביי א פענס־טער אין טורעם...

גאָלאָ: יא, זיי בעשיצען זיך פון דער זונן אין דער שאטענדיגער זייט פון טורעם. אז עס איז שוין געקומען צו רייד וועגען מעליזאַנדע'ן: איך האָב געהערט אלץ וואָס איז געשעהן און וואָס איז גערעדט געוואָרען נעכטען ביי־נאכט. איך פערשטעה גאנץ גוט, אז דאָס איז ניט מעהר ווי א קינדער־שפיעל, אָבער מעהר דארף עס ניט פאָרקומען. מעליזאַנדע איז זעהר יונג און זעהר געפיהלפול. איבער־הויפט דארף מען מיט איהר זיין זעהר אָבגעהיט, דערפאר וואָס עס קען זיין, אז זי איז איצט שוואנגער... זי איז זעהר צארט און נאָך גאָר יונג. די מינדסטע אויפרעגונג קען זיין פאר איהר אן אומגליק. דאָס איז נישט דער ער־שטער מאָל וואָס איך בעמערק, אז צווישען אייך איז עפּעס פאראן... דו ביזט עלטער פאר איהר. דיר דארף זיין גע־נוג, אז מען זאָגט דיר... ווייך איהר אויס וויפיעל דו

פעלעאַם: איך ווער דאָ דערשטיקט... לאָמיר ארויסגעהן פון דאַנען...

גאָלאָ: יא, לאָמיר געהן. (זיי געהען ארויס שווייגענ־דיגערהייט).

## פערטע סצענע.

## אַ טעראַסע ביים ארויסגאַנג פון קעלער.

גאָלאָ און פעלעאַס קומען אריין.

פעלעאַס: אה! ענדליך קען איך אָן אָטהעם טהאָן! איין רגע האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אז איך פאַל דאָרט חלשות אין די הייהלען. איך בין שיער ניט געפאַלען. די לופט איז דאָרט אזוי פייכט און שווער ווי א בלייענער טוי, און די פינסטערניש איז אזוי געדיכט, ווי א פערגיפטעטער טייג... נו, איצטער האָבען מיר גאָר די לופט פונ'ם גאַנ־צען ים!.. א פרישער ווינד, פריש ווי א בלאַט וואָס האָט זיך אקאָרשט פערנאַנדערגעעפענט איבער די גרינע כוואַ־ליעס... זעה! מען האָט אקאָרשט בעגאָסען די בלומען פון דער טעראַסע און איצט דערטראָגט זיך צו אונז אהער דער זיסער ריח פון די גרינס און פון די פייכטע רויזען... עס מוז שוין זיין באַלד האַלבער טאָג; די בלומען זיינען שוין אין שאָטען פון טורעם... עס איז שוין האַלבער טאָג; איך הער, ווי די גלעקער קלינגען און ווי די קינדער געהן צום ברעג באָדען זיך... איך האָב גאָר ניט בעמערקט, אז מיר האָבען אזוי לאַנג פערזאַמט אין די הייהלען...

טויטע וואסער האָט מען געדארפט פערמויערען. עס וואָלט שוין גלאט צייט געוועזן מען זאָל אביסעל בעקוקען אָט די געוועלב־קעלערן. זעהסטו אָן יענע שפּאלטען אין די ווענט און זיילען פון די קעלערען? — עפּעס ארבייט דאָ בעהאַל־טענערהייט, וואָס קיינער ווייס ניט, און דער גאנצער שלאָס וועט אין איין נאכט פערזונקען ווערען, אויב מען וועט ניט אכטונג געבען דערויף. נאָר וואָס איז דער וואונדער? קיי־נער וויל אהער ניט אראָבגעהן אזוי טיעף... עס זיינען דאָ פאראן מאָדנע שפּאלטען אין פיעלע מויערן... אה! אָט... שפּירסטו דעם טויט־גערוך, וואָס שטייגט אויף פון דאַנען?

פעלעאַם: יאָ, א טויט־גערוך שטייגט אויף ארום אונז...

גאָלאָ: בויג זיך אריבער; האָב קיין מורא ניט... איך וועל דיך צוהאלטען... גיב מיר... ניין, ניין, ניט דיין האנד... זי קען זיך נאָך ארויסגליטשען... דיין אָרים, דיין אָרים! זעהסטו דעם אבגרונד? (מיט געפיהל). — פעלעאם? פעלעאם?

פעלעאַם: יאָ, איך דענק, אז איך זעה דעם דעק פון דער אָזערע... וואָס ציטערט דאָס אזוי? דאָס ליכט?.. דו? (ער גלייכט זיך אויס, דרעהט זיך אום און טהוט א קוק אויף גאָלאָ).

גאָלאָ (מיט א ציטערנדער שטימע): יאָ, דאָס איז דער לאמטערן... אָט זעה, דאָס האָב איך איהם א וויעג געטהאָן, כדי צו בעלייכטען די ווענט...

שפּירסטו ניט דעם מתים־גערוך, וואָס הענגט דאָ אומעטום ?
— אָט דאָס האָב איך עס דיר געוואָלט ווייזען. לויט איך דענק, קומט דער גערוך פון דער קליינער אונטער דר'ערדי־גער אָזערע, וועלכע איך וויל דיר איצט ווייזען. היט זיך. געה מיר אין פאראויס נאָכ'ן שיין פון מיין לאמטערן. ווען מיר וועלען צוקומען צו דער אָזערע, וועל איך דיר אָנזאָגען דו זאָלסט זיך אָבשטעלען. (זיי געהען שטילערהייט). העי! העי! פעלעאַס! שטעה! שטעה! (ער כאַפּט איהם אָן פאר'ן אָרים). אום גאָטעס ווילען!.. דו זעהסט דען ניט? נאָך איין טריט און דו וואָלסט געלעגען אין אָבגרונד!..

פעלעאַס: איך האָב גאָרנישט ניט געזעהען!.. דער לאמטערן האָט מיר אויפגעהערט לייכטען...

גאָלאָ: איך האָב זיך א גליטש געטהאָן... ווען איך וואָלט דיך ניט פערכאַפּט פאר'ן אָרים... נו, איז אָט דאָס איז דאָס שטעהענדיגע וואסער, וועגען וועלכען איך האָב מיט דיר גערעדט... שפּירסטו ווי דער גערוך פון טויט שטייגט פון איהם ארויף? — לאָמיר געהן ביז צום ברעג פון דיעזען אראָבהענגענדען פעלז. בויג זיך אוים אביסעל, אז ניט וועט דער גערוך דיר דערלאנגען א האק גלייך אין פּנים.

פעלעאַס: איך שפּיר שוין דעם גערוך... א גערוך אזוי ווי פון א קבר.

גאָלאָ: ווייטער, ווייטער... עס פערגיפטעט מאנ־כעס מאָל דעם גאנצען שלאָס. דער קעניג וויל ניט גלויבען, אז פון דאנען קומט עס. — די הייהל, וועלכע בעהאלט דאָס

פערטשעפּעט אין דער פינסטער... וואַרט, וואַרט... עס איז פינסטער!.. (גאָלאָ קומט אָן איבער'ן שטעג).

גאָלאָ: וואָס טהוט איהר דאָ?

פּעלעאַס: וואָס איך טהו דאָ?.. איך...

גאָלאָ: איהר זייט קינדער... מעליזאַנדע, בויג זיך ניט אַזוי אַרויס פון פענסטער; דו וועסט נאָך אַרויספאַלען... ווייסטו דען ניט, אַז עס איז שפּעט? — עס איז דאָך שוין באַלד האַלבע נאַכט. — שפּיעלט זיך ניט אַזוי אין דער פינסטער. — איהר זייט קינדער. (לאַכט נערוועז). אַך, וואָס פאַר קינדער איהר זייט!.. וואָס פאַר קינדער!..
(ער געהט אַוועק מיט פּעלעאַס'ן).

דריטע סצענע. אין די געוועלב־קעלערן אונטערן שלאָס.

גאָלאָ און פּעלעאַס קומען אַריין.

גאָלאָ: היט זיך. געה דאַ, דאָ געה. — דו ביזט נאָך קיינמאָל ניט געגאַנגען דורך דיעזע קעלערן?

פּעלעאַס: יאַ, איינמאָל פריהער. אָבער דאָס איז גע־ווען מיט יאָהרען צוריק...

גאָלאָ: זיי זיינען משונה גרויס. עס איז אַ קייט פון זעהר גרויסע הייהלען, וואָס איין גאָט ווייס וואו זיי ענדי־גען זיך. דער גאַנצער שלאָס שטעהט אויף אָט די הייהלען.

מיינע קושען ?.. זיי קלעטערען ארויף איבער דיינע האאר... יעדער האאר מוז דיר ברייגגען א פּאאר קי־שען... דו זעהסט, איצט קען איך שוין אויפמאכען מיינע הענד... מיינע הענד זיינען פריי און דאָך קענסטו איצט פון מיר ניט אָבטרעטען...

מעליזאַנדע: אָ! אָ! דו טהוסט מיר וועה...
(טייבעלאך קומען ארוים פון טורעם און פליהען איבער זיי ארום אין דער נאכט). — וואָס איז דאָס, פּעלעאַס? — וואָס פליהט דאָס ארום מיר?

פּעלעאַס: דאָס קומען די טייבעלאך ארויס פון טו־רעם... איך האָב זיי איבערגעשראָקען; זיי פליהען אװעק...

מעליזאַנדע: דאָס זיינען מיינע טייבעלאך, פּעלעאַס, — לאָמיך אוועקגעהן, לאָז מיך געהן. זיי וועלען זיך שוין מעהר ניט אומקעהרען...

פּעלעאַס: פאר וואָס וועלען זיי זיך מעהר ניט אומ־קעהרען?

מעליזאַנדע: זיי וועלען פערבלאָנדזשען אין דער פינסטער... לאָז מיך אָב. לאָז מיך אויפהויבען דעם קאָפּ... איך הער טריט... לאָז מיך אָב! דאָס איז גאָלאָ!.. דאָס מוז זיין גאָלאָ!.. ער האָט דערהערט ווי מיר רעדען...

פּעלעאַס: װארט, װארט!.. דיינע האאר זיינען ארומגעפלאָכטען ארום די צווייגען... זיי האָבען זיך דאָרט

פעלעאַם: ניין, ניין, ניין, ניין... איך האָב יאָך קיינמאָל, מעליזאנדע, ניט געזעהן אזעלכע האאר ווי דיינע... זעה, זעה, זעה, זיי קומען אראָב פון אזא הויך און דאָך פער־פלייצען זיי מיך ביז צו מיין הארצען!.. זיי פערדעקען מיך ביז צו די קניע!.. דיינע האאר זיינען אזוי זיס, אזוי זיס, אזוי ווי זיי וואָלטען אראָבפאלען פון הימעל!.. אי־בער דיינע לאָקען קען איך דעם הימעל ניט זעהן. דו זעהסט, דו זעהסט, דו זעהסט?.. מיינעביידע הענט קענען זיי ניט ארומנעהמען... אָט שיטען זיי זיך ארוים אויף די צווייגען פון דער ווערבע... זיי צאפלען זיך ביי מיר אין די הענד ווי פויגעלאך... און זיי האָבען מיך ליעב, זיי האָבען מיך ליעב, מעהר איידער דו!..

מעליזאַנדע: לאָז מיך, לאָז מיך אָב!.. אימיצער קען נאָך אָנקומען...

פעלעאַם: ניין, ניין, ניין; איך וועל דיך שוין די נאכט פון מיר ניט אוועקלאָזען... די נאכט ביסטו מיין גע־פאנגענע, אויף דער גאנצער נאכט, אויף דער גאנצער נאכט!..

מעליזאַנדע: פעלעאם! פעלעאם!..

פעלעאַם: איך בינד זיי צו, איך בינד זיי צו צו די צווייגען פון דער ווערבע... דו וועסט איצט ניט אוועק־געהן... דו וועסט איצט ניט אוועקגעהן... זעה, זעה איך קוש דיינע האאר... איצט, ווען איך שטעה איינגע־וויקעלט אין דיינע האאר וויים איך מעהר ניט פון קיינע יסורים... דערטראָגען דיר דיינע האאר דעם קלאנג פון

פעלעאַס: וואו?.. איך זעה בלויז די צווייגען פון דער ווערבע, וועלכע הענגען איבער'ן וואנט...

מעליזאַנדע: ווייטער אראָב, ווייטער אראָב אין גאָר־טען; ווייטער אראָב, דאָרטען וואו עס איז דונקעל, גרין...

פעלעאַס: דאָס איז ניט קיין רויז... איך געה גלייך א קוק טהאָן וואָס דאָס איז, אָבער פריהער גיב דיין האנט...

מעליזאַנדע: אָן דאָרטען, דאָרטען... ווייטער קען איך זיך ניט אויסבויגען...

פעלעאַס: איך קען מיט מיינע ליפּען דיין האנד ניט דערלאנגען...

מעליזאַנדע: ווייטער קען איך זיך ניט ארויסבוי־גען... אָט באלד פאל איך ארויס... — אָ, אָ, מיינע האאר פאלען אראָב איבער'ן טורעם!.. ((ווי זי בויגט זיך אויס, צופאלען איהרע לאָקען פלוצלונג איבער איהר קאָפּ און צושפּרייטען זיך איבער פעלעאס'ן).

פעלעאַס: אָ! אָ! וואָס איז דאָס? דיינע האאר, דיינע האאר פאלען אראָב צו מיר!.. אלע דיינע לאָקען, מעליזאנדע, אלע דיינע לאָקען זיינען אראָבגעפאלען איבער'ן טורעם!.. איך האלט זיי אין מיינע הענד; איך האלט זיי אין מיין מויל... איך האלט זיי אין מיינע ארימס; איך וויקעל זיי ארום, ארום מיין האלז... איך וועל שוין מיינע הענט די גאנצע נאכט אזוי האלטען צוגעמאכט...

מעליזאַנדע: לאָז מיך! לאָז מיך אָב!.. איך וועל נאָך איבער דיר אראָבפאלען!..

זאנדע, פאר וואָס שטעהסטו אין שאטען? לעהן זיך אָן אביסעל אין פּאָראוים און לאָמיך זעהן דיינע צעלאָזטע האאר...

מעליזאַנדע: איך שרעק מיך אזוי... (זי בויגט זיך ארויס פון פענסטער).

פעלעאַס: אָ! אָ! מעליזאַנדע!.. אָ, ווי שעהן דו ביסט!.. דו ביסט אזוי שעהן!.. בויג זיך ארויס! בויג זיך ארויס!.. לאָמיך צוקומען צו דיר נעהענטער...

מעליזאַנדע: נעהענטער קען איך צו דיר ניט קו־מען... נאָך נידעריגער ארויסבויגען זיך קען איך שוין ניט...

פעלעאַס: העכער ארויפקומען קען איך ניט... גיב מיר חאָטש היינטיגע נאכט דיין האנט... איידער איך פאָהר אוועק... מאָרגען פריה פאָהר איך אוועק...

מעליזאַנדע: ניין, ניין, ניין!..

פעלעאַס: יא, יא, יא. איך פאָהר אוועק. מאָרגען פאָהר איך אוועק. גיב מיר דיין האנט, דיין קליינע הענטעלע אויף מיינע ליפּען...

מעליזאַנדע: אויב דו פאָהרסט אוועק, וועל איך דיר ניט געבען מיין האנט...

פעלעאַס: גיב, גיב, גיב!..

מעליזאַנדע: דו וועסט ניט אוועקפאָהרען?..

פעלעאַס: איך וועל ווארטען...

מעליזאַנדע: איך זעה א רויז אין די שאָטענס...

בענקענד ווארטען אויף דיר מיינע לאָקען
איבער'ן גאנצען טורעם,
און דורך א גאנצער לאנגער שטונדע,
און דורך א גאנצער לאנגער שטונדע.
הייליגער דניאל, הייליגער מיכאל,
הייליגער מיכאל, הייליגער דניאל.
איך בין געבוירען אום זונטאג,
א זונטאג פונקט אום האלבען טאָג...

(פעלעאַס קומט אָן אויפ'ן שטעג).

פעלעאַס: אהו! אהו! העי!..

מעליזאַנדע: ווער איז דאָרטען?

פעלעאַס: איך, איך און נאָכאמאָל איך!.. וואָס טהוסטו דאָרטען ביים פענסטער, זינגענדיג אזוי ווי א פויגעל פון ווייטע לענדער.

מעליזאַנדע: איך פערקאם מיינע האאר איבער נאכט...

פעלעאַס: איז אָט דאָס זעה איך עס אויף דער וואנט?.. איך האָב געמיינט, אז עפּעס א ליכט שיינט דאָרטען אויפ'ן וואנט...

מעליזאַנדע: איך האָב געעפענט דעם פענסטער. אין טורעם איז אזוי היים... ס'אַרא שעהנע נאכט...

פעלעאַס: אָהן א צאָהל שטערען אין הימעל. איך האָב נאָך קיינמאָל ניט געזעהן אזוי פיעל שטערען ווי היינט ביינאכט... אָבער די לבנה איז נאָך איבער'ן ים. מעלי־

פעלעאם (געהט צו צום פענסטער): ער איז גע־רעכט; גאלא קומט אריין אין הויף.

איניאלד: דער פאטעריל! דער פאטעריל! איך געה איהם אנטקעגען. (ער פערשווינדט לויפענדיג. שטיל־שווייגען).

פעלעאם: זיי זיינען שוין אויף די טרעפ... (גאלא און איניאלד קומען אריין מיט א לאמפ).

גאלא: איהר ווארט נאך אלץ אין דער פינסטער?

איניאלד: איך האב געבראכט פייער, מוטעריל, א גרויס פייער!.. (ער הייבט אויף דעם לאמפ און טהוט א קוק אויף מעליזאנדע'ן). מאמעלע, דו האסט גאר גע־וויינט?.. דו האסט געוויינט? (ער הייבט אויף דעם לאמפ אנטקעגען פעלעאס'ען און קוקט זיך אין איהם איין). דו אויך, דו אויך, דו האסט אויך געוויינט?.. פאטעריל, זעה נאר, פאטעריל, זיי האבען ביידע געוויינט...

גאלא: האלט זיי ניט דאס ליכט אזוי אונטער די אויגען...

## צווייטע סצענע. א שלאסטורעם.

אונטער איינעם פון די פענסטער פון טורעם ציהט זיך א ועכטער־שטעג. מעליזאנדע זיצט ביים פענסטער.

מעליזאנדע (קאמט איהרע צולאזטע האאר און זינגט):

שוימענד פאלען מיינע לאנגע לאקען
ביז צום שוועל פון טורעם, —

איניאָלד (ביים פענסטער): אָ! אָ! מאַמעלע טייערע!

מעליזאַנדע (שטעהט פלוצלונג אויף): וואָס איז איניאָלד?.. וואָס איז?..

איניאָלד: איך האָב עפּעס געזעהן אין פענסטער...

(פעלעאַס און מעליזאַנדע לויפען צו צום פענסטער).

פעלעאַס: וואָס איז ביים פענסטער?.. וואָס האָסטו געזעהן?..

איניאָלד: אָ, אָ! איך האָב עפּעס געזעהן!..

פעלעאַס: דאָ איז דאָך גאָרנישט ניטאָ. איך זעה קיין זאך ניט...

מעליזאַנדע: איך אויך ניט.

פעלעאַס: וואו האָסטו עפּעס געזעהן? אין וועלכער זייט?..

איניאָלד: אָן דאָרטען, דאָרטען!.. איצט איז עס שוין דאָרטען ניטאָ.

פעלעאַס: ער ווייס ניט וואָס ער רעדט. ער האָט געמוזט זעהן דאָס לבנה־ליכט, אָבשיינענדיג אויף דעם וואלד. אָפטמאָל זיינען די אָבשפּיגלונגען זעהר מאָדנע... אז ניט האָט עפּעס געמוזט אריבערלויפען איבער'ן וועג... אפשר האָט זיך איהם גאָר גע'חלומ'ט. זעה, זעה, מיר דוכט, אז ער שלאָפט שוין מיט אלעמען...

איניאָלד (ביים פענסטער): דער פּאָטעריל איז דאָרט! דער פּאָטעריל איז דאָרט!

רעןּ ?.. איך האָב גאָר אפילו קיינמאָל ניט גע'חלומ'ט יוע־גען אוועקפאָהרען...

איניאָלד: ניין, ניין, דו דענקסט יא דערפון, יא. דער פאָטעריל איז אוועק... דער פאָטעריל וועט שוין מעהר ניט קומען און דו פאָהרסט אויך אוועק... איך האָב עס געזעהן... איך האָב עס געזעהן...

מעליזאַנדע: אָבער אז איך האָב דאָס גאָר קיינמאָל ניט געקלעהרט, איניאָלד... פאר וואָס עפּעס פאלט ־יר איין, אז איך פאָהר אוועק?

איניאָלד: איך האָב עס געזעהן... איך האָב עס געזעהן... דו האָסט פאר'ן פעטער גערעדט עפּעס אזוינס — איך האָב עס ניט דערהערט...

פעלעאַס: ער איז פערשלאָפען... ער רעדט דאָס פון שלאָף. קום, איניאָלד, אהער. שלאָפסט שוין?.. קום אהער צום פענסטער און זעה, ווי די וואסער־געגנז שלאָגען זיך מיט די הינט!..

איניאָלד (ביים פענסטער): אָ! אָ! די הינט יאָגען זיי נאָך! זיי יאָגען זיי נאָך!.. אָ! אָ! דאָס וואסער!.. די פליגלען! די פליגלען!.. זיי האָבען מורא...

פעלעאַס (געהט צוריק צו מעליזאנדע'ן): ער איז פערשלאָפען; ער מאטערט זיך, ער זאָל ניט אנשלאָפען ווען. אָט קלעפּען זיך שוין ביי איהם די אויגען צו...

מעליזאַנדע (שפּינט און זינגט אין דער שטיל):

הייליגער דניאל, הייליגער מיכאל...

הייליגער מיכאל, הייליגער רפאל...

צוואנציג־יאהריגער. איך זעה דורך'ן פענסטער די שטערען און דאָס לבנה־ליכט אויף די בוימער. עס איז שוין שפּעט. ער וועט שוין איצט ניט קומען. (מען קלאַפּט אין טהיר). ווער איז דאָרטען?.. אריין!.. (דער קליינער איניאָלד עפענט די טהיר און קומט אריין אין צימער)

פעלעאַס: דאָס האָסטו אזוי געקלאַפּט?.. אזוי טאָר מען ניט קלאַפּען אין א טהיר. מיר האָבען געמיינט, אז עפּעס אן אומגליק האָט געטראָפען. זעה, אָט האָסטו דער־שראָקען דער מאַמעלען.

איניאָלד: איך האָב דאָך געקלאַפּט נאָר אביסעלע.

פעלעאַס: עס איז שוין שפּעט. דער פאָטעריל וועט שוין ניט קומען היינט. שוין צייט דיר לעגען זיך שלאָפען.

איניאָלד: איך וועל זיך ניט לעגען פריהער פון אייך.

פעלעאַס: וואָס?.. וואָס זאָגסטו דאָרט?..

איניאָלד: איך האָב געזאָגט... פריהער פון אייך ניט... פאר אייך ניט... (צוכליפּעט זיך און בעשיצט זיך ביי מעליזאַנדע'ן).

מעליזאַנדע. וואָס איז איניאָלד? וואָס איז?.. וואָס האָסטו זיך עפּעס מיט אמאָל צוואויינט?

איניאָלד (כליפּענדיג): וייל... אָ! אָ! וייל...

מעליזאַנדע: וייל וואָס?.. וייל וואָס?.. נו, דערצעהל מיר...

איניאָלד: מאַמעלע... מאַמעלע... דו פאָהרסט אוועק...

מעליזאַנדע: איניאָלד, וואָס איז מיט דיר געוואָ־

# דריטער אַקט.

ערשטע סצענע. אַ צימער אין שלאָס.

פעלעאַס און מעליזאַנדע. זי זיצט ביים שפּין־רעדעל הינטען אין צימער און שפּינט.

פּעלעאַס: איניאָלד איז נאָך אלץ ניטאָ. וואוהין איז ער אוועקגעגאנגען?

מעליזאַנדע: ער האָט עפּעס דערהערט אין קאָרי־דאָר, איז ער ארויס זעהן, וואָס דאָס איז.

פּעלעאַס: מעליזאַנדע...

מעליזאַנדע: וואָס?

פּעלעאַס: דיר איז נאָך ליכטיג צו ארבייטען דאָרט הינטען?

מעליזאַנדע: איך קען אין דער פינסטער אויך אר־בייטען...

פּעלעאַס: הפנים, אז אלע שלאָפען שוין אין שלאָס. גאָלאָ איז נאָך ניטאָ פון געיעג. עס איז דאָך שוין שפּעט... דער קלאַפּ פון זיין פאַל האָט זיך שוין פערהיילט?..

מעליזאַנדע: ער האָט געזאָגט, אז עס טהוט איהם שוין ניט וועה.

פּעלעאַס: ער האָט שוין געמעגט קליגער זיין. זיין גוף איז שוין ניט אזוי בויגיג ווי ווען ער איז נאָך געוועזן א

וואלגערען זיך דאָך ניט אויף די שליאַכען. מען מוז זיי
אָבוואַרטען אויפ'ן שוועל און ווען זיי קומען פאָרביי, דאַרף
מען זיי אריינלאָזען. און פאָרבייגעהן טהוען זיי דאָך יעדען
טאָג. וואָס, דו האָסט זיי נאָך קיין מאָל ניט געזעהען?
איך זעה זיי איצט אויך קוים אמאָל. אָבער איך וועל דיך
אויסלערנען ווי זיי צו דערקענען, און אין דעם טאָג ווען דו
וועסט זיי וועלען א וואונק טהאָן, וועל איך זיי דיר אָנוויי־
זען. דאָך, הער מיך צו: אויב דו פיהלסט, אז די רייזע
ווערט געפאָדערט אין דער טיעפענים פון דיין לעבען, מעגסט
דו פאָהרען, וואָרים דו דאַרפסט דאָך. בעסער פאר מיר ווי־
סען, וועלכע זאכען דו דאַרפסט מקריב זיין, דיין לעבען,
אָדער דיין שיקזאל. איך וויל דיך נאָר בעטען, דו זאָלסט
וואַרטען ביז וואנען מיר וועלען וויסען, וואָס עס דאַרף אין
גיכען געשעהען...

פעלעאַס: ווי לאנג וועל איך מוזען וואַרטען?

אַרקעל: נאָך עטליכע וואָכען. אפשר נאָר נאָך עטלי־
כע טעג...

פעלעאַס: איך וועל וואַרטען...

מעליזאַנדע: לאָז מיך, לאָז מיך. איך וויל בעסער געהן אליין...

פעלעאַם: מיר וועלען נאָך אהער קומען אַנאַנדערסט מאָל... (זיי געהען ארוים).

פערטע סצענע. אַ צימער אין שלאָס.

יארקעל און פעלעאַם.

אַרקעל: זעהסטו דאָך ווי יערע זאך האלט דיך דאָ איצט צו און דערלאָזט דיך ניט אומזיסט אוועקלאָזען זיך אין אזא רייזע. מיר האָבען דיר ביז איצט ניט אויסגעזאָגט דעם אמת וועגען דיין פאָטער'ס חלאת. עס קען זיין, אז עס איז פאר איהם שוין גאָר קיין האָפנונג ניטאָ. שוין דער־פאַר אליין טאָרסטו ניט אוועקגעהן פון אונזער שוועל. עס זיינען אָבער פארהאן נאָך פיעל טעמים, פאר וואָס דו זאָלסט ניט פאָהרען. דו טאָרסט אונז ניט איבערלאָזען אליין אין א צייט, ווען אונזערע שונאים שטעהען אויף אויף אונז און ווען דאָס פאָלק ארום אונז שטארבט אויס פון הונגער און הערט ניט אויף צו מורמלען. און צוליעב וואָס איז דער פאָהרען? מארסעלוס איז שוין טויט און דאָס לעבען מאָהנט ביי אונז ערנסטערע חובות, ווי געהן געוואָהר ווערען קברים. דו זאָגסט, עס האָט דיר דערעסען ארומצוגעהן ליידיג; אָבער דעם מענשען'ס פליכטען און זיין געהעריגע ארבייט

וועלען מיר זיך אָבשטעלען... פאר וואָס שרעקסטו זיך עס אזוי, פאר דעם שאָרך פון דער הייהל? דאָס איז דער שאָרך פון דער נאכט, אָדער פון דער שטילקייט... הערסטו ווי דער ים ברומט הינטער אונז? — דער ים האָט היינט ניט קיין גליקליכען פנים... אָ, זעה נאָר, אָט איז שוין ליכטיג!.. (די לבנה בעלויכטעט העל די גרוב פון דער הייהל און אביסעל אויך די פינסטערניש אינעווייניג. אביסעל אראָב אין איהר טיעפענים דערזעהט מען דריי אלטע בעטלער מיט שיווע האָאר. זיי זיצען אָנגעשפארט איינער לעבען אנדערן אָן א שטיין און שלאָפען).

מעליזאַנדע: אך!

פעלעאַס: וואָס איז?

מעליזאַנדע: דאָ זיינען... דאָ זיינען... (זי ווייזט אויף די דריי בעטלער).

פעלעאַס: יא, יא; איך האָב זיי אויך געזעהען...

מעליזאַנדע: לאָמיר געהן!.. לאָמיר געהן!..

פעלעאַס: יא... די דריי אלטע לייט זיינען אנ־שלאָפען געוואָרען... אין לאַנד איז א הונגער... פאר וואָס זיינען זיי דאָס עפּעס אהערצו געקומען שלאָפען?..

מעליזאַנדע: לאָמיר געהן!.. קום, קום... לאָמיר אוועקגעהן!..

פעלעאַס: היט זיך. רייד ניט אזוי הויך. מען דארף זיי ניט אויפוועקען... זיי שלאָפען מיט א שווערען שלאָף... קום אוועק.

א לאמטערנע, אָבער איך מיין, אז דער שיין פון דער לבנה וועט אונז זיין גענוג. — דו האָסט זיך אין דער הייהל נאָך קיין מאָל ניט אראָבגעלאָזען?

מעליזאַנדע: ניין...

פעלעאַס: לאָמיר ארייננעהן, לאָמיר ארייננעהן... אויב ער וועט ביי דיר פרעגען, זאָלסטו איהם קענען אויס־מאָהלען דעם אָרט, וואו דו האָסט פערלאָרען דעם פינגעריל... די הייהל איז זעהר א גרויסע און זעהר א שעהנע. דאָ הענ־גען אראָב קויהלען־ליכטעלאך, וואָס קוקען אויס ווי פלאַנ־צען און מענשען. די הייהל איז פול מיט א בלאָהען טומאן. מען האָט זי נאָך ניט אויסגעפאָרשט אין גאנצען. גרויסע אוצרות מוזען אין איהר זיין בעהאלטען. דו וועסט אין איהר זעהן שטיקער פון פארצייטיגע שיפען, וואָס זיינען צובראָ־כען געוואָרען. אָבער אָהן א פיהרער זאָלסטו ווייט ניט געהן. ניט איין מענש איז שוין אהער אריין און איז ניט געקומען צוריק. איך אליין האָב אויך מורא צו געהן צו־ווייט. מיר וועלען נאָר געהן אזוי ווייט, ווי מיר וועלען זעהען דאָס ליכט פון ים אָדער פון הימעל. ווען דו וועסט דאָ נאָר אָנצינדען א קליין פייעריל, אזוי וועט זיך דיר אָבדוכטען, אז דער סו־פיט איז פארזעעט מיט שטערן פונקט ווי דער הימעל. מען זאָגט, אז שטיקלאך קריסטאל אָדער זאלץ שיינען עס אזוי אראָב פון פעלז. — זעה נאָר, זעה, איך דענק, אז דער הימעל הויבט זיך אָן אויסלייכטערן... גיב מיר דיין האנד, ציטער ניט, ניט ציטער אזוי. דאָ איז קיין שום סכנה ניטאָ. ווי נאָר מיר וועלען אויפהערען זעהן דאָס ליכט פון ים, אזוי

מעליזאַנדע: פעלעאס? — מיט פעלעאס'ן? — פע־לעאס וועט דאָך אָבער ניט...

גאָלאָ: פעלעאס וועט טהאָן אלץ, וואָס דו וועסט איהם בעטען. איך קען פעלעאס'ן בעסער פאר דיר. געה, געה, אייל זיך צו! איך וועל ניט קענען אנשלאָפען ווערען, ביז וואנען איך וועל ניט האָבען דעם פינגעריל.

מעליזאַנדע: אך! אך! איך בין אומגליקליך!.. איך בין אומגליקליך!.. (זי געהט ארויס וויינענדיג).

## דריטע סצענע. לעבען אַ הייהל.

פעלעאס און מעליזאנדע קומען אריין.

פעלעאַס (רעדט זעהר אונרוהיג): אָט דאָ איז דאָס. מיר זיינען אויפ'ן אָרט. עס איז אזוי פינסטער, אז מען קען ניט אונטערשיידען די לאָך פון דער הייהל פון דער איבעריגער נאכט... אויף דער זייט זיינען ניטאָ קיין שטערן. לאָמיר ווארטען ביז די לבנה וועט זיך דורכשפּארען דורך יענעם גרויסען וואָלקען. זי וועט דאמאָלסט בעלויכטען די גאנצע הייהל, און דאמאָלסט וועלען מיר קענען אריינגעהן אָהן געפאהר. עס זיינען דאָ סכנות'דיגע ערטער, דער שטעג איז זעהר אַ שמאָלינקער און ער ציהט זיך צווישען צוויי אָזערס, אין וועלכע מען איז נאָך קיין דעק ניט דערגאנגען. מיר איז ניט איינגעפאלען צו ברייגען אַ שטורקאַץ אָדער

זעהר פייניקע... האָט ער זיך מיר אראָבגעגליטשט פון פינגער... דערנאָך האָט אָנגעטראָגען א גרויסע כוואַליע און איך האָב איהם דאָרט געמוזט לאָזען און ארויסלויפען.

גאָלאָ: ביסטו זיכער, אז ער איז דאָרטען?

מעליזאַנדע: יא, יא, גאנץ זיכער... איך האָב געשפירט, ווי ער האָט זיך אראָבגעגליטשט... דערנאָך האָט זיך פּלוצלונג דערהערט דאָס ברומען פון די כוואַליעס...

גאָלאָ: דו מוזט איהם גלייך געהן זוכען.

מעליזאַנדע: גלייך געהן זוכען איהם?

גאָלאָ: יא.

מעליזאַנדע: איצט? אָט גלייך איצט? — אין דער פינסטער?

גאָלאָ: אָט גלייך איצט, אָני דער פינסטער. דו מוזט איהם גלייך געהן זוכען. איך וועל בעסער פערלירען אַלץ וואָס איך האָב, איידער דעם פינגעריל. דו ווייסט ניט וואָס פאר א פינגער'ל דאָס איז. דו ווייסט ניט פון וואנען איך האָב איהם געקראָגען. דער ים וועט היינט ביינאכט זיין זעהר א שטורעמדיגער. דער ים וועט דיר פערלויפען דעם וועג און וועט איהם אוועקטראָגען... געשווינד. דו מוזט איהם גלייך געהן זוכען...

מעליזאַנדע: איך האָב מורא... איך האָב מורא צו געהן אליין...

גאָלאָ: געה, געה נאָך מיט אימיצען. אָבער געהן מוזטו די מינוט, דו פערשטעהסט? געה געשווינד. בעט פעלעאס'ן, ער זאָל מיט דיר געהן.

דאָך שוין ארוים פון די יאָהרען, ווען מען ווײנט צוליעב אזעלכע זאכען ... אויסער דעם, איז דען דער זומער ניט נאָהענט? דאמאָלסט וועסטו זעהען דעם הימעל יעדען טאָג. — און איבער א יאָהר ווײדער... נו, גיב מיר דײן האנד, גיב מיר דײנע בײדע קלײנע הענטעלאך. (ער נעהמט איהרע הענט). אה! אה! אָט דיעזע קלײנע הענטעלאך, וועלכע איך וואָלט געקענט צוקוועטשען אזוי, ווי בלומען ... — שא! וואו איז דער פינגעריל, וואָס איך האָב דיר געגעבען?

מעליזאַנדע: דער פינגעריל?

גאָלאָ: יא, אונזער חופה־רינגעל, וואו איז ער?

מעליזאַנדע: איך דענק ... איך דענק, ער איז אראָב־געפאלען ...

גאָלאָ: אראָבגעפאלען? — וואו איז ער אראָבגעפא־לען? — דו האָסט דאָך איהם ניט פערלאָרען?

מיליזאַנדע: ניין, ניין. ער איז אראָבגעפאלען ... ער האָט געמוזט אראָבפאלען ... אָבער איך ווײס וואו ער איז ...

גאָלאָ: וואו איז ער?

מעליזאַנדע: דו קענסט... דו קענסט דאָך ... דעם הײהל בײם ברעג ים?..

גאָלאָ: יא.

מעליזאַנדע: איז אָט דאָרטען איז ער... ער מוז אודאי זײן דאָרטען ... יא, יא, איך דערמאָן זיך... הײנט פריה בין איך אהינצו געגאנגען אויפצוקלײבען ים־שיסע־לאך פאר דעם קלײנעם איניאָלד ... אײניגע זײנען דאָרטען

איצט גראָדע איז ער אומעטיג. ער טראַכט אַלץ וועגן זיין פריינד מאַרסעלוס, וועלכער האָט ביים שטאַרבען, און דאָך קען ער איהם ניט פאַהרען געוואָהר ווערען... ער וועט אַנ־דערש ווערען, ער וועט אַנדערש ווערען, אָט וועסטו זעהען. ער איז דאָך נאָך אַזוי יונג...

מעליזאַנדע: אָבער דאָס איז דאָך ניט דאָס...

גאָלאָ: וואָס־זשע דען איז עס? — קענסטו זיך גאָר ניט צוגעוואוינען צו אונזער לעבען דאָ? עס איז דיר דאָ צו אומעטיג? אמת, דער שלאָס איז זעהר אַן אַלטער און זעהר אַן אומעטיגער... זעהר אַ קאַלטער און זעהר אַ טיע־פער. און אַלע וואָס וואָהנען דאָ זיינען שוין אַלט. און דאָס לאַנד מיט זיינע אַלטע וועלדער, מיט זיינע אַלע אַלטע דונ־קעלע וועלדער, קוקט אפשר אויך אויס אומעטיג. אָבער אַז מיר ווילען, קען דאָך דאָס אַלץ ווערען לוסטיג און לעבעדיג. אַ חוץ דעם, די פרייד — די פרייד, די פרייד — מען קען דאָך ניט האָבען קיין פרייד יעדען טאָג. מען דאַרף זיין צו־פריעדען מיט אַלץ ווי עס איז. נו, איצט זאָג מיר, וואָס עס זאָל ניט זיין, איך וועל טהאָן אַלץ וואָס דו וועסט נאָר ווּעלען...

מעליזאַנדע: יאָ, יאָ, עס איז אמת... דאָ זעהט מען קיין מאָל דעם הימעל ניט. איך האָב איהם היינט פריה דעם ערשטען מאָל דערזעהען...

גאָלאָ: איז אָט דעריבער וויינסטו עס, מיין אָרימע מעליזאַנדע? — ניט מעהר ווי דאָס? — דו וויינסט דער־פאַר, וואָס דו זעהסט ניט דעם הימעל? — נו, נו, דו ביסט

אז דו זאָגסט מיר גאָרנישט, טאָ וואָס קען איך דען טהאָן?..
דערצעהל מיר אלץ אויס, וועל איך אלצדינג פערשטעהן.

מעליזאַנדע: איך וויים אליין ניט וואָס דאָס איז... איך וויים אליין ניט אקוראט וואָס דאָס איז... ווען איך וואָלט דיר געקאָנט דערצעהלען, וואָלט איך עס דיר דער־צעהלט... דאָס איז א זאַך, וואָס איז שטארקער פאר מיר...

גאָלאָ: נו, זיי אמענש, מעליזאנדע. — וואָס ווילסטו, זאָל איך טהאָן? — דו ביסט דאָך שוין ניט קיין קינד. — פון וועמען ווילסטו עס אוועק פון דאנען? פון מיר?

מעליזאַנדע: אה! ניין, ניין; ניט דאָס... מיט דיר וואָלט איך וועלען אוועק... דאָ אויף דעם אָרט קאָן איך מעהר ניט לעבען... איך פיהל, אז איך וועל לאנג ניט לעבען...

גאָלאָ: אָבער אלץ עפּעס מוז דאָך זיין א פאר־וואָס. מען וועט דאָך זאָגען, אז דו ביזט משוגע. מען וועט דאָך זאָגען, אז דאָס זיינען קינדערשע חלומות. — נו, זאָג, אפשר איז עס פּאָרט פעלעאַס? — איך מיין דאָך, אז ער רעדט מיט דיר נאָר זעלטען־ווען.

מעליזאַנדע: ניין, צייטענווייז רעדט ער מיט מיר... איך מיין, אז ער האָט מיך ניט ליעב. איך קען עס ארויסזע־העז פון זיינע אויגען... נאָר, אז ער בעגעגענט מיך רעדט ער מיט מיר...

גאָלאָ: דארפסט איהם גאָר ניט פאַרדענקען. ער איז אלע מאָל געווען אזא. ער איז אביסעל א מאָדנער. און

אנטשלאָפען ווערען אזוי ווי א קינד... וואָס איז, מעלי־זאַנדע? וואָס האָסטו זיך מיט אמאָל צו־וויינט?..

מעליזאַנדע (בעגיסענדיג זיך מיט טרעהרען): איך בין... איך בין אויך ניט געזונד...

גאָלאָ: דו ביסט אויך ניט געזונד? וואָס פעהלט דיר דען; וואָס איז דיר, מעליזאַנדע?..

מעליזאַנדע: איך ווייס ניט... מיר פאַליובעט דאָ ניט... לאָמיך עס דיר זאָגען טאקע איצט: מיין האַר, מיין האַר, איך געפין מיך דאָ ניט גליקליך...

גאָלאָ: וואָס הייסט? מעליזאַנדע, וואָס איז געשע־הען? וואָס איז?.. און איך שפיר גאָר קיין זאך ניט... וואָס איז געשעהען?.. האָט דיר ווער בייז געטהאָן?.. האָט דיך ווער געקריוודעט?

מעליזאַנדע: ניין, ניין; קיינער האָט מיר קיין שום בייז ניט געטהאָן... עס איז ניט דאָס... עס איז ניט דאָס... אָבער איך קען דאָ מעהר ניט זיין. איך ווייס ניט פאר וואָס... איך וויל אוועק פון דאנען, אוועק!.. איך וועל שטארבען, ווען איך בלייב דאָ ווייטער...

גאָלאָ: אָבער עפּעס פּאָרט מוז דאָך זיין? דו בע־האַלטסט עפּעס פון מיר... דערצעהל מיר דעם גאַנצען אמת, מעליזיאַנדע... ווער האָט דיך געקריוודעט? דער קעניג?.. מיין מוטער?.. פעלעאַס?..

מעליזאַנדע: ניין, ניין; ניט פעלעאַס. קיינער ניט... דו קענסט מיך ניט פערשטעהן...

גאָלאָ: פאר וואָס זאָל איך דיך ניט פערשטעהן?..

צוועלפטען קלאפּ, פּונקט האלבען טאָג, האָט ער זיך פלוצלונג דערשראָקען און ווי א בלינדער משוגע׳נער איז ער אָנגעלאָפען אויף א בוים. מעהר האָב איך ניט געהערט. איך ווייס נאָך איצט אויך ניט וואָס איז געשעהען. איך בין געפאלען און ער איז הפּנים געפאלען אויף מיר. מיר האָט זיך אָפּגעדוכט, אז דער גאנצער וואלד ליעגט אויף מיין ברוסט. איך האָב געמיינט, אז מיין הארץ איז צוקוועטשט געוואָרען. אָבער עס איז גאנץ, מיין הארץ. ס׳איז קענטיג גאָרנישט...

מעליזאַנדע: געבען דיר אביסעל וואסער?

גאָלאָ: א דאַנק, א דאנק; איך בין ניט דורשטיג.

מעליזאַנדע: אונטערלעגען דיר אַן אנדער קיסען?.. אויף דער קיסען איז א בלוט-פלעק.

גאָלאָ: ניין, ניין; ניט נויטיג. דאָס איז מיר ערשט ארויס אביסעל בלוט פון מויל. עס קען זיין, אז עס וועט פון מיר געהן נאָך בלוט...

מעליזאַנדע: ביסטו אין דעם גאנץ זיכער?.. טהוט דיר שטארק וועה?

גאָלאָ: ניין, ניין; איך האָב שוין געהאט אַ סך אזעלכע וועהטאָגען. איך בין געוווינט צו פאר'הארטעווען אייזען און בלוט... די ביינער זיינען דאָך ניט קיין ביינדעלעך פון א קליין קינד; האָב קיין מורא ניט...

מעליזאַנדע: מאַך צו דיינע אויגען און ווער אנטשלאָפען. איך וועל דאָ זיצען א גאנצע נאַכט...

גאָלאָ: ניין, ניין; איך וויל ניט, אז דו זאָלסט זיך אזוי אויסמאטערען. איך דארף קיין זאך ניט; איך וועל

ארויסגעפאלען... איך האָב איהם געוואָרפען צו הויך, אנטקעגען דער זונן...

פעלעאָם: קום, קום אוועק פון דאנען. מיר וועלען נאָך אהער צוריק־קומען אנאנדער טאָג. קום, עס איז שוין צייט. זיי וועלען נאָך אונז קומען זוכען. דער זייגער האָט שוין געשלאָגען צוועלף, נאָך בעת דער פינגעריל איז אריינגעפאלען.

מעליזאַנדע: וואָס זאָלען מיר זאָגען גאָלאָ'ן, ווען ער וועט פרעגען וואו דער פינגעריל איז?

פעלעאַם: דעם אמת, דעם אמת, דעם אמת... (זיי געהען ארוים).

צווייטע סצענע. א צימער אין שלאָס.

נאָלאָ ליעגט אויסגעצויגען אויף זיין בעט.
מעליזאַנדע זיצט לעבען איהם.

גאָלאָ: אה! אה! אליץ איז ווי געוואונשען. דאָס איז גאָרנישט מיט גאָרנישט. איך קען נאָר ניט פערשטעהן ווי אזוי האָט דאָס געטראָפען. איך האָב זיך מיר פאמעלעך געיאָגט אין וואלד. פלוצלונג האָט מיין פערד פערנאנדער־געטראָגען. איך ווייס נאָר ניט פאר וואָס. צי האָט ער דער־זעהען עפּעס אן אונגעוועהנליכע זאך?.. איך האָב זיך גע־ווען איינגעהערט, ווי דער זייגער שלאָגט צוועלף. ביים

פעלעאַם: ווי ער פינקעלט עס אויפ׳ן זונן! — ווארף איהם ניט אזוי הויך אין דער לופטען...

מעליזאַנדע: אה!..

פעלעאַם: וואַס, אריינגעפאלען?

מעליזאַנדע: אריינגעפאלען אין וואסער!..

פעלעאַם: וואו איז ער? וואו איז ער?..

מעליזאַנדע: וואַס? איך זעה גאַר ניט ווי ער זינקט אראַב...

פעלעאַם: מיר דאכט, איך זעה זיין בליאסק...

מעליזאַנדע: מיין פינגער׳ל?

פעלעאַם: יא, יא; אן דאַרטען...

מעליזאַנדע: אַה! אַה! ער איז שוין אזוי ווייט פון אונז! ניין, ניין, דאַס איז ניט דער פינגער׳ל... ניט דער פינגער׳ל... פארלאָרען.. פאלאָרען.. מען זעהט שוין איצט גאַרניט, א חוץ א גרויסען קרייז אויף׳ן וואסער.. וואַס טהוען מיר? וואַס הייבען מיר אַן צו טהאַן?..

פעלעאַם: נעהם זיך ניט אזוי דאַס לעבען איבער א פינגער׳ל. דאַס איז גאַרנישט... אפשר וועלען מיר איהם נאָך געפינען. אניט, וועלען מיר געפינען אנאנדערן...

מעליזאַנדע: ניין, ניין; מיר וועלען איהם שוין קיין מאָל ניט געפינען. און קיין אנדער פינגעריל וועלען מיר אויך ניט געפינען... אבי איך האָב געמיינט, אז איך האָב איהם שוין אונטערגעכאפט אין מיינע הענט... איך האָב שוין די הענט אפילו געהאט צוגעמאכט און דאָך איז ער

מעליזאַנדע: יאָ, מיינע האאר זיינען לענגער פון מיינע ארעמס... זיי זיינען לענגער פאר מיר אין גאנצען. (שטילשווייגען).

פעלעאַס: וואו האָט ער דיך געפונען? אויף ביים ברעג פון א קוואל?

מעליזאַנדע: יא...

פעלעאַס: וואָס האָט ער דיר געזאָגט?

מעליזאַנדע: גאָרנישט; — איך געדענק שוין ניט...

פעלעאַס: איז ער געווען גאָר נאָהענט לעבען דיר?

מעליזאַנדע: יא; ער האָט מיך געוואָלט קושען.

פעלעאַס: אָבער דו האָסט ניט געוואָלט?

מעליזאַנדע: ניין.

פעלעאַס: פאר וואָס האָסטו ניט געוואָלט?

מעליזאַנדע: אה! אה! עפּעס האָט אָקאָרשט פאָר־ביי געפינקעלט אין וואסער איבער'ן דעק...

פעלעאַס: היט זיך! היט זיך! — דו ווערסט ארייג־פאלען. מיט וואָס שפּיעלסטו עס זיך?

מעליזאַנדע: מיט דעם פינגער'ל, וואָס ער האָט מיר געגעבען...

פעלעאַס: היט זיך; ווערסט איהם נאָך פערלירען.

מעליזאַנדע: ניין, ניין; איך האלט איהם שטארק אין מיינע הענט...

פעלעאַס: שפּיעל זיך ניט אזוי איבער אזא טיעפען קוואל...

מעליזאַנדע: מיינע הענט ציטערען ניט.

פעלעאַם: דאָ הערשט שטענדיג א וואונדערליכע שטילקייט... מען הערט דאכט זיך, ווי דאָס וואסער שלאָפט... ווילסט זיך אפשר זעצען אויפ'ן ברעג פון'ם מירמעלשטיינענעם בעקען? דאָ איז פארהאן א לינדען־בוים, וועלכען די זונן דרינגט קיין מאָל ניט דורך...

מעליזאַנדע: איך וועל זיך לעגען אויפ'ן מירמעל־שטיין... איך וואָלט וועלען דערזעהן דעם דעק פון קוואַל...

פעלעאַם: קיינער האָט נאָך איהם קיינמאָל ניט גע־זעהען. דער קוואַל איז אפשר אזוי טיעף ווי דער ים. — קיינער ווייס ניט פון וואנען דאָס וואסער קוועלט ארוים. — אפשר קומט עס פון דעק פון דער ערד...

מעליזאַנדע: ווען עפּעס א פינקעלנדע זאך וואָלט געווען אויפ'ן דעק, וואָלט מען זי אפשר ארויסגעזעהען...

פעלעאַם: בויג זיך ניט אָן אזוי...

מעליזאַנדע: איך וויל אָנריהרען דאָס וואסער...

פעלעאַם: היט זיך, זאָלסט זיך ניט א גליטש טהאָן,, איך וועל דיך צוהאלטען פאר'ן האנט...

מעליזאַנדע: ניין, ניין, איך וויל אָבטונקען ביידע הענט... מיינע הענט זיינען היינט עפּעס גאָר ווי קראנק..

פעלעאַם: אה! אה! היט זיך! היט זיך! מעלי־זאנדע!.. מעליזאַנדע! — אה! דיינע האאר!..

מעליזאַנדע (זעצט זיך אויף גיך אויף גלייך): איך קען ניט... איך קען עס ניט דערלאנגען...

פעלעאַם: דיינע האאר זיינען איינגעטונקט אין וואסער...

# צווייטער אַקט.

ערשטע סצענע.     אַ קוואַל אין פּאַרק.

פּעלעאַס און מעליזאַנדע קומען אריין.

פּעלעאַס: דו ווייסט ניט, וואוהין איך האָב דיך גע־בראכט? איך קום אהערצו אָפט זיצען מיטאָג־צייט, ווען אין די גערטנער ווערט צו היים. היינט שטיקט עפּעס גאָר, אפילו אין דעם שאטען פון די בוימער.

מעליזאַנדע: אה, ווי קלאָר דאָס וואסער איז!..

פּעלעאַס: עס איז אזוי קיהל, ווי דער ווינטער. דאָס איז אן אלטער פערלאָזענער קוואַל. לייט דערצעהלען, אז דורך דעם קוואַל פלעגען אמאָל נסים געשעהן, — ער פלעגט עפענען די אויגען פון די בלינדע. ער רופט זיך נאָך איצט „דער קוואַל פון די בלינדע“.

מעליזאַנדע: און איצט עפענט ער שוין מעהר ניט אויף די אויגען פון די בלינדע?

פּעלעאַס: פון זינט ווען דער קעניג אליין איז באלד א בלינדער געווארען, קומט שוין קיינער אהער ניט היילען זיך...

מעליזאַנדע: ווי איינזאם דאָ איז!.. קיין שום גע־רויש הערט מען ניט.

נאכט?.. קוים־קוים וואָס מען זעהט זי נאָך... זי קען נאָך צובראָכען ווערען...

פעלעאָס: די נאכט פאלט־צו זעהר גיך... (אלע שווייגען).

זשענעוויוו: קיינער רעדט שוין מעהר ניט... איה־ האָט שוין מעהר ניט וואָס צו זאָגען איינער צום צווייטען?.. שוין צייט אריין אין שלאָס. פעלעאס, ווייז מעליזאנדע'ן דעם וועג. איך מוז א רגע א קוק טהאָן וואָס דער קליינער איניאָלד מאכט. (זי געהט ארוים).

פעלעאָס: איצט קען מען שוין גאָר ניט זעהען אויפ'ן ים...

מעליזאַנדע: אָט זעה איך נאָך פייערען.

פעלעאָס: דאָס זיינען די אנדערע לייכטטורעמס... דו הערסט ווי דער ים ברומט?.. עס ווערט א ווינט... קום, לאָמיר דאָ אראָבגעהן. ווילסט מיר געבען דיין האנט?

מעליזאַנדע: זעה, זעה, מיינע הענד זיינען פערנו־ מען...

פעלעאָס: איך וועל דיך נעהמען פאר'ן אָרים. דער ברעג איז א קרומער און עס איז שטאָק פינסטער... איך וועל נאָך אפשר מאָרגען אוועקפאָהרען...

מעליזאַנדע: אה!.. פאר וואָס פאָהרסטו אוועק? (זיי געהען ארוים).

פעלעאַם: דאָס מוז זיין א גרויסע שיף... איהר פייער ברענט זעהר הויך. אָט וועלען מיר זי באלד זעהען. ווען זי וועט אריין אין דעם ליכטיגען פאַס...

זשענעווויוו: איך ווייס ניט צי וועלען מיר זי קענען זעהן... דער טומאַן הענגט נאָך איבער׳ן ים...

פעלעאַם: דער טומאַן הויבט זיך דאָרט פאַמעלעך אויף...

מעליזאַנדע: יאָ. איך זעה דאָרט א קליין פייערל. פריהער האָב איך עס ניט געזעהן...

פעלעאַם: דאָס איז א לייכטורעם. ס׳זיינען דאָרט פאראן נאָך לייכטורעמס, אָבער זיי קענען מיר נאָך ניט זעהן.

מעליזאַנדע: די שיף איז אין דער ליכטיגען... זי איז שוין זעהר ווייט פון דאנען...

פעלעאַם: דאָס איז א פרעמדע שיף, ניט קיין היגע זי קוקט אויס גרעסער פאר אלע אונזערע שיפען...

מעליזאַנדע: דאָס איז דאָך די שיף, וועלכע האָט מיך אהערצו געבראכט...

פעלעאַם: זי שווימט אוועק מיט פולע זעגלען...

מעליזאַנדע: דאָס איז די שיף, וועלכע האָט מיך אהערצו געבראכט; זי האָט גרויסע זעגלען... איך האָב זי דערקענט אָן איהרע זעגלען.

פעלעאַם: דער ים וועט היינט ביי נאכט זיין אַ צאָרנ־דיגער.

מעליזאַנדע: פאר וואָס פאָהרט זי אָב, היינט ביי־

נעם. ס'זיינען דאָ פאַרהאַן ערטער, וואו מען זעהט קיין מאָל די זונן ניט אָן. אָבער מען ווערט דערצו אַזוי גיך צוגע־וואוינט... דאָס איז שוין אַזוי לאַנג, אַזוי לאַנג... שוין באַלד פערציג יאָהר אַז איך וואוין דאָ... קוק אין דער אַנ־דער זייט, דאָרט וועסטו זעהען די ליכטיגקייט פון ים...

מעליזאַנדע: איך הער עפּעס אַ געררויש אונטער־אונז...

זשענעוויוו: יאָ. אימיצער געהט אַהערצו אַרויף צו אונז... אַה! דאָס איז פּעלעאַס... ער קוקט נאָך אַלץ אויס מיעד פון לאַנגען וואַרטען אויף אייך...

מעליזאַנדע: ער זעהט אונז ניט.

זשענעוויוו: איך דענק, אַז ער זעהט אונז, נאָר ער פיהלט זיך ניט היימיש... פּעלעאַס, דו ביסט עס?.. (פּעלעאַס קומט אַריין).

פּעלעאַס: יאָ!.. איך בין עס געוועזען געגאַנגען צום ים...

זשענעוויוו: מיר אויך; מיר האָבען געזוכט די ליכ־טיגקייט. דאָ איז אַביסעל ליכטיגער איידער אין אַנאַנדער אָרט. דאָך, דער ים איז דונקעל.

פּעלעאַס: היינט ביינאַכט וועט זיין אַ שטורעם. די לעצטע צייט איז יעדע נאַכט געוועזען אַ שטורעם. פון דעסט־וועגען, איז איצט אַזוי שטיל... אימיצער קען זיך נאָך אַזוי אַרויפזעצען אויף אַ שיף, ניט איבערדענקענדיג וועגען גאָרנישט, און שוין קיין מאָל ניט צוריק־קומען.

מעליזאַנדע: עפּעס פאַהרט אָב פון האַפען...

קומען... ער שרייבט מיר, אז אויב איך וויל, קען איך קומען פאר דעם טאָג, אָבער איך טאָהר ניט פארזאמען. דער וועג איז זעהר א לאנגער, און אויב איך וועל נאָך ווארטען ביז גאָלאָ וועט צוריק־קומען, וועט שוין אפשר זיין נאָך אלעמען...

ארקעל: דאָך, ווערסטו נאָך מוזען אביסעל ווארטען... מיר ווייסען ניט וואָס זיין צוריק־קומען וועט אונז ברייני־גען. א חוץ דעם, איז דאָך דיין פאָטער, וועלכער ליעגט דאָ אויבען, נאָך אפשר מעהר מסוכן קראנק אידער דיין פריינד... איז דיר דען דיין פריינד בילכער פון דיין פאָ־טער?.. (ער געהט ארוים).

זשענעוויוו: זאָלסט זעהן, פעלעאַס, אז פון היינט אָבענד זאָל דער לאָמפּ זיין אָנגעצונדען אויפ'ן שפּיץ טורעם... (זיי געהען ארוים אין בעזונדערע זייטען).

פיערטע סצענע. פאַר'ן שלאָס.

זשענעוויוו און מעליזאנדע קומען אריין.

מעליזאַנדע: אומעטיג אין די גערטנער. און וואָס פאר וועלדער, וואָס פאר וועלדער זיינען דאָ ארום און ארום דעם שלאָס!

זשענעוויוו: יאָ, מיך האָט עס אויך גע'חידוש'ט, ווען איך בין אהערצו אָנגעקומען. עס חידוש'ט יעדען איי־

דאכט, אזוי ערנסט געזעצט... וואָלט עס פאָרגעקומען מיט פעלעאַס'ן, וואָלט איך נאָך פערשטאַנען... אָבער ער... אין זיינע יאָהרען... און ווענען וויל ער עס ברייננען אהער צו אונז? א פרעמדע, וואָס ער האָט געפונען אויפ'ן ווייטען וועג... פון זינט זיין ווייב איז געשטאָרבען, האָט ער דאָך בלויז געלעבט פאר זיין זוהן, פאר דעם קליינעם איניאָלד, און ווען ער וואָלט א צווייטען מאָל חתונה געהאַט, וואָלט ער עס נאָר געטהאָן אום צו ערפילען דיין וואונש... און איצט... א קליין מיידעל אין וואלד... ער האָט פאָן אלץ פערגעסען... וואָס זאָלען מיר טהאָן?.. (פעלעאַס קומט אריין).

ארקעל: ווער געהט עס אהער?

זשענעוויוו: דאָס איז פעלעאַס. ער האָט געוויינט.

ארקעל: ביסטו עס, פעלעאַס? — קום צו אביסעל נעהענטער, איך זאָל דיך קענען זעהען אין דער ליכטיגען...

פעלעאַס: זיידע, אינאיינעם מיט מיין ברודער'ס בריעף, האָב איך געקראָגען נאָך א בריעף, פון מיין פריינד מאַרסעלוס... ער האלט ביים שטארבען און רופט מיך צו זיך. ער וויל זיך מיט מיר זעהען פאר'ן טויט...

ארקעל: דו ווילסט אוועקפאָהרען איידער דיין ברודער וועט זיך אומקעהרען? — אפשר איז דיין פריינד ניט אזוי מסוכנ'דיג קראנק ווי ער מיינט...

פעלעאַס: זיין בריעף איז אזא אומעטיגער, אז מען קען לייענען דעם טויט צווישען די שורות... ער שרייבט מיר, אז ער ווייס בעשטימט דעם טאָג, ווען דער טויט מוז

וועגען האָב איך נאָך קיין מאָהל אפילו אויף קיין איין רגע קלאָהר ניט געזעהן וואָס אין מיר אליין קומט פאָר, היינט ווי אזוי קענסטו פון מיר פערלאנגען, איך זאָל אורטיילען איבער די מעשים פון אנדערע? איך שטעה שוין מיט איין פוס אין קבר און דאָך קען איך אפילו איבער מיר אליין ניט אורטיילען... כל זמן מען האלט די אויגען אָפען, לעבט מען שטענדיג אין טעות. גיט זיך אוים, אז דאָס איז מאָדנע, ווייטער גאָרנישט. ער איז שוין א בעטאגטער מענש, דאָך נעהמט ער, אזוי ווי א קינד, און האָט חתונה מיט א קליין מיידעל, וואָס ער געפינט זיצענדיג לעבען א קוואל. אונז קען זיך אויסגעבען, אז דאָס איז מאָדנע, וואָרים מיר זעהען דאָך שטענדיג נאָר דעם היפך פון דעם שיקזאל... דעם היפך נאָר, אפילו פון אונזער אייגענעם שיקזאל... ביז איצט פלעגט ער אלע מאָהל פאָלגען מיין עצה. איך האָב געוואונשען איהם גליקליך צו מאכען, דערמיט וואָס איך האָב איהם געשיקט בעטען די האנט פון פרינצעסען אורסולא... אליין זיין האָט ער קיינמאָל ניט געקענט. זינט זיין ווייב איז געשטאָרבען, איז ער זעהר אונמוטהיג געוועזן. די חתונה פון אורסולא'ן וואָלט געמאכט א סוף צו די לאנגע מלחמות און צו דער אלטער שנאה... האָט ער אָבער אנ־דערש געוואָלט. זאָל זיין אזוי ווי ער האָט געוואָלט. איך האָב קיין מאָל ניט געשטערט קיין בעשערטע זאך. ווייטער, זיין אייגענע צוקונפט ווייס ער דאָך בעסער פון מיר. אפשר געשעהט קיין זאך ניט אומזיסט...

זשענעוויוו: ער איז דאָך אימער געוועזן אזוי בע־

ווען אָנגעטהאָן ווי א בת־מלכה, כאָטש איהרע קליידער זיינען געוועזען צוריסענע פון די דערנער. אָט איז שוין געוואָרען זעקס חדשים זינט איך האָב מיט איהר התונה געהאט, אָבער איצט ווייס איך ווענען איהר ניט מעהר איידער דעם טאָג ווען איך האָב זי דעם ערשטען מאָהל בעגעגענט. דערווייל, טייערער פעלעאס, — דו, וועמען איך ליעב מעהר ווי א ברודער, כאָטש מיר זיינען ניט פון איין טאטען — דערווייל מאך אלץ גרייט פאר אונזער צוריק־קומען... איך ווייס, אז די מאמע וועט מיר גערן מוחל זיין. אָבער איך האָב מורא פאר'ן קעניג, פאר אונזער עהרווירדיגען זיידען, איך האָב מורא פאר ארקעל'ן, כאָטש ער איז אזא גוטער, ווארים מיט דיעזען מאָדנעם זווג האָב איך דאָך צושטערט אלע זיינע דיפּלאָמאטישע פּלענער. איך האָב מורא, אז אין זיינע קלוגע אויגען וועט מעליזאנדע'ס שעהנקייט זיין גאָר א קנאפּער תירוץ פאר מיין משוגע'נער טהאט. אָבער אויב ער וועט מרוצה ווערן אויפצונעהמען איהר אזוי ווי אן אייגענע טאָכטער, זאָלסטו די דריטע נאכט נאָכדעם ווי די וועסט ערהאלטען אָט דעם בריעף, אָנצינדען א לאָמפּ און אויפהענגען איהם אויפ'ן שפּיץ טורעם, וואָס קוקט ארויס אויפ'ן ים. איך וועל דאָס ליכט דערזעהען פון דעם דעק פון אונזער שיף. ווען ניט, וועל איך אוועק ווייט פון דאנען און וועל שוין מעהר קיינמאָל ניט קומען צוריק..." נו, וואָס זאָגסטו דערצו?

ארקעל: גאָרנישט. ער האָט מן הסתם געטהאָן ווי ער האָט געמוזט טהאָן. איך בין שוין זעהר אלט, פונדעסט־

מעליזאַנדע: אה, ריהר מיך ניט אָן!..

גאַלאַ: ניט שריי... איך וועל דיך שוין מעהר ניט אנריהרען. אָבער קום מיט מיר. היינט וועט זיין זעהר אַ פינסטערע, זעהר אַ קאַלטע נאכט. קום מיט מיר...

מעליזאַנדע: וואוהין געהסטו?..

גאַלאַ: איך ווייס ניט... איך האָב אויך פערבלאָנ־זעט... (זיי געהען אָב).

דריטע סצענע. אַ זאַל אין שלאָס.

### ארקעל און זשענעוויוו.

זשענעוויוו: אָט איז זיין בריעף. ער שרייבט זיין ברודער פעלעאס'ן: „איין אָבענד בלאָנדזשענדיג אין וואלד, האָב איך זי געפונען בעגיסענדיג זיך מיט טרעהרען לעבען אַ קוואַל. איך ווייס ניט ווי אַלט זי איז, ווייס ניט ווער זי איז און פון וואנען זי איז און איך וואַג ניט נאָכפרעגען זיך ביי איהר, ווייל זי איז קענטיג שטארק איבערגעשראָקען. גיט מען איהר נאָר אַ פרעג, וואָס מיט איהר איז געשעהען, אזוי צוּוויינט זי זיך ווי אַ קינד און צוכליפּעט זיך אזוי שטארק, אז עס כאפּט אזש אָן אן אימה. פונקט דאמאָלס ווען איך האָב זי געטראָפען ביים קוואל, האָט זיך פון איהרע האָאר געהאט אראָבגעגליטשט אַ גאָלדענע קרוין און איז אראָבגעפאלען אויפ'ן דעק פון וואסער. ווייטער איז זי גע־

מעליזאַנדע: אָ, יאָ, ביי דער נאכט מאַך איך זיי צו...

גאָלאָ: פאר וואָס איז ביי דיר אזא פערוואונדערט פנים?

מעליזאַנדע: ביזטו א ריעז?

גאָלאָ: איך בין א מענש ווי אלע מענשען...

מעליזאַנדע: נאָך וואָס ביזטו געקומען אהערצו?

גאָלאָ: איך ווייס אליין ניט. איך בין געוועזן אויף געיעג אין דעם וואלד. איך האָב זיך געיאָגט נאָך אַ ווילדען שוויין. איך בין אראָב פון וועג. — קוקסט אויס זעהר יונג. ווי אלט ביזטו?

מעליזאַנדע: מיר ווערט קאַלט...

גאָלאָ: וועסטו געהן מיט מיר?

מעליזאַנדע: ניין, ניין; איך וועל דאָ בלייבען...

גאָלאָ: קענסט דאָך דאָ ניט בלייבען איינע אליין. קענסט דאָ ניט בלייבען א גאנצע נאכט איינע אליין... ווי רופט מען דיך?

מעליזאַנדע: מעליזאַנדע.

גאָלאָ: קענסט דאָ ניט בלייבען, מעליזאַנדע. קום מיט מיר...

מעליזאַנדע: איך וועל דאָ בלייבען...

גאָלאָ: וועסט זיך דאָך שרעקען איינע אליין. ווער ווייס וואָס דאָ קען זיך נאָך טרעפען?.. א גאנצע נאכט... גאנץ אליין... דאָס איז אונמעגליך. מעליזאַנדע, נו קום, גיב מיר דיין האנט...

וואָס ער האָט מיר געגעבען. זי איז מיר אראָבגעפאַלען, ווען איך האָב געוויינט...

גאַלאַ: א קרוין? ווער האָט עס דיר געגעבען א קרוין? איך וועל זי פּרואווען דערלאַנגען...

מעליזאַנדע: ניין, ניין! איך וויל פון איהר מעהר ניט וויסען! איך וויל פון איהר מעהר ניט וויסען!.. איך וועל בעסער שטאַרבען... שטארבען דאָ אויפ'ן אָרט...

גאַלאַ: איך וואָלט זי גאָר גרינג געקענט ארויסנעהמען. דאָס וואסער איז ניט זעהר טיעף.

מעליזאַנדע: איך וויל פון איהר מעהר ניט וויסען! ווען דו נעהמסט זי ארויס, ווארף איך זיך אריין אויף איהר אָרט...

גאַלאַ: ניין, ניין! איך וועל זי דאָרט לאָזען ליעגען. דאָך וואָלט מען זי גאָר גרינג געקענט ארויסנעהמען. דאכט זיך זעהר א שהענע קרוין... שוין לאנג אז דו ביזט אנט־לאָפען?

מעליזאַנדע: יאָ, יאָ... ווער ביזטו?

גאַלאַ: איך בין דער פּרינץ גאָלאָ, — אן אייניקעל פון ארקעל, דעם קעניג פון אללעמאָנד...

מעליזאַנדע: אָך, דו האָסט דאָך שוין גרויע האָר...

גאַלאַ: יאָ, אביסעל, אָט דאָ ארום די שלייפען...

מעליזאַנדע: אין באָרד אויך... וואָס קוקסטו אזוי אויף מיר?

גאַלאַ: איך קוק אויף דיינע אויגען. — מאכסטו גאָר קיינמאָל דיינע אויגען ניט צו?

וועל מיר דאָ שטעהן אָנגעשפּארט אָן דעם בוים. האָב קיין מורא ניט. האָט דיר ווער בייז געטהאָן?

מעליזאַנדע: אָך! יאָ! יאָ! יאָ!.. (זי פארגעהט זיך פון געוויין).

גאָלאָ: ווער האָט דיר בייז געטהאָן?

מעליזאַנדע: אלע! אלע!

גאָלאָ: וואָס פאר א בייז האָבען זיי דיר געטהאָן?

מעליזאַנדע: איך וועל ניט אויסזאָגען! איך קען דאָס ניט דערצעהלען!..

גאָלאָ: נו, וויין דאָך ניט אזוי. פון וואנען קומסטו אהער?

מעליזאַנדע: איך בין אנטלאָפען!.. אנטלאָפען... אנטלאָפען...

גאָלאָ: יאָ, אָבער פון וואנען ביזטו אנטלאָפען?

מעליזאַנדע: איך האָב פערבלאָנזעט!.. פער־בלאָנזעט!.. אָך! — איך בין ניט קיין היגע. איך בין א געבירטיגע ניט פון דאנען...

גאָלאָ: פון וואנען קומסטו דען? וואו ביזטו געבאָ־רען געוואָרען?

מעליזאַנדע: אָך! אָך! ווייט פון דאנען!.. ווייט... ווייט...

גאָלאָ: וואָס פינקעלט עס אזוי אין וואסער אויפ'ן גרונד?

מעליזאַנדע: וואו? — אה! דאָס איז די קרוין,

## צווייטע סצענע. אין וואלד.

מעליזאנדע זיצט ביים ברעג פון א ברונען.
גאלא קומט אן.

גאלא: איך וועל שוין קיינמאל ניט ארויסקריכען פון אט דעם וואלד. — איין גאט וויים, וואוהין די חיה האט מיך פערשלעפט. א טשיקאוועס. דאכט זיך, איך האב איהם פערוואונדעט צום טויט און אט זיינען אפילו בלוט־שפורען. אבער איצט זעה איך איהם שוין מעהר ניט; איך האב מורא, איך האב פערבלאנזעט. מיינע הינט קענען מיך ניט געפינען. איך וועל צוריקגעהן מיט דעם זעלבען וועג וואס איך בין געקומען... דאכט זיך, אימיצער וויינט דא. אה! אה! וואס איז עס דארטען ביים ברעג־וואסער?.. וויינט עס ניט א קליין מיידעלע ביים ברעג־וואסער? (ער גיט א הוסט). זי הערט ניט. איהר פנים זעה איך ניט. (ער געהט צו נאהענט און ריהרט מעליזאנדע'ן אן אויפ'ן אקסעל) וואס וויינסטו? (מעליזאנדע דערשרעקט זיך. כאפט זיך אויף און וויל אנטלויפען). האב קיין מורא ניט, האסט ניט וואס מורא צו האבען. וואס וויינסטו דא איינע אליין?

מעליזאנדע: ריהר מיך ניט אן! ריהר מיך ניט אן!

גאלא: האב קיין מורא ניט... איך וועל דיר קיין זאך ניט טהאן.. אה, ווי שעהן דו ביזט...

מעליזאנדע: ריהר מיך ניט אן! ריהר מיך ניט אן! אז ניט,ווארף איך זיך אריין אין וואסער!..

גאלא: איך וועל דיך ניט אנריהרען. אט קוק, איך

טויער־וועכטער: אַט זיינען די גרויסע שליסלען... אה! אה! ווי די ריגלען און די שלעסער קרעכצען!.. העלפט מיר! העלפט מיר!..

די דיענסטען: מיר שלעפען דאָך, מיר שלעפען דאָך...

צווייטע דיענסט: ער עפענט זיך ניט...

ערשטע דיענסט: אה! אה! ער עפענט זיך! ער עפענט זיך פּאַמעלעך!

דער טויער־וועכטער: ווי ער סקריפּעט עס אביסעל! ווי ער סקריפּעט עס! ער וועט אויפוועקען דאָס גאנצע הויז...

צווייטע דיענסט (זי ערשיינט אויפ'ן שוועל): אה, ווי ליכטיג ד'רויסען איז שוין!

ערשטע דיענסט: די זונן געהט אויף איבער'ן ים!

דער טויער־וועכטער: ער איז אָפען!.. איז אין גאנצען אויפגעעפענט... (אלע דיענסטען ערשיינען אויפ'ן שוועל און טרעטען איבער איהם אריבער).

ערשטע דיענסט: איך וועל צוערשט שייערן דעם שוועל...

צווייטע דיענסט: מיר וועלען אַט דאָס אלץ קיינמאָל דערוואשען.

די אנדערע דיענסטען: ברייננגט אהער וואסער! ברייננגט וואסער!

דער טויער־וועכטער: יאָ, יאָ; גיסט וואסער; גיסט וואסער. גיסט אָן דאָס גאנצע וואסער פון'ם מבול. איהר וועט דאָ קיינמאָל צו קיין עק ניט קומען...

# ערשטער אַקט.

ערשטע סצענע. ביים טויער פון שלאָס.

דיענסטען (הינטער די קוליסען): עפענט דעם טויער! עפענט דעם טויער!

דער טויער־וועכטער (פון הינטער די קוליסען): ווער איז עס דאָרטען? וואָס קומט איהר אהער מיך וועקען? געהט ארוים דורך די טהירלעך; ס׳איז דאָ גענוג טהירלעך!..

אַ דיענסט (פון הינטער די קוליסען): מיר זיינען געקומען אָבוואשען דעם שוועל, דעם טויער און דעם גאַניק; נו, עפען, עפען!

אַנאַנדער דיענסט (פון הינטער די קוליסען): גרויסע זאכען וועלען געשעהן!

דריטע דיענסט (פון הינטער די קוליסען): עס וועלען קומען גרויסע צייטען! גיכער עפען!

די דיענסטען: עפען! עפען!

טויער־וועכטער: ווארט! ווארט! איך ווייס ניט צי איך וועל איהם קענען עפענען!.. קיין מאָל עפענט מען איהם ניט... ווארט ביז עס וועט ליכטיג ווערן...

ערשטע דיענסט: ד׳רויסען איז שוין גענוג ליכטיג. איך זעה די זונן דורך די שפאלטען...

# פערזאָנען:

ארקעל, דער קעניג פון אללעמאָנד.

זשענעוויוו, פעלעאס'עס און גאָלאָ'ס מוטער.

פעלעאַס, גאָלאָ, ארקעל'ס אייניקלעך.

מעליזאַנדע.

דער קליינער איניאָלד, גאָלאָ'ס זוהן (פון דער ער־שטער ווייב).

אַ דאָקטאָר.

דער טויער־וועכטער.

דיענער, בעטלער א. ז. וו.

מאריס מעטערלינק

# פעלעאַס און מעליזאַנדרע

אידיש פון יואל ענטין.

---

פערלאג: מייזעל עט. קא.
424 Grand Street, New York.
1911.

## III.

מאַרגאַריטקעס, אַזעלכע בלימעלאַך; זייער נאָמען נעהמט זיך פֿון דעם גריכישען וואָרט „מאַרגאַרעטאַ" וואָס בעדייט פערל.

וואונעאוך, אַ פערזאָן, ביי וועלכען מען האָט אויסגעשניטען די מענליכע קראַפֿט; אַזעלכע פערזאָנען ווערען אַממיינסטענס געהאַלטען אַלס וועכטער אין די האַרעמען.

עפיך, אַזאַ פפלאַנצע, וועלכע ציהט זיך און פֿלעכט זיך אַרום בוימער.

פּאַשאַ, אַ טירקישער הויכער שטאַאַטס בעאַמטער אָדער אַדעליגער.

פֿיאָלען, אַזעלכע פֿלעשער, אין וועלכער מען האַלט פֿליסיגע מעדיצין שטאָפֿען.

פֿיערצענטער יולי, דער טאָג אין וועלכען עס ווערט געפֿייערט אין פֿראַנקרייך דאָס שטירצען פֿון באַסטיליע, אָדער דער זיעג פֿון דער גרויסער רעוואָלוציע 1789.

פעראולט, אַ פֿראַנצויזישער שריפֿטשטעלער פֿון 17-טען יאָהרהונדערט; ער איז בעריהמט פֿאַר זיינע פֿאָלקסטימליכע מעשה'לאַך, און צויבערגעשיכטען.

צינדערעלאַ, קליינער דוימלינג, ראָטקעפפכען און בלויעבאָרד, העלדען אָדער כאַראַקטערע אין פעראולט'ס מעשה'לאַך.

רענעגאַט, איינער וואָס פֿערראַטה די זייניגע און געהט איבער אויף דעם צד פֿון שונא.

שטונדען גלאָז, אַזאַ גלעזערנער אינסטרומענט, וועלכער מעסט מיט דער הילף פֿון זאַמד קורצע וויילען פֿון דער צייט.

שטיער אָקס, אַן אָקס, וועלכען מען האָט ניט געמאַכט קיין געשלעכטליכע אַפּעראַציע ווי ביי געוועהנליכע אַרבייטס אָקסען. אַ שטיער אָקס האַלט מען ניט צו קיין אַרבייט, זאָנדערן נאָר צום פֿאָרטפפלאַנצען דעם מין.

## II.

שוואַנגער געוואָרען דורך דער בעהויפטונג מיט דעם הייליגען גייסט, דערפֿון נעהמט זיך איהר נאָמען „הייליגע יונג פֿרוי".

וואַלטער קריין, אַ גוט בעקאַנטער ענגלישער קינסטלער פֿון דער געגענוואַרט.

ווייהנאַכטען, דער קריסטליכער יום טוב, אין וועלכען מען פֿייערט דעם געבורט פֿון ישו הנוצרי; די ווייהנאַכטען פֿאַלען שטענדיג דעם 25־טען דעצעמבער.

ווייהנאַכטסבוים, אַ קליינער בוים, אַממייסטענס אַ יונגעס סאָסנע בוימעל, אויף וועלכענס צווייגען מען הענגט אויף אין די ווייהנאַכטען מתנות פֿאַר קינדער, דערצעהלענדיג זיי, אַז די ווייהנאַכטען האָבען זיי דאָס אַלעס געבראַכט.

ווירגיל, דער גרעסטער דיכטער פֿון רוים אין אַלטערטהום, האָט געלעבט אין דעם יאָהרהונדערט בעפֿאָר דער געבורט פֿון קריסט.

טאָג פֿון אַלע הייליגע, אַ קריסטליכער יום טוב, געפֿאַלט דעם ערשטען נאָוועמבער, מען פֿייערט אין איהם די ענדע פֿון'ם הערבסט און מען מאַכט געוויסע צערעמאָניעס, אום זיך צו בעפֿעסטיגען געגען דאָס קומען פֿון ווינטער. לויט דעם אַבערגלויבען פֿון פֿאָלק זיינען אין דעם טאָג פֿריי די גייסטער, שדים און רוחות.

טהעאָקריטאָס, אַ בעריהמטער גריכישער דיכטער פֿון אַלטערטהום, האָט געלעבט מיט 3 יאָהר־הונדערטע בעפֿאָר דער קריסטליכער צייטרעכנונג.

טורבאַן, אַזאַ שאַל, וועלכען די מענשען פֿון די מזרח לענדער טראָגען אַרומגעוויקעלט אַרום דעם קאָפּ.

לאַקיי, אַ שקלאַפֿישער נאָכפֿאָלגער, אַן אונטערוואָרפֿענער קנעכט.

ליוורע, דער ספּעציעלער אַנצוג אָדער די אוניפֿאָרמע, וואָס דינער פֿון געוויסע אַדעללייט טראָגען.

לעוואַנדער, אַזאַ מין פּפֿלאַנצע.

מיקראָבען, די קליינסטע בעשעפֿענישע, וואָס עקזיסטירען; פֿיעלע פֿון זיי זיינען די אורזאַכען פֿון פֿערשיעדענע קראַנקהייטען.

# איינינע ערקלעהרונגען.

איך געפין פאר נייטיג צו ערקלעהרען דעם זין פון פאלגענדע ווערטער, וועלכע זיינען אונבעקאנט דעם אידישען לעזער, און וועלכע ער האט בענוצט אין דעם ווערק:

בלויער פויגעל, איז לויט א פראנצויזישער לעגענדע א סימבאל פון גליק; אין דעם ווערק „בלויער פויגעל" בעהאנדעלט מעטערלינק דאס פראבלעם פון גליק־זוכעניש.

גרים, דער נאמען פון צוויי ברידער, דייטשע שריפטשטעלער, יאקאב לודוויג מייער און ווילהעלם קארל גרים, זיי האבען געלעבט אין 18־טען און 19־טען יאהרהונדערט און זיי זיינען בעקאנט אלס שפראכקענער און אלס פערפאסער פון זעלטען שעהנע קינדער מעשה'לאך און צויבער געשיכטען.

גרעטכען, די העלדין פון דעם בעריהמטען ווערק „פאוסט", וואס דער גרעסטער פון אלע דייטשע דיכטער, וואלפגאנג פאן געטהע, האט פערפאסט.

דזשאן בול, א פארגעשטעלטער טיפ, וואס קערפערט אין זיך איין דאס ענגלישע פאלק.

דיאדעם, אזא באנד פאר דעם קאפ, וואס איז א זין־בילד פון הערשאפט, פון מאכט, פון גרויסקייט.

הייליגע יונג פרוי, די מוטער פון ישו הנוצרי; ווי בע־וואוסט בעהויפטעט די קריסטליכע לעגענדע, אז זי האט ניט גע־האט קיין געשלעכטליכען פערקעהר מיט קיין מאן, זאנדערן זי איז

דאָס קליינע מיידעלע. נאָך ניט... וואָס עסט ער?...

טילטיל. סאַי וואָס, קאָרן, ברויט, ווייץ, גרילען...

דאָס קליינע מיידעלע. ווי עסט ער, זאָג?...

טילטיל. מיט זיין שנאָבעל, דו וועסט זעהן, כ'וועל דיר ציינען:

(ער וויל נעהמען דעם בלויען פֿויגעל פֿון דער קליינער מיידעלעס האַנד; זי לאָזט דאָס ניט אינסטינקטיוו; די טויב בענוצט זיך פֿון זייערע אונענטשלאָסענע בעוועגונגען, רייסט זיך אויס און פֿליהט אַוועק.)

דאָס קליינע מיידעלע (מיט אַ קוויטש פֿון פֿערצווייפֿלונג). מוטער!... ער איז אַוועק!... (זי זעצט אויס אין אַ געוויין.)

טילטיל. ס'מאַכט ניט אויס... וויין ניט... כ'וועל איהם צוריק כאַפּען... (אַרויסגעהענדיג צו דעם פֿאָדערגרונד פֿון דער ביהנע און רעדענדיג צו דעם פּובליקום.) אויב ווּעלכער פֿון אייך וועט איהם געפֿינען, וועט ער זיין אַזוי גוט און איהם אונז צוריקגעבען?... מיר דאַרפֿען איהם פֿאַר אונזער גליק...

פֿאָרהאַנג.

טילטיל (צוגעהענדיג צו איהר פֿערוואונדערט). אַך! ווי עהנליך זי איז צו ליכט!...

מיטיל. זי איז פֿיעל קלענער...

טילטיל. געוויס!... אָבער זי וועט וואַקסען גרעסער...

די שכנה. וואָס זאָגען זיי?... זיינען זיי דערפֿון נאָך ניט פֿריי געוואָרען?...

מוטער טיל. ס'געהט זיי בעסער, זיי קומען צו זיך... זיי וועלען זיין גאַנץ גוט נאָך דעם וואָס זיי וועלען האָבען זייער פֿריה-שטיק...

די שכנה (שטופענדיג די קליינע מיידעל אין טילטיל'ס אָרמס). קום מיין קינד, דאַנק טילטיל'ן.

(טילטיל דערשרעקט זיך פלוצלינג און מאַכט אַ טריט צוריק.)

מוטער טיל. וואָס איז טילטיל?... דו האָסט מורא פֿאַר דער קליינער מיידעלע?... קום און גיעב איהר אַ קוש... אַ גוטען גרויסען קוש... אַ בעסערן ווי דעם... דו ביסט געוועהנליך ניט אַזוי שעהמעדיג!... נאָך איינעם... אָבער וואָס איז מיט דיר?... דו זעהסט אוים ווי גלייך דו וואָלסט וועלען וויינען...

(טילטיל, נאָך דעם וואָס ער קושט דאָס קליינע מיידעלע, בלייבט שטעהן אויף אַ ווייליע פֿאַר איהר און די צוויי קינדערלעך קוקען זיך אָן איינע די צווייטע ניט רעדענדיג קיין וואָרט; דאַן גלעט טילטיל דאָס קעפעל פֿון דער טויב.)

טילטיל. איז ער בלוי גענוג?...

דאָס קליינע מיידעלע. יאָ, איך בין צופֿריעדען פֿון איהם...

טילטיל. כ'האָב געזעהן בלויערע פֿון דעם... אָבער די וועלכע זיינען שטאַרק בלוי, דו ווייסט, מעג מען טהון סיי וואָס, קען מען זיי ניט כאַפּען...

דאָס קליינע מיידעלע. דאָס מאַכט ניט אויס; דער איז גאַנץ שעהן...

טילטיל. האָט ער שוין עפּעס געגעסען?...

טילטיל. הערר ברויט... (טאַפּענדיג זיך ביים שטערן) אַך! דער דיעמענט איז פֿערשוואונדען!... ווער האָט צוגענומען מיין קליין גרין היטעלע?... שאַט ניט! כ'דאַרף עס ניט מעהר... אַך דאָס פֿייער!... ער איז גוט!... ער קניאַקט און לאַכט צו ערגערן דאָס וואַסער... (צולויפֿענדיג צו דעם קראַן.) און וואַסער?... גוט מאָרגען וואַסער!... וואָס זאָגט זי?... זי רעדט נאָך אַלץ, אָבער איך פֿערשטעה איהר שוין ניט אַזוי גוט...

מיטיל. איך זעה ניט צוקער...

טילטיל. גאָט, ווי גליקליך כ'בין, גליקליך, גליקליך!...

מיטיל. איך אויך, איך אויך!...

מוטער טיל. וואָס וועט אַרויסקומען אָט דערפֿון?...

פֿאָטער טיל. לאָז זיי צורוה און קימער דיך ניט... זיי שפּי-לען זיך אין גליקליך זיין...

טילטיל. כ'האָב ליעבער געהאַט די ליכט פֿון אַלע... וואו איז איהר לאָמפּ?... קענען מיר איהם אָנצינדען?... (ווידער אַרומקוקענדיג זיך.) גאָט! ווי שעהן אַלעס איז און ווי צופֿריעדען כ'פֿיהל!...

(אַ קלאַפּ אין דער טהיר פֿון דער הויז.)

פֿאָטער טיל. אַריין!...

(עס קומט אַריין די שכנה, זי האַלט ביי דער האַנד אַ קליינע מיידעלע פֿון אַ צויבערליכער און וואונדערבאַרער שעהנקייט, וועלכע טראָגט טילטיל'ס טויב צוגעדריקט צו איהר האַרץ.)

די צויבערין. זעהט איהר דעם נס?...

מוטער טיל. אונמעגליך!... קען זי געהן?...

די שכנה. צו זי קען געהן?... זי קען לויפֿען, זי קען טאַנ-צען, זי קען פֿליהען!... ווען זי האָט דערזעהן דעם פֿויגעל איז זי אַראָבגעשפּרינגען, אָט אַזוי, מיט איין שפּרונג איז זי געוועזן ביים פֿענסטער צו זעהן ביי דער ליכט, אויב ס'איז ווירקליך טילטיל'ס טויב... און דאַן הויש!... אַרויס אין דער גאַס ווי אַ מלאכ'ל... איך האָב איהר קוים געקענט נאָכהאַלטען...

געזאָגט?... כ'וועל אַראָבנעמען דאָס שטייגעל... (ער קריכט אַרויף אויף אַ בענקעל, נעהמט אַראָב דאָס שטייגעל און טראָגט עס צו צו דער שכנה.) אָט דאָ האָט איהר עס, מאַדאַם בערלינגאָ... ער איז ניט אין גאַנצען בלוי איצט, אָבער ער וועט עס ווערען, איהר וועט זעהן!... טראָגט עס שנעל צו אייער קליינער טאָכטער...

די שכנה. ווירקליך?... טאַקי אויף אַן אמת?... דו גיסט עס מיר אַזוי אין גאַנצען אַוועק, פֿאַר גאָר ניט?... גאָט, ווי גליקליך זי וועט זיין!... (קושענדיג טילטיל'ן) איך מוז דיר געבען אַ קוש!... איך לויף!... איך לויף!...

טילטיל. יאָ, יאָ; איילט זיך שנעל... איינינע פֿון זיי ענדערן דעם קאָליר...

די שכנה. איך וועל צוריקקומען דירדערצעהלען וואָס זי זאָגט...

(זי געהט אַרויס.)

טילטיל (נאָכדעם וואָס ער קוקט זיך לאַנג אַרום). טאַטעניו, מאַמעניו, וואָס האָט איהר געטהון צו דער הויז?... עס זיינען דאָ די זעלבע זאַכען, ס'איז אָבער פֿיעל שעהנער ווי בעפֿאָר...

פֿאָטער טיל. ערקלעהר, וואָס מיינסטו דערמיט, אַז ס'איז שעהנער?...

טילטיל. אַלעס איז איבערגעמאָהלען געוואָרען און ס'זעהט אויס ניי, אַלעס איז גערייניגט און איבערפּאָלירט געוואָרען... ס'איז ניט אַזוי געוועזן פֿאָריגעס יאָהר...

פֿאָטער טיל. פֿאָריגעס יאָהר?...

טילטיל (צוגעהענדיג צום פענסטער). און זעה נאָר דאָס וואַלד!... ווי גרויס, ווי שעהן ער איז!... מען קען דענקען, אַז ער איז ניי!... ווי גליקליך כ'פֿיהל זיך דאָ!... (צוגעהענדיג צום ברויט-קאָרב און עפֿע-נענדיג עס). וואו איז ברויט?... זעה, די לעבלאַך זיינען גאַנץ שטיל... און דאָ ליגט טילאָ!... גוט מאָרגען טילאָ! אַך, דו האָסט געהאַט אַ פֿיינעם קאַמפּף!... דו ערינערסט זיך דאָרט אין וואַלד?...

מיטיל. און טילעט?... ער קען מיך גוט, נאָר ער האָט אויפֿגעהערט רעדען...

פֿ אָ ט ע ר ט י ל. לאָז זיין, לאָז זיין!... דאָס וועט פֿאָראיבער געהן; איך וועל זיי געבען עטליכע שמיץ...

ד י ש כ נ ה. לאָזט זיי צורוה, ס'איז ניט ווערטה די ליידען... איך פֿערשטעה דאָס זעהר גוט; ס'איז בלויז אַ שטיקעלע טרוימעריי... זיי האָבען געמוזט שלאָפֿען אין די שטראַהלען פֿון דער לבנה... מיין קליינע טאָכטער, וועלכע איז זעהר קראַנק איז אויך אָפֿט אַזוי...

מ ו ט ע ר ט י ל. גוט וואָס ס'איז צו רייד געקומען, וואָס מאַכט אייער קליינע טאָכטער?...

ד י ש כ נ ה. אָט אַזוי... זי קען זיך ניט אויפֿהויבען... די דאָקטוירים זאָגען, אַז ס'איז דורך די נערוועז... איך וויים וואָס ס'וואָלט זי פֿון דאָס אַלעס אויסגעהיילט... זי האָט עס ערשט ביי מיר געבעטען היינט אין דער פֿריה, פֿאַר איהר וויינאַכטס־מתנה; זי האָט אַ אידעע אַז...

מ ו ט ע ר ט י ל. יאָ, איך ווייס, ס'איז טילטיל'ס פֿויגעל... נו גוט, טילטיל, ווילסטו איהם אַלץ ניט געבען דער קליינער אָרימער מיידעלע?...

ט י ל ט י ל. וואָס מוטער?...

מ ו ט ע ר ט י ל. דיין פֿויגעל... דו דאַרפֿסט איהם ניט האָבען... דו קוקסט איהם איצט אפילו ניט אָן... און זי שטאַרבט איינפֿאַך שוין זינט אַזוי לאַנג איהם צו האָבען...

ט י ל ט י ל. אָה, דאָס איז אמת, מיין פֿויגעל... וואו איז ער?... אַך, אָט איז דאָס שטייגעל!... מיטיל דו זעהסט דאָס שטייגעל?... ס'איז דאָס וואָס ברויט האָט געטראָגען... יאָ, יאָ, ס'איז דאָס זעלבע, אָבער ס'איז נאָר דאָ איין פֿויגעל אין עס... האָט ער דעם אַנדערען אויפֿגעגעסען?... זעה, זעה!... ער איז בלוי!... ס'איז דאָך אָבער מיין טורטעל־טויב!... נאָר ער איז איצט פֿיעל בלויער, ווי ער איז געוועזען ווען כ'בין אַוועק געגאַנגען... דאָס איז דאָך דער בלויער פֿויגעל, וועלכען מיר האָבען געזוכט!... מיר זיינען אַזוי וויים געגאַנגען און ער איז גאָר דאָ געוועזען די גאַנצע צייט!... אַך! דאָס איז וואונדערבאַר!... מיטיל דו זעהסט דעם פֿויגעל?... וואָס וואָלט די ליכט

טילטיל. דער זיידעניו האָט נאָך זיין הילצ'ערנעם פוס...
מיטיל. און די באָבעניו דעם רעאומאַטיזם...
מוטער טיל. דו הערסט?... לויף און ברייננ אַ דאָקטאָר!...
פאָטער טיל. אָה ניין, ניין... זיי זיינען נאָך ניט טויט... קום, לאָמיר דאָ אַ קוק טהון... (אַ קלאַפּ אין דער טהיר). אַריין!...
(עס קומט אַריין די שכנה בערלינגאָ, אַ נידעריגע אַלטע פרוי, וועלכע אייגענט זיך מיט דער צויבערין פון ערשטען אַקט, זי געהט אָנגעשפּאַרט אין אַ שטעקען.)
די שכנה. גוט מאָרגען און גוט יום טוב צו אייך אַלע.
טילטיל, ס'איז די צויבערין בערילון!...
די שכנה. איך בין געקומען צו אייך בעטען אַביסעל פייער לכבוד יום טוב... ס'איז זעהר קאַלט היינט... גוט מאָרגען, קינדער, וואָס מאַכט איהר?...
טילטיל. מאַדאַם צויבערין, בערילון, כ'האָב ניט געקענט געפינען דעם בלויען פויגעל...
די שכנה. וואָס זאָגט ער!...
מוטער טיל. פרעגט מיך ניט מאַדאַם בערלינגאָ... זיי ווייסען ניט וואָס זיי זאָגען... זיי זיינען אַזוי זינט זיי האָבען זיך אויפגעכאַפּט... זיי האָבען געמוזט עסען עפּעס, וואָס איז ניט גוט געוועזן...
די שכנה. וואָס, טילטיל, דו דערקענסט ניט די מאַמע בערלינגאָ, אייער שכנה בערלינגאָ?...
טילטיל. אָה יאָ מאַדאַם... איהר זיינט די צויבערין בערילון... איהר זיינט ניט ברוגז מיט אונז?...
די שכנה. בערי... ווי?...
טילטיל. בערילון...
די שכנה. בערלינגאָ, דו ווילסט זאָגען בערלינגאָ...
טילטיל. בערילון, בערלינגאָ, ווי איך געפעלט... אָבער מיטיל ווייסט...
מוטער טיל. אָט דאָס איז דאָס ערגסטע, וואָס אויך מיטיל...

באָבעניו האָט אונז געמאַכט אַ גוטען פֿלוימען טאָרט... און דאַן די קליינע ברידערלאַך, ראָבערט, זשאַן און זיין דריידעל, מאַדעלען און פיערעט, פאולין און ריקעט...

מיטיל. ריקעט קריכט נאָך אַלץ אויף אַלע פֿיער!...

טילטיל. און פאולין האָט נאָך דעם פימפּעל אויף דער נאָז...

מוטער טיל. האָט איהר ניט געפֿונען דאָס שליסעלע פֿון דער שאַפֿע וואו דער טאַטעניו בעהאַלט זיין פֿלעשעל בראַנפֿען?...

טילטיל. דער טאַטעניו בעהאַלט אַ פֿלעשעל בראַנפֿען?...

מוטער טיל. געה אַביסעל פֿאַר מיר, לאָ'מיך זעהן צו דו קענסט געהן גלייך... (טילטיל פֿאָלגט איהר). אָה ניין, ס'איז ניט דאָס... מיין גאָט! וואָס איז מיט זיי געשעהן?... איך וועל זיי אויך פֿערליהרען ווי איך האָב פֿערלוירען די אַנדערע... (זי ווערט זעהר אונרוהיג און רופֿט הויך.) פֿאָטער טיל! פֿאָטער טיל!... קום שנעל! די קינדער זיינען קראַנק!...

(פֿאָטער טיל קומט אַריין, זעהר רוהיג, מיט אַ האַק אין דער האַנד.)

פֿאָטער טיל. וואָס איז?...

טילטיל און מיטיל (לויפֿענדיג לוסטיג צו קושען זייער פֿאָטער). טאַטעניו!... ס'איז דער טאַטעניו!... גוט מאָרגען טאַטעניו!... האָסט דו געהאַט אַ סך אַרבייט דאָס יאָהר?...

פֿאָטער טיל. נו וואָס איז?... וואָס פֿעהלט זיי?... זיי זעהען ניט אויס קראַנק; זיי זעהען אויס זעהר גוט...

מוטער טיל (וויינענדיג.) מען קען זיך ניט פֿערלאָזען אויף זייער אויסזעהן... ס'וועט זיין מיט זיי ווי מיט די אַנדערע... יענע האָבען אויסגעזעהן זעהר גוט ביז צו ענדע; און דאַן האָט זיי גאָט צוגענומען... איך ווייס ניט וואָס ס'איז מיט זיי... איך האָב זיי נעכטען אָבענד געלעגט גאַנץ רוהיג אין בעט און היינט אין דער פֿריה איז אַלצדינג שלעכט... זיי ווייסען ניט וואָס זיי זאָגען; זיי רעדען פֿון אַ רייזע... זיי האָבען געזעהן די ליכט, דעם זיידען און די באָבע, וועלכע זיינען טויט, נאָר וועלכע עס איז זעהר גוט...

מוטער טיל. ווען דו ביזט אַוועקגעגאַנגען?... דו האָסט ניט פֿערלאָזען דאָס צימער... איך האָב דיך געלעגט אין בעט נעבּען אָבענד און אַלץ דאָ ביזט דו היינט אין דער פֿריה... האָסט דו דאָס אַלעס גע'חלומט?...

טילטיל. אָבער דו פֿערשטעהסט דאָס ניט!... ס'איז געווען אין פֿערגאַנגענעם יאָהר, ווען כ'בין אַוועקגעגאַנגען מיט מיטיל'ן, די צויבערין, די ליכט — ווי שעהן ליכט איז! — ברויט, צוקער, וואַסער, פֿייער. זיי האָבען זיך אַרומגעקריגט די גאַנצע צייט... ביזט דו ניט בייז אויף מיר?... האָסט דו זיך געפֿיהלט זעהר טרויעריג?... און דער טאַטעניו, וואָס האָט ער געזאָגט?... כ'האָב ניט געקענט אָבזאָגען... כ'האָב איבערגעלאָזען אַ צעטעלע, דורך וועלכען כ'האָב ערקלעהרט...

מוטער טיל. איבער וואָס רעדסט דו, איבער וואָס?... ס'איז גאַנץ זיכער, ענטוועדער דו ביזט קראַנק, אָדער דו שלאָפֿסט נאָך... (זי גיט איהם אַ פֿריינדליכען טרעסעל.) אַנו, ערוואַך... אָט אַזוי איז בעסער?...

טילטיל. אָבער מאַמעניו, כ'פֿערזיכער דיר... דו שלאָפֿסט נאָך...

מוטער טיל. וואָס! איך שלאָף נאָך?... איך בין שוין וואַך זינט זעקס אַ זייגער... איך האָב שוין געענדיגט דאָס צורוימען און האָב שוין געמאַכט פֿייער...

טילטיל. טאָ פֿרעג מיטיל'ן, צי ס'איז ניט אמת... אָה, מיר האָבען געהאַט אַזעלכע בעגעבענהייטען!...

מוטער טיל. פֿרעגען מיטיל'ן?... וואָס מיינסט דו?...

טילטיל. זי איז געווען מיט מיר... מיר האָבען געזעהן דעם זיידען מיט דער באָבע...

מוטער טיל (אַלץ מעהר און מעהר דערשראָקען). דעם זיידען מיט דער באָבע?...

טילטיל. יאָ, אין'ם לאַנד פֿון דער ערינערונג... ס'איז געווען אויף אונזער וועג... זיי זיינען טויט, אָבער ס'איז זיי גאַנץ גוט... די

מוטער טיל. ליכט?... סאיז שוין גאַנץ געווים ליכטיג... שוין זינט אַ לאַנגער צייט... ס'איז אַזוי גלענצענד ווי אין מיטען טאָג, כאָטש די לאָדענס זיינען נאָך פערמאַכט... וואַרט אַביסעלע ביז איך וועל זיי עפענען... (זי עפענט די לאָדענס און אַ העלע טאָג-ליכט זעצט אריין אין צימער.) אָט אַזוי! זעהסט!... וואָס איז מיט דיר?... דו זעהסט אויס אין גאַנצען בלינד...

טילטיל. (רייבענדיג זיך די אויגען). מאַמעניו, מאַמעניו!... דו ביזט עס?...

מוטער טיל. גאַנץ געוויס בין איך עס... יוער דען האָסט דו געמיינט איז עס?...

טילטיל. דו ביזט עס... יאָ, יאָ, דו ביזט עס...

מוטער טיל. געוויס, בין איך עס... איך האָב ניט געענדערט מיין פנים די נאַכט... וואָס קוקסט דו מיך אָן אַזוי פערוואונדערט?... האָט זיך דען מיין נאָז איבערגעקעהרט?...

טילטיל. אַך! ווי גוט ס'איז דיך ווידערצוזעהן!... ס'איז שוין אַזוי לאַנג זינט דעמאָלט, אַזוי לאַנג!... כ'מוז דיר תיכף אַ קוש טהון... נאָך אַמאָל, נאָך אַמאָל, נאָך אַמאָל!... מיין בעט, ווי בע-קוועם ס'איז... כ'בין צוריק אין דער היים!...

מוטער טיל. וואָס איז מיט דיר?... פאַר וואָס שטעהסט דו ניט אויף?... דו ביזט קראַנק?... לאָמיך זעהן דיין צונג... קום, שטעה אויף און טהו דיך אָן...

טילטיל. זעה! כ'האָב דאָס העמד אויף מיר...

מוטער טיל. גאַנץ געוויס... טהו אָן דיינע הויזעלאַך און דאָס קליינע וועסטעל... אָט דאָרט זיינען זיי אויף דעם בענקעל...

טילטיל. אָט דאָס האָב איך געטהון אויף מיין רייזע?...

מוטער טיל. וועלכע רייזע?...

טילטיל. וואָס הייסט? פון פערגאַנגענעם יאָהר...

מוטער טיל. פון פערגאַנגענעם יאָהר?...

טילטיל. נו, יאָ!... אין די וויינאַכטען, ווען כ'בין אַוועק-געגאַנגען...

## צעהנטעס בילד.

### די ערוואַכונג.

די זעלבע אויסשטאַטונג ווי אין ערשטען אַקט, נאָר אַלע זאַכען, די ווענד און די אַטמאָספערע, ערשיינען אונפערגלייכבאַר וואונדערבאַרער, פרישער, גליקליכער און פרעהליכער. די ליכט פון טאָג גנב'ט זיך אַריין דורך דעם שפאַלט פון אַ פערמאַכטען לאָדען.

(אין דער רעכטער זייט נאָהענט פון הינטער גהונד, ליגען טילטיל און מיטיל און שלאָפען געשמאַק אין זייערע בעטלאַך. דער הונד, די קאַץ, און די איבעריגע זאַכען ליגען אַלע אין די זעלבע פלעצער, וואָס זיי האָבען פערנומען אין דעם ערשטען בילד, בעפאָר די צויבערין איז אַריינגעקומען. — עס קומט אַריין די מוטער טיל.)

מוטער טיל (מיט אַ לוסטיגער שטימע, ווי זידלענדיג). אויף, אַנו, אַראָב פון בעט! איהר קליינע פוילענצער!... שעהמט איהר זיך ניט פאַר אייך אַליין?... ס'האָט שוין געקלינגען אַכט און די זונן איז שוין הויך איבער די בוימער!... גאָט! ווי זיי שלאָפען, ווי זיי שלאָפען!... (זי בייגט זיך אָן און קושט די קינדער.) זיי זיינען אין גאַנצען ראָזע... טילטיל שמעקט ווי אַ לעווענדער און מיטיל ווי אַ מאַי־בלום... (זיי ווידער קושענדיג.) ווי זיס קינדער זיינען!... אָבער דאָך, מען קען זיי ניט לאָזען שלאָפען ביז האַלבען טאָג... מען טאָר זיי ניט לאָזען אויפוואַקסען פוילענצער... אַחוץ דעם, האָב איך געהערט זאָגען, אַז ס'איז ניט זעהר געזונד... (צערטליך טרייסלענדיג טילטיל'ן). וואַך אויף, וואַך אויף, טילטיל...

טילטיל (ערוואַכענדיג). וואָס?... ליכט?... וואו איז זי?... ניין, ניין, געה ניט אַוועק...

פערשטעהט ניט... אָבער איך וואָך איבער איהם ביז צום סוף פון זיינע טעג... פערגעסט ניט, אַז איך רעד צו אייך דורך יעדען לבנה־שטראַהל, וואָס גיסט זיך פונאַנדער, דורך יעדען פינקלענדען שטערן, דורך יעדען אָנפאַנגען טאָגען, דורך יעדען לאָמפּ וואָס איז אָנגעצונ־דען, דורך יעדען גוטען און קלאָהרען געדאַנק פון אייערע נשמות... (עס קלינגט אַכט אַזייגער הינטער דער וואַנד.) הערט!... די שטונדע שלאָגט!... אַדיע!... די טהיר עפענט זיך!... געהט אַריין, געהט אַריין, געהט אַריין!...

(זי שטופּט אַריין די קינדער דורך דער טהיר, וועלכע האָט זיך געעפענט ביז אין דער העלפט און וועלכע פערמאַכט זיך צוריק הינטער זיי. ברויט ווישט אָב אַ פערגנב'טע טרער, צוקער, וואַסער און די איבעריגע, אַלע וויינענדיג לויפען אַוועק און זיי פערשווינדען רעכטס און לינקס הינטער די קוליסען, דער הונד וואויעט הינטער דער סצענע, די ביהנע בלייבט אַ ווײלע לעדיג, דאַן עפענט זיך די וואַנד אין מיטען און עס ערשיינט דאָס לעצטע בילד.)

פאָרהאַנג.

ד ע ר ה ו נ ד (ארויסלאָזענדיג אמת'ע געשרייען פון פערצווייפלונג, און צואוואַרפענדיג זיך צו די קינדער בעדעקט ער זיי מיט קושען). ניין! ניין!... איך שטים דערצו ניט איין!... איך שטים דערצו ניט איין!... איך וועל שטענדיג רעדען!... דו וועסט מיך שוין פערשטעהן, ניט אַזוי מיין קליינער גאָט!... יאָ, יאָ, יאָ!... און מיר וועלען זיך איינער דעם צווייטען דערצעהלען אַלעס, אַלעס, אַלעס!... און איך וועל זיין אַזוי גוט... און איך וועל לעהרנען צו לעזען, צו שרייבען, און צו שפּיעלען דאָמינאָ!... און איך וועל שטענדיג זיין זעהר ריין... און איך וועל מעהר גאָר ניט צו'גנב'נען פון דער קיך... זאָל איך בעווייזען אַ וואונדערבאַרע קונץ פאַר דיר?... ווילסט דו, אַז איך זאָל קושען די קאַץ?...

מ י ט י ל (צו דער קאַץ). און דו טילעט?... דו האָסט אונז גאָר ניט צו זאָגען?...

ד י ק אַ ץ (מיט אַ זאָנדערבאַרען רעטזעלהאַפטען טאָן). איך ליעב אייך ביידע אַזוי פיעל וויפיעל איהר האָט ווערטה...

ד י ל י כ ט. איצט איז מיין רייהע, מיינע קינדער, לאָזט מיך אייך געבען דעם לעצטען קוש...

ט י ל ט י ל און מ י ט י ל (אָנהעגנענדיג זיך אָן דער ליכט'ס קלייד). ניין, ניין, ליכט!... בלייב דאָ מיט אונז!... דער טאַטעניו, וועט גאָר ניט זאָגען... מיר וועלען דערצעהלען דער מאַמעניו ווי גוט דו ביזט צו אונז...

ד י ל י כ ט. ליידער! איך קען ניט!... די טהיר איז פערמאַכט פאַר אונז און איך מוז אייך פערלאָזען...

ט י ל ט י ל. וואוהין וועסט דו געהן איינע אַליין?...

ד י ל י כ ט. ניט זעהר ווייט, מיינע קינדער; אָט דאָרט, אין דער לאַנד פון דאָס שטילשווייגען...

ט י ל ט י ל. ניין, ניין; כ'וויל ניט דו זאָלסט אַוועקגעהן... מיר וועלען געהן מיט דיר... כ'וועל דאָס זאָגען דער מאַמעניו...

ד י ל י כ ט. וויינט ניט מיינע טהייערע קינדער... איך האָב ניט קיין שטימע ווי דאָס וואַסער; איך האָב בלויז גלאַנץ, וואָס דער מענש

וואָלט געליטען פון צייהן-וועהטאָג. זי קוויטשעט נעפּעהרליך, זי ווערט נאָכגעפאָלגט פון׳ם הונד, וועלכער בייסט איהר, שלאָגט איהר, און וואַרפט איהר.)

דער הונד. (בייסענדיג די קאַץ). נאַ!... איז דיר שוין גענוג?... דו ווילסט נאָך?... נאַ! נאַ! נאַ!...

די ליכט, טילטיל און מיטיל (צולויפענדיג זיי צו שיידען). טילאָ!... ביזט דו משוגע!... וואָס איז דאָס!... אַראָב!... הער אויף מיט די שטיק!... ווי וואַגסט דו?... וואַרט! וואַרט!...

(זיי צושיידען דעם הונד און די קאַץ מיט געוואַלט.)

די ליכט. וואָס איז, וואָס?... וואָס איז געשעהן?...

די קאַץ (כליפּענדיג, און ווישענדיג זיך די אויגען). סאַ׳יז דורך איהם, מאַדאַם ליכט... ער האָט מיך בעליידיגט, ער האָט אַ־ייננעלעגט שטיפּטלאַך אין מיין זופּ, ער האָט מיך געשלעפּט ביים עק, ער האָט מיך געשלאָגען, און איך האָב גאָר ניט געטהון, גאָר ניט, גאָר ניט!...

דער הונד (נאָכקרימענדיג זיך). גאָר ניט! גאָר ניט!... (מיט אַ דינעם קול פערקרימענדיג זיך). שאַט ניט, דו האָסט געכאַפּט עטליכע, דו האָסט געכאַפּט עטליכע, און דו וועסט נאָך כאַפּען!...

מיטיל (דריקענדיג די קאַץ אין איהרע אָרעמס). מיין אָרימער טילעט, זאָג מיר וואו האָט ער דיר אַ זעץ געטהון... איך וועל אויך וויינען...

די ליכט (צו׳ם הונד שטרענג). דיין אויפפיהרונג איז מיט אַזוי פיעל מעהר אונווירדיג, ווייל דו האָסט אויסגעקליבען צו מאַכען דעם טרויעריגען ספּעקטאַקעל אין אַזאַ מאָמענט, וואָס איז שוין גענוג שמערצליך דורך דעם, וואָס מיר דאַרפען זיך צושיידען פון די אָרימע קינדערלאַך...

דער הונד (צואווייגענדיג זיך פלוצלינג). זיך צושיידען פון די אָרימע קינדערלאַך?...

די ליכט. יאָ, די שטונדע, וואָס דו ווייסט, איז געקומען... מיר וועלען זיך צוריקקעהרען אין דאָס שטילשווייגען... מיר וועלען מעהר ניט קענען רעדען צו זיי...

וואַסער. איך בין ליעבענד און צערטליך; איך בין גוט צו מענשליכע וועזענס...

פּייער. און וואָס איז מיט די דערטרונקענע?...

וואַסער. ליעבט די ברונען, הערט זיך צו צו די טייכען... איך וועל שטענדיג זיין דאָרטען...

פּייער. זי האָט אַלעס פּערפּלייצט!...

וואַסער. ווען איהר וועט זיצען אין אָבענד, נעבען אַ קוואַל — עס זענען דאָ מעהרערע קוואַלען דאָ אין וואַלד — בעמיהט זיך צו פּערשטעהן, וואָס ער זאָגט צו אייך... איך קען מעהר ניט זאָגען... די טרערען שטיקען מיך און זיי הינדערן מיך צו רעדען...

פּייער. ס'הייבט זיך גאָר ניט אָן!...

וואַסער. ערינערט אייך אָן מיר ווען איהר וועט זעהן די וואַסער־פּלאַש... איהר וועט מיך אויך געפינען אין דעם קריגעל, אין דעם קענדעל, אין דער ציסטערנע און אונטער דער קראַן...

צוקער (נאַטירליך מיט חניפה און זיסקייט). אייב איהר האָט אַ פּ־יי קליין ווינקעלע אין אייער ערינערונג, דערמאָהנט אייך צו מאָל אַז מיין אַנוועזענהייט איז אייך געווים זיס... דאָס איז אַלעס וואָס איך האָב אייך צו זאָגען... טרערען זיינען אין געגעניאַץ צו מיין טעמפּעראַמענט, און זיי שעדיגען מיך געפעהרליך, ווען זיי פּאַ־לען אויף מיינע פּים...

ברויט. יעזואיט!...

פּייער (ווי בילענדיג). צוקער־שטעקעלאַך!... צוקערקעס!... קאַראַמעלם!...

טילטיל. וואו זיינען ערגיץ אַוועקגעגאַנגען טילעט און טילאָ? ... וואָס טהון זיי?...

(אין דעם מאָמענט דערהערט זיך ווי די קאַץ לאָזט אַרויס שרעקליכע געשרייען.)

מיטיל (דערשראָקען). טילעט וויינט!... מ'זן האָט א'הם שלעכטס געטהון!...

(עס קומט אַריין די קאַץ, לויפענדיג, מיט די האָר צושויבערט, מיט די קליידער צוריסען, האַלטענדיג אַ האַנדטיכעל ביי דער באַק, ווי גליך זי

דאָס איז אמת; די צושיידונג וועט אָבער נאָר זיין שוינבאַר, איהר וועט אונז מעהר ניט הערען רעדען...

פֿ י י ע ר. דאָס וועט ניט זיין קיין גרויסער אונגליק!...

וו אַ ס ע ר. שטיל זאָל זיין!...

ב ר ו י ט (שטאָלץ). דאָס איז ניט נוגע מיר... איך האָב געזאָגט, אַז איהר וועט מיך מעהר ניט הערען, איהר וועט מיך מעהר ניט זעהן אין אַ לעבעדיגער פֿאָרמע... אייערע אויגען וועלען זיך פֿערמאַכען צו דעם אונזיכטבאַרען לעבען פֿון די זאַכען; אָבער איך וועל שטענדיג זיין דאָרט, אין דעם ברויט־קאָרב, אויף דער פּאָליצע, אויף דעם טיש, אין דער זופּ; איך, וועלכער בין, אויב איך קען אַזוי זאָגען, דער געטרייעסטער בעגלייטער און דער עלטסטער פֿריינד פֿון דעם מענשען...

פֿ י י ע ר. גוט, און איך?...

ד י ל י כ ט. קומט, די מינוטען פֿליהען, ס'איז שוין געקומען די שטונדע וועלכע וועט אונז צוריק טרייבען אין דאָס שטיל־שווייגען... איילט זיך צו קושען די קינדער...

פֿ י י ע ר (צולויפֿענדיג צו זיי). איך דער ערשטער, דער ערשטער איך!... (קושענדיג ווי מיט געוואַלד די קינדער.) אַדיע טילטיל און מיטיל!... אַדיע מיינע טהייערע קינדער... ערינערט אייך אָן מיר, ווען איהר וועט וועלען דאָס אימיצער זאָל עפּעס אָנצינדען...

מ י ט י ל. אוי! אוי!... ער בריהט מיך אָב...

ט י ל ט י ל. אוי! אוי!... ער האָט אָבגעסמאַליעט מיין נאָז...

ד י ל י כ ט. קומט פֿייער, מעסיגט אַביסעל אייערע בעוועגונגען... איהר געפֿינט אייך ניט איצט אין אייער קוימען...

וו אַ ס ע ר. ס'אַראַ אידיאָט!...

ב ר ו י ט. ס'אַראַ שלעכט ערצויגענער!...

וו אַ ס ע ר (צוגעהענדיג צו די קינדער). איך וועל אייך קושען צערטליך אָהנע אייך שלעכטעס צו טהון, מיינע קינדער...

פֿ י י ע ר. גיט נאָר אַכטונג, איהר ווערט נאַס!...

פֿון דער נאַכט זיינען טויט און כ'האָב ניט געקענט כאַפּען דעם פֿון'ם וואַלד... איז עס מיין שולד, וואָס זיי ענדערן זייער קוליר, שטאַרבען, אָדער אַנטלויפֿען?... וועט די צויבערין זיין אין כעס, און וואָס וועט זי זאָגען?...

די ליכט. מיר האָבען געטהון אַלצדינג וואָס מיר האָבען געקענט... ס'שיינט, אַז דער בלויער פֿויגעל עקזיסטירט גאָר ניט, אָדער ער ענדערט זיין קוליר ווען ער איז אין שטייגעל...

טילטיל. וואו איז דאָס שטייגעל?...

ברויט. אָט דאָ מיין הערר... ס'איז געווען איינפֿערטרויעט צו מיין פֿאָרזיכטיגער אויפֿפּאַסונג אין דער לאַנגער רייזע. היינט ווען מיין אויפֿגאַבע איז שוין צו ענדע, גיב איך עס דיר צוריק, אונבע-ריהרט און גוט פֿערשלאָסען ווי איך האָב עס עמפּפֿאַנגען... (ווי אַן אָראַטאָר האַלטענדיג אַ רעדע.) און איצט, אין'ם נאָמען פֿון אַלע בעט איך די ערלויבעניש נאָך צו זאָגען איניגע ווערטער...

פֿייער. מען האָט איהם ניט געגעבען דאָס וואָרט!...

וואַסער. שטיל זאָל זיין!...

פֿייער. די באָזהאַפֿטע אונטערברעכונגען פֿון אַ פֿערעכטליי-כען שונא, פֿון אַ ניידישען געגנער... (ערהויבענדיג זיין שטימע.) וועלען מיר ניט אָבהאַלטען צו ערפֿילען מיין פּפֿליכט ביז צו ענדע... אָט דערפֿאַר אין נאָמען פֿון אַלע...

פֿייער. ניט אין מיין נאָמען!... איך האָב מיין אייגענע צונג!...

ברויט. ...אין'ם נאָמען פֿון אַלע און מיט אַ צוריקגעהאַלטענעם אָבער ערענסטען און טיעפֿען געפֿיהל נעהם איך אָבשיעד פֿון די צוויי מערקווירדיגע קינדער, וועמעס אויפֿגאַבע עס ענדיגט זיך היינט צו טאָג, זאָגענדיג זיי אַדיע מיט דעם גאַנצען קומער, מיט דער גאַנצער ליעבע, וואָס אַ געגענזייטיגע אַכטונג...

טילטיל. ווי?... דו זאָגסט אונז אַדיע?... דו שיידעסט זיך אויך פֿון אונז?...

ברויט. ליידער!... ס'איז אַ מוז... איך שייד זיך פֿון אייך.

טילטיל. אַ הויז וואָס כ'האָב געזעהן מעהר ווי איין מאָל זינט כ'בין געבוירען געוואָרען?...

דיליכט. געוויס, דו קליינער פערשלאָפענער!... ס'איז דאָס הויז, וואָס מיר האָבען פערלאָזען אין אַ אָבענד, פונקט היינט אַ יאָהר...

טילטיל. פונקט היינט אַ יאָהר?... וואָרום?...

דיליכט. יאָ, יאָ!... עפען ניט אַזוי דיינע אויגען ווי סאַ־פירענע איילען... ס'איז דאָס טהייערע הויז פון דיינע עלטערען...

טילטיל (צו געהענדיג צו דעם טהירעל). אָבער כ'דענק... ווירקליך... ס'שיינט מיר... די קליינע טהיר... כ'דערקען דעם האָלצערנעם ריגעל... זיינען זיי אינעווייניג?... זיינען מיר נאָהענט פון דער מאַמעניו?... כ'וויל שוין אַריינגעהן... כ'וויל איהר שוין אַ קוש טהון...

דיליכט. איין רגע... זיי שלאָפען טיעף; דו טאָרסט זיי ניט מיט אַמאָל אויפוועקען... אַ חוץ דעם וועט די טהיר זיך ניט עפענען ביז די שטונדע וועט שלאָגען...

טילטיל. וועלכע שטונדע?... איז נאָך פיעל צו וואַרטען?...

דיליכט. אָה, ניין!... אַ פאָר אָרימע מינוטען...

טילטיל. ביזט דו ניט צופרידען, וואָס מיר האָבען זיך צו־ריקגעקעהרט?... וואָס איז דיר ליכט?... דו זעהסט אויס בלאַס, מען קען זאָגען, אַז דו ביזט קראַנק...

דיליכט. ס'איז גאָר ניט מיין קינד... איך פיהל אַביסעל טרויעריג, ווייל איך דאַרף אייך פערלאָזען...

טילטיל. אונז פערלאָזען?...

דיליכט. איך מוז... איך האָב דאָ מעהר גאָר ניט צו טהון; דאָס יאָהר איז פאָריבער, די צויבערין קומט צוריק צו פאָדערן פון דיר דעם בלויען פויגעל...

טילטיל. אָבער איך האָב איהם ניט דעם בלויען פויגעל!... דער פון'ם לאַנד פון דער ערינערונג איז געוואָרען אין גאַנצען שוואַרץ, דער פון דער צוקונפט איז געוואָרען אין גאַנצען רויט, די

# פינפטער אקט.

## ניינטעס בילד.

### דער אָבשיעד.

די ביהנע שטעלט פאָר אַ וואַנד מיט אַ קליין טהירעל, ס'האַלט ביי טאָג ווערען.

(עס קומען אַריין טילטיל, מיטיל, די ליכט, ברויט, וואַסער, צוקער, פייער און מילך.)

די ליכט. דו ווייסט גאָר ניט טרעפען, וואו מיר זיינען...

טילטיל. גאַניץ זיכער אַז ניט, ליכט, ווייל איך ווייס ניט...

די ליכט. דערקענסט דו ניט די וואַנד און דאָס קליינע טהירעל?...

טילטיל. ס'איז אַ רויטע וואַנד און אַ קליינע גרינע טהיר...

די ליכט. און דאָס דערמאָהנט דיך גאָר ניט?...

טילטיל. עס דערמאָהנט מיך, אַז צייט האָט אונז געוויזען די טהיר...

די ליכט. ווי זאָנדערבאַר מען איז, ווען מען חלום'ט... מען דערקענט ניט די אייגענע האַנד...

טילטיל. ווער חלום'ט?... איך?...

די ליכט. פיליכט איך... ווער קען דאָס זאָגען?... אָבער דאָך, די וואַנד איז פון אַ הויז, וואָס דו האָסט געזעהן מעהר ווי איין מאָל זינט דו ביזט געבוירען געוואָרען...

ווי זיינט איהר אריינגעקומען?... (ער געהט צו צו זיי און סטראשעט זיי מיט דער קאַסע.)

די ליכט (צו טילטיל׳ן). ענטפער ניט!... איך האָב דעם בלויען פויגעל... ער איז בעהאַלטען אונטער מיין מאַנטעל... לאָמיר אַנט־לויפען... גיב אַ דרעה דעם דימענט און ער וועט פערליהרען אונזערע שפורען...

(זיי רוקען זיך אַרויס לינקס צווישען די זיילען אין דעם פאָרערגרונד.)

פאָרהאַנג.

צ י י ט. דו וואָלסט בעסער געטהון ווען דו וואָלסט געהאָפּט... איצט, דאָס איז אַלעס... (קוקענדיג אויף זיין שטונדען-גלאָז.) מיר האָבען נאָך בלויז דריי און זעכציג סעקונדען...

(עצטע און האַסטיגע בעוועגונגען צווישען די קינדער, וועלכע געהען און וועלכע בלייבען. זיי געזעגענען זיך שנעל.)

די בלויע קינדער. אַדיע פּיער!... אַדיע זשאַן... דו האָסט אַלעס וואָס דו דאַרפסט?... טהייל מיט מיין געדאַנק!... דו האָסט דעם נייעם שרויפּענציהער?... געדענק צו דערמאָהנען מיינע מעלאָ־נעס!... דו האָסט גאָר ניט פערגעסען?... זוך מיך צו דערקענען?... איך וועל דיך געפינען!... פערליהר ניט דיינע אידעען!... בייג זיך ניט אַזוי שטאַרק אַריבער!... שיק מיר דיינע נייעקייטען!... מען זאָגט אַז דאָס איז אונמעגליך!... פּרוביר! פּרוביר!... דו זאָלסט אונז דערצעהלען צי ס'איז שעהן!... איך וועל קומען דיך אויסגעפּי־נען!... איך וועל געבוירען ווערען אויף אַ טהראָן!...

צ י י ט (וואַרפענדיג מיט די שליסלען און מיט דער קאָסע). גענוג! גענוג!... דער אנקער הויבט זיך אויף!...

(די זעגלען פון דער שיף געהען פערביי און זיי פערשווינדען. עס הערען זיך פון וויטען די שטימעס פון די קינדערלאַך פון דער שיף: „די ערד! די ערד!... איך קען איהר זעהן!... ווי שעהן זי איז!... ווי ליכטיג זי איז!... ווי גרויס זי איז! עס הערט זיך דאַן פון זעהר וויט, ווי קומענדיג פון דער טיפעניש פון'ם אָבגרונד, אַ געזאַנג פון צופרידענהייט און ערוואַרטונג.)

ט י ל ט י ל (צו די ליכט). וואָס איז דאָס?... ניט זיי זינגען... עס קלינגען ווי גלייך אַנדערע שטימען...

ד י ל י כ ט. יאָ, עס זיינען די שטימען פון די מוטערס וועלכע קומען זיי צו עמפּפאַנגען...

(אין דער ווייל פערשליסט צייט די האַלב-עדעלשטיינערנע טהירען. ער קעהרט זיך אום צו געבען אַ לעצטען בליק אין זאַאַל, און פלוצלינג דער־זעהט ער טילטיל'ן מיטיל'ן און די ליכט.)

צ י י ט. (ערשטוינט און בייז). וואָס איז דאָס?... וואָס טהוט איהר דאָ?... ווער זיינט איהר?... וואַרום זיינט איהר ניט בלוי?...

דאָס צווייטע קינד. הערר צייט לאָזט מיך געהן אַהין מיט איהם!...

צייט. אונמעגליך!... מיר האָבען נאָך בלויז דריי הונדערט און פיער און ניינציג סעקונדען...

דאָס ערשטע קינד. איך וויל בעסער ניט געבוירען ווערען!...

צייט. מען קען ניט אויסקלויבען...

דאָס צווייטע קינד (בעטענדיג). הערר צייט, איך וועל קו־מען צו שפּעט!...

דאָס ערשטע קינד. איך וועל אַוועק איידער זי וועט אַראָבקומען!...

דאָס צווייטע קינד. איך וועל איהם מעהר ניט זעהן!...

דאָס ערשטע קינד. מיר וועלען זיין איינזאַם אויף דער וועלט!...

צייט. דאָס אַלעס געהט מיך ניט אָן... ווענדעט אייערע קלאַגען צו דעם לעבען... איך פֿעראייניג און צושייד, ווי מען הייסט מיר... (אָנכאַפּענדיג איינס פֿון די קינדער.) קום!...

דאָס ערשטע קינד (רייסענדיג זיך). ניין, ניין, ניין!... זי אויך!...

דאָס צווייטע קינד (אָנכאַפּענדיג זיך אין דעם ערשטענס קליי־דער). לאָזט איהם!... לאָזט איהם!...

צייט. קום, ער געהט ניט שטאַרבען, נאָר לעבען!... (אַוועק־שלעפּענדיג דאָס ערשטע קינד.) קום!...

דאָס צווייטע קינד (ארויסשטרעקענדיג פֿערווירט די אָרעמס צו דעם קינד, וואָס ווערט אַוועקגעשלעפּט). אַ צייכען!... נאָר אַ צייכען!... זאָג מיר ווי זאָל איך דיך אויסגעפֿינען!...

דאָס ערשטע קינד. איך וועל דיך שטענדיג ליעב האָבען!...

דאָס צווייטע קינד. איך וועל זיין דאָס טרויעריגסטע וועזען!... דו וועסט מיך אין דעם דערקענען!... (זי פֿאַלט און בלייבט ליגען אויסגעצויגען אויף דער ערד.)

ציטערן ווי בלעטער... (צו א קינד, וועלכעס, ווען ער קומט צו צו דער שוועל, געהט פלוצלינג צוריק.) נו, וואס איז?... וואס ווילסט דו טהון?...

דאס קינד. איך האב פערגעסען דאס שאכטעל מיט די צוויי פערברעכענס, וועלכע איך וועל דארפען בעגעהן...

א צווייטעס קינד. און איך דאס קליינע טעפעל, וואס ענטהאלט די אידעע בעוואוסט צו מאכען די מאסע...

א דריטעס קינד. איך האב פערגעסען די צווייג פון מיין פיינסטער באר!...

צייט. לויפט שנעל און נעהמט זיי. מיר האבען נאך בלויז זעקס הונדערט און צוועלף סעקונדען... די שיף פון דאס אנפאנגען טאגען קלאפט שוין מיט איהרע זעגלען, אום צו זאגען, אז זי ווארט שוין... איהר יועט קומען צו שפעט און איהר וועט מעהר ניט געבוי-רען ווערען?... קומט, שנעל, אויף דער שיף!... (כאפענדיג א קינד, וועלכעס וויל זיך דורכשטופען דורך זיינע פיס, אום צו גרייכען צום האפען.) אך! ניין! ניט דו... דאס איז שוין דאס דריטע מאל וואס דו האסט געפרובט געבוירען צו ווערען פאר דיין רייהע... איך זאל דיך ניט כאפען נאך א מאל, ווייל איך וועל דיך לאזען ווארטען שטענדיג מיט מיין שוועסטער די אייביגקייט; און דו ווייסט, אז ס'איז מיט איהר גאר ניט פרייהליך... קומט, זיינען מיר פערטיג?... איז יעדער איינער אויף זיין פאסטען?... (איבערקוקענדיג די קינדער, וועלכע שטעהן ביי דעם ברעג פון האפען, אדער וועלכע זיצען שוין אויף דער שיף.) עס פעהלט נאך איינער... זיין בעהאלטען זיך איז נוצלאז, איך זעה איהם צווי-שען דער מענגע... מען וועט מיך ניט נארען... קום אהער, דו קליינער, וועלכען זיי רופען ליעבהאבער, געזעגען זיך מיט דיין גע-ליעבטער...

(די צוויי קינדער, וועלכע מען רופט די ליעבהאבערס, צערטליך אומארעמט, אויף זייערע פנים׳לאך שפיגעלט זיך אב א גרויס פערצווייפלונג, געהען צו צו צייט און קניהען פאר זיינע פיס.)

דאס ערשטע קינד. הערר צייט לאזט מיך איבער דא מיט איהר!...

וואָס ברייננסט דו עפּעס?... קיין שום זאַך ניט? מיט לעדינע הענד?... אַזוי קענסט דו ניט דורכנעהן... גרייט צו עפּעס, אַ גרויסען פערברעכען, אויב דאָס געפעלט דיר, אָדער אַ גוטע קרענק, מיר איז אַלץ איינס... אָבער דו מוזט עפּעס ברייננען... (דערזעהענדיג אַ קליין קינד, וועלכע אַנדערע שטופּען פּאָרווערטס ווערענד ער שטעלט זיך געגען מיט זיינע אַלע כחות.) נו גוט, דו, וואָס איז מיט דיר?... דו ווייסט זעהר גוט, אַז די שטונדע איז געקומען... זיי פערלאַנגען אַ העלד וועלכער זאָל קעמפּפען געגען אונגערעכטיגקייט; דו ביזט דער יעניגער, דו מוזט געהן...

די בלויע קינדער. ער וויל ניט, הערר...

צייט. וואָס?... ער וויל ניט?... וואו דענקט ער איז ער, דער קליינער פערזעהניש?... קיין ווידערשטאַנד, מיר האָבען קיין צייט ניט...

דאָס קינד (וועלכעס ווערט געשטופּט.) ניין, ניין!... איך וויל ניט געהן!... איך וויל בעסער ניט געבוירען ווערען!... איך וויל בעסער דאָ בלייבען!...

צייט. דערפון קען גאָר קיין רעדע ניט זיין!... ווען ס'איז די שטונדע דאַן איז די שטונדע!... אַלזאָ, שנעל, פאָרווערטס!...

אַ קינד (אַרויסטרעטענדיג.) אַך לאָזט מיך דורכגעהן!... איך וועל פערנעהמען זיין פּלאַץ!... מען זאָגט אַז מיינע עלטערן זיינען אַלט און זיי וואַרטען אויף מיר שוין זינט אַזאַ לאַנגער צייט!...

צייט. אונמעגליך... די שטונדע איז די שטונדע און די צייט איז די צייט... מיר וואָלטען גאָר ניט געענדיגט, ווען מיר וואָלטען זיך אייך נאָכגענומען... איינער וויל געהן, אַ צווייטער ענטזאַגט זיך, ס'איז צו פריה, ס'איז צו שפּעט... (צוריקשטופּענדיג די קינדער, וועלכע האָבען זיך פערזאַמעלט אַרום דער טהיר.) ניט אַזוי נאָהענט קליינעקע... צוריק איהר אונגעדולדיגע... די, וועלכע דאַרפען ניט געהן טאָרען ניט אַרויסקוקען אין דרויסען... איצט איילט איהר זיך; אָבער שפּעטער ווען אייער רייהע וועט קומען וועט איהר מורא האָבען און איהר וועט זיך צוריקהאַלטען... זעהט, אָט זיינען דאָ פיער, וועלכע

ד אָ ס  ק י נ ד. מיר זיינען געערגערט ווען מען לאָזט אונז איבער; מיר זיינען אָבער אויך טרויעריג ווען מיר געהען... אַט! אַט!... ער עפֿענט די טהירען!...

(די גרויסע האַלב-עדעלשטיינערנע טהירען עפֿענען זיך לאַנגזאַם. עס הערט זיך, ווי אַ ווייטע מוזיק, דער גערויש פֿון דער ערד. אַ רויטע און גרינע ליכט דרינגט אַריין אין זאַאל; און צייט, אַ הויכער אַלטער מאַן מיט אַ לאַנגער פֿלאַטערנדיגער באָרד, בעוואַפֿענט מיט זיין קאָסע און מיט זיין שטונדען-גלאָז, ערשיינט אויף דער שוועל. עס זעהען זיך די שפּיצען פֿון ווייסע און גאָלדענע זעגעל-בוימער פֿון שיפֿען, וועלכע זיינען געאַנקערט צו אַ מין האַפֿען, וואָס איז געשאַפֿען פֿון דעם ראָזעדיגען נעבעל פֿון דאָס אָנפֿאַנגען טאָגען.)

צ י י ט (אויף דער שוועל). זיינען די, וועמענס שטונדע ס'האָט געשלאָגען, פֿערטיג?...

בלויע  ק י נ ד ע ר (מאַכענדיג זיך פּלאַץ און לויפֿענדיג פֿון אַלע זייטען). אַט דאָ זיינען מיר!... אַט דאָ זיינען מיר!... אַט דאָ זיינען מיר!...

צ י י ט (מיט אַ בייזער שטימע צו די קינדער, וועלכע שטופּען זיך נעבען איהם דורכצוגעהן). נאָר צו איינציגע!... עס זיינען ווידער דאָ מעהר, ווי מען בעדאַרף!... ס'איז שטענדיג די זעלבע זאַך!... איהר וועט מיך ניט נאַרען!... (צוריקשטופּענדיג אַ קינד.) ס'איז ניט דיין רייהע!... געה צוריק, און וואַרט אויף מאָרגען... דו אויך ניט, געה צוריק און קום ערשט אין צעהן יאָהר אַרום... אַ דרייצעהנטער פּאַסטוך?... מען דאַרף נאָר צוועלף; ס'איז ניט פֿאַרהאַן קיין נויט־ווענדיגקייט פֿאַר מעהר; טהעאָקריטוס און ווירגילס צייטען זיינען שוין לאַנג אַוועק... מעהרערע דאָקטוירים?... ס'זיינען שוין דאָ צו־פֿיעל; זיי בעקלאָגען זיך אויף דער ערד... און וואו זיינען די אינ־זשינירען?... זיי דאַרפֿען איין אָרענטליכען מענשען, נאָר איינעם, פֿאַר אַ חידוש... וואו איז דער אָרענטליכער מענש... דו ביזט עס?... (דאָס קינד שטאַמעלט: יאָ.) דו שיינסט מיר צו זיין פֿון אַ זעהר שוואַכען מין... דו וועסט ניט לעבען קיין לאַנגע צייט... הערט נאָר איהר פֿון דאָרט, ניט אַזוי שנעל, ניט אַזוי שנעל!... און דו,

טילטיל. אָה, דאָס איז אַלעס?... און נאָכהער וואָס וועסטו טהון?

דאָס קינד. נאָכהער?... וועל איך אַוועקגעהן...

טילטיל. ס'איז ניט ווערטה די ליידען פון דאָס קומען!...

דאָס קינד. קענען מיר דען אויסקלויבען?...

(אין דער רגע דערהערט זיך אַ מין לאַנגער, מעכטיגער קריסטאַלענער ציטער, וועלכענס קלאַנג עס ווערט אַלץ גרעסער; ס'שיינט אַז ס'קומט פון די זיילען און פון די האַלב-עדעלשטיינערנע טהירען, וועלכע זיינען בעשטראַהלט פון אַ גרעסערער ליכט ווי בעפאָר.)

טילטיל. וואָס איז דאָס?...

דאָס קינד. ס'איז צייט!... ער געהט עפענען די טויערען!...

(אַ גרויסע ענדערונג קומט פאָר אין דער מאַסע בלויע-קינדער. איינצגע פון זיי פערלאָזען זייערע מאַשינען און זייער אַרבייט, פיעלע פון די וואָס שלאָפען ערוואַכען און אַלע ווענדען זייערע בליקען צו די האַלב-עדעלשטיי-נערנע טהירען, געהענדיג צו נעהנטער צו זיי.)

די ליכט (צוקומענדיג צו טילטיל'ן). לאָמיר זיך בעהאַלטען הינ-טער די זיילען... ס'טויג ניט, אַז צייט זאָל אונז ענטדעקען...

טילטיל. פון וואַנען קומט דער גערויש?...

אַ קינד. דאָס אָנפאַנגען טאָגען הויבט זיך אויף... ס'איז די שטונדע ווען די קינדער, וועלכע דאַרפען היינט געבוירען ווערען געהן אַראָב אויף דער ערד...

טילטיל. ווי ווערען זיי אַראָבגעהן?... זיינען דאָ לייטערס...

דאָס קינד. דו וועסט זעהן... צייט שלעפט אַרויס די ריגלען...

טילטיל. ווער איז צייט?...

דאָס קינד. אַן אַלטער מאַן, וועלכער קומט נאָך די, וועלכע געהן...

טילטיל. איז ער אַ שלעכטער?...

דאָס קינד. ניין; אָבער ער הערט קיין זאַך ניט... וויפיעל מען זאָל איהם ניט בעטען, קוים איז ניט זייער רייהע, שטופט ער צוריק אַלע די, וועלכע ווילען געהן...

טילטיל. זיינען זיי צופרידען צו געהן?...

טילטיל. ווער פֿאָדערט דאָס?...

דאָס קינד. צייט, וועלכער שטעהט ביי דער טהיר... דו וועסט זעהן ווען ער וועט זי עפֿענען... ער איז זעהר לאַנגווייליג...

אַ קינד (קומט צו לויפֿען פֿון הינטערגרונד פֿון זאַאַל און מאַכט זיך אַ וועג צווישען דער מאַסע). וואָס מאַכסט דו טילטיל?...

טילטיל. האַ!... פֿון וואַנען ווייסט ער מיין נאָמען?...

דאָס קינד (וואָס איז ערשט געקומען צו לויפֿען און וועלכעס קושט טילטיל'ן און מיטיל'ן מיט גרויס ליעבשאַפֿט). וואָס מאַכסט דו?... ווי געהט עס דיר, גוט?... קום, גיב מיר אַקוש, דו אויך מיטיל... ס'איז גאָר ניט קיין וואונדער וואָס איך קען דיין נאָמען, ווייל איך וועל זיין דיין ברודער... זיי האָבען מיר נאָר וואָס געזאָגט, אַז דו ביזט דאָ... איך בין געוועזען אַקוראַט אין דעם אַנדערען עק פֿון זאַאַל, וואו איך האָב איינגעפּאַקט מיינע אידעען... דו זאָלסט זאָגען דער מאַמעניו'ן, אַז איך בין שוין פֿערטיג...

טילטיל. וואָס?... דו רעכענסט צו קומען צו אונז?...

דאָס קינד. גאַנץ געוויס, דאָס נעכסטע יאָהר, אין דעם זונטאָג פֿון פֿאַר פסח... דו זאָלסט מיך ניט פּייניגען צו פֿיעל, ווען איך וועל זיין קליין... מיך פֿרייהט זעהר וואָס איך האָב אייך פֿריהער געקושט... זאָג דעם טאַטעניו'ן, אַז ער זאָל פֿערריכטען דאָס וויגעל... איז עס גוט ביי אייך אין הויז?...

טילטיל. ס'איז ניט שלעכט... און די מאַמעניו איז אַזוי גוט!...

דאָס קינד. און די נאַהרונג?...

טילטיל. ווי אַמאָל... מיר האָבען איינינע מאָל זאָגאַר קיכע-לאַך; האָבען מיר ניט, מיטיל?...

מיטיל. איין טאָג פֿון ניי יאָהר און דעם פֿערצעהנטען יולי... די מאַמעניו מאַכט זיי...

טילטיל. וואָס האָסטו אין דעם זעקעל?... דו ברייננסט אונז עפּעס?...

דאָס קינד (מיט גאוה). איך ברייננ דריי קראַנקהייטען: שאַר-לאַך-פֿיעבער, קייך-הוסט און מאָזלען...

דאָס קינד. איך ווייס ניט... צייט רופט זיי אַזוי, אום צו מאַכען שפאַס פון זיי... זיי פערברייננגען דעם גאַנצען טאָג אין קוקען איינע אין צווייטענס אויגען, אין קושען זיך און אין געזעגענען זיך...

טילטיל. פאַר וואָס?...

דאָס קינד. עס שיינט, אַז זיי וועלען ניט קענען לעבען צוזאַמען...

טילטיל. און דער רויטליכער, וועלכער זעהט אויס אַזוי ערענסט און זויגט זיין גראָבען פינגער, ווער איז ער?...

דאָס קינד. ס'שיינט, אַז ער וועט אויסרייניגען די אונגערעכ-טיגקייט פון אויף דער ערד...

טילטיל. אַך!...

דאָס קינד. מען זאָגט, אַז דאָס איז אַן אונגעהוירע שווערע אַרבייט...

טילטיל. און דער קליינער מיט די רויטע האָר, וועלכער געהט, ווי גלייך ער וואָלט ניט געזעהן וואו ער געהט; איז ער בלינד?...

דאָס קינד. נאָך ניט יעצט, ער וועט עס אָבער ווערען... קוק איהם גוט אָן; ס'שיינט אַז ער וועט בעזיעגען דעם טויט...

טילטיל. וואָס מיינט דאָס צו זאָגען?...

דאָס קינד. איך ווייס דאָס ניט אַקוראַט; נאָר מען זאָגט, אַז דאָס איז אַ גרויסע זאַך...

טילטיל (צייגענדיג אויף אַ מאַסע קינדער, וועלכע שלאָפען ביי די פיס פון די זיילען, אויף די טרעפען, אויף די בענק, א.אַז.וו.) און אַלע די וועלכע שלאָפען — ס'אַראַ סך עס שלאָפען! — טהון זיי גאָר ניט?...

דאָס קינד. זיי דענקען וועגען עפּעס...

טילטיל. וועגען וואָס?...

דאָס קינד. זיי ווייסען עס נאָך ניט יעצט; נאָר זיי מוזען עפּעס מיטנעהמען אויף דער ערד; מיר טאָרען ניט אַוועקגעהן פון דאַנען מיט לעדיגע הענד...

אַ ן אַ נ ד ע ר ק י נ ד (שלעפענדיג אַ בלויו ווענעלע מיט בלויע מע-לאָנעס, וועלכע זיינען גרעסער ווי די קירבעס). און מיינע קליינע מעלאָנעס?...

ט י ל ט י ל. זיי זיינען דאָך קירבעס!...

ד אָ ס ק י נ ד מ י ט ד י מ ע ל אָ נ ע ס. ווען איך וועל אַראָבקומען אויף דער ערד, וועלען אַלע מעלאָנעס זיין גלענצענד!... איך וועל זיין דער גערטנער פֿון'ם קעניג פֿון די דריי פּלאַנעטען...

ט י ל ט י ל. דער קעניג פֿון די דריי פּלאַנעטען?...

ד אָ ס ק י נ ד מ י ט ד י מ ע ל אָ נ ע ס. דער גרויסער קעניג, וועלכער וועט אין פֿינף און דרייסיג יאָהר ברייננען גליק צו דער ערד, צו דעם פּלאַנעט מאַרס און צו דער לבנה... דו קענסט איהם זעהן פֿון דאַנען...

ט י ל ט י ל. וואו איז ער?

ד אָ ס ק י נ ד מ י ט ד י מ ע ל אָ נ ע ס. אָט דאָרט דאָס קליינע אינגעלע, וואָס שלאָפֿט ביי דער פֿוס פֿון דער זייל.

ט י ל ט י ל. אין דער לינקער זייט?...

ד אָ ס ק י נ ד מ י ט ד י מ ע ל אָ נ ע ס. ניין, אין דער רעכ־טער... דער פֿון דער לינקער זייט, איז דאָס קינד וואָס וועט ברייננען ריינע פֿרייד אויף דער וועלט...

ט י ל ט י ל. ווי אַזוי?...

ד אָ ס ק י נ ד (וועלכעס האָט צוערשט גערעדט מיט טילטיל'ן), דורך אידעאַלען, וואָס די מענשען האָבען ביז איצט נאָך ניט געהאַט...

ט י ל ט י ל. און יענער, דער קליינער, דער פֿעטער, וועלכער האַלט די פֿינגער ביי דער נאָז, וואָס וועט ער טהון?...

ד אָ ס ק י נ ד. ער וועט ענטדעקען דאָס פֿייער וואָס וועט וואַ-רעמען די ערד, ווען די זונן וועט זיין בלאַסער ווי איצט...

ט י ל ט י ל. און די צוויי, וועלכע האַלטען זיך אַרומגענומען און קושען זיך די גאַנצע צייט; זיינען זיי ברודער און שוועסטער?...

ד אָ ס ק י נ ד. אָה ניין, זיי זיינען זעהר קאָמיש... זיי זיינען די ליעבהאָבער...

ט י ל ט י ל. וואָס איז דאָס?...

די ריידלאַך אָדער ברוויזען ביי די פֿיס פֿון די זיילען, ווערענד די קינדער וויקלען פֿונאַנדער פּלאַנען, עפֿענען ביכער, דעקען אויף הימעל-בלויע סטאַטועז און ברײַנגען אונגעהויערע גרויסע בלומען און פֿרוכטען, וועלכע שיינען צו זיין פֿון סאַפּירען און טירקיזען.)

אַ קליין בלוי קינד (איינגעבויגען אונטער דער משא פֿון איניגע אונגעהויער גרויסע בלויע בלומען). זעה נאָר מיינע בלומען!...

טילטיל. וואָס פֿאַר אַ מין זיינען זיי?... איך דערקען זיי ניט...

דאָס קליינע בלויע קינד. זיי זיינען מאַרגאַריטקעס!...

טילטיל. אונמעגליך!... זיי זיינען דאָך אַזוי גרויס ווי רעדער...

דאָס קליינע בלויע קינד. און זיי שמעקען אַזוי גוט!...

טילטיל (שמעקענדיג צו זיי). וואונדערבאַר!...

דאָס קליינע בלויע קינד. אַזוי וועלען זיי וואַקסען, ווען איך וועל זיין אויף דער ערד...

טילטיל. ווען וועט דאָס זיין?...

דאָס קליינע בלויע קינד. אין דריי און פֿופֿציג יאָהר, פֿיער מאָנאַטען און ניין טעג אַרום...

(עס קומען אָן צוויי בלויע קינדער, טראָגענדיג ווי אַ הענג-לייכטער אויף אַ שטאַנג אונגלויבליך גרויסע ווינטרויבען; יעדער ווינטרויב איז אַזוי גרויס ווי אַ באַר.)

איינס פֿון די קינדער (טראָגענדיג די טרויבען). וואָס זאָגסטו צו מיינע פֿרוכטען?...

טילטיל. אַ בינטעל באַרען.

דאָס קינד. אָה ניין, ס'זיינען ווינטרויבען!... אַלע טרויבען וועלען זיין ווי די, ווען איך וועל אַלט זיין דרייסיג יאָהר... איך האָב געפֿונען דאָס מיטעל...

אַן אַנדער קינד (שאָקלענדיג זיך אונטער אַ קויש בלויע עפּעל, וועלכע זיינען אַזוי גרויס ווי די מעלאָנעס). און מיינע!... זעה מיינע עפּעל!...

טילטיל. דאָס זיינען דאָך מעלאָנעס!...

דאָס קינד. אָה ניין!... זיי זיינען עפּעל און זיי זיינען נאָך ניט די שעהנסטע!... אַלע עפּעל וועלען זיין ווי זיי, ווען איך וועל לעבען... איך האָב ענטדעקט דעם סיסטעם!...

טילטיל. אַ שאָד...

דאָס קינד. איך אַרבייט דערביי יעדען טאָג... ס'איז שוין באַלד פֿערטיג... דו ווילסט עס זעהן?...

טילטיל. גאַנץ געוויס... וואו איז עס?...

דאָס קינד. אָט דאָרט צווישען די צוויי זיילען, דו קענסט עס זעהן פֿון דאַנען...

אַן אַנדער בלוי קינד (קומט צו צו טילטיל'ן און שלעפּט איהם ביי די אַרבעל). ווילסט דו זעהן מיינע, זאָג?...

טילטיל. אָה, יאָ, וואָס איז עס?...

דאָס צווייטע קינד. די דריי און דרייסיג רפואות צו פֿערלענגערן דאָס לעבען... דאָרט אין די בלויע פיאָלען...

אַ דריטעס קינד (אַרויסגעהענדיג פֿון דער מענגע). איך וועל דיר צייגען אַ ליכט, פֿון וועלכער קיין מענש ווייסט ניט!... (ער ווערט אַליין אין גאַנצען בעלייכט פֿון אַ זאָנדבאַרען פֿלאַם.) ס'איז וואונדערבאַר, ניין?...

אַ פֿיערטעס קינד (ציהענדיג טילטיל'ן ביים אָרם). קום און זעה מיין מאַשין, וועלכע פֿליהט אין דער לופֿט ווי אַ פֿויגעל אָהן פֿליגעל...

אַ פֿינפֿטעס קינד. ניין, ניין; צו ערשט מיינע, זי ענטדעקט די אוצרות, וועלכע זיינען בעהאַלטען אין דער לבנה...

די בלויע קינדער (פֿערזאַמלען זיך אַרום טילטיל'ן און מיטיל'ן און שרייען אַלע צוזאַמען). ניין, ניין, קומט זעהט מיינע!... ניין, מיינע איז פֿיעל שעהנער!... מיינע איז וואונדערבאַר!... מיינע איז געמאַכט פֿון צוקער!... זיינע איז ניט אינטערעסאַנט!... ער האָט ביי מיר צוגעגנב'עט די אידעע...

(צווישען די טומעלדיגע אויסרופֿע ווערען די לעבעדיגע קינדער צוגעשלעפּט צו די בלויע ווערקשטאַטען, וואו יעדער פֿון די ערפֿינדער שטעלט זיין אידעאַלע מאַשין אין בעוועגונג. עס קומט אַרויס אַ הימעל-בלויער געדרעה פֿון ריידלאַך, קייקעלאַך, פֿליה-ריידעלאַך, טרייב-ריידלאַך, שטריק-ריידלאַך, רימענס, און אונבעקאַנטע זאַכען, וועלכע מען האָט נאָך קיין נאָמען ניט געגעבען, איינגעוויקעלט אין דעם בלויען נעבעל פֿון דער אונווירקליכקייט. אַ מענגע זאָנדערבאַרע און געהיימניספֿולע מאַשינדלאַך שוועבען און פֿלאַטערען אונטער

דאָס קינד. וואָס איז עפּעס מיט דיינע אויגען?... מאַכען זיי פּעריל?...

טילטיל. אָה ניין, ס'איז ניט קיין פּעריל...

דאָס קינד. וואָס דען איז עס?...

טילטיל. ס'איז גאָר ניט, דאָס בלויע פון דאַנען פערבלענדט מיך אַביסעל...

דאָס קינד. ווי רופט מען דאָס?...

טילטיל. וואָס?...

דאָס קינד. אָט דאָס, וואָס פאַלט אַראָב...

טילטיל. ס'איז גאָר ניט, ס'איז אַביסעל וואַסער...

דאָס קינד. ס'קומט פון די אויגען?...

טילטיל. יאָ, מאַנכע מאָל, ווען מען וויינט...

דאָס קינד. וואָס הייסט דאָס מען וויינט?...

טילטיל. כ'האָב ניט געוויינט; ס'איז דורך דאָס בלויע... נאָר ווען כ'זאָל געווען ווינען וואָלט עס געווען דאָס זעלבע...

דאָס קינד. וויינט מען אָפטער?...

טילטיל. ניט די קליינע אינגעלאַך, נאָר די קליינע מיידעלאַך... וויינט איהר ניט דאָ?...

דאָס קינד. ניין, איך ווייס ניט...

טילטיל. נו גוט, דו וועסט זיך שוין אויסלעהרנען... מיט וואָס שפּיעלסט דו זיך, וואָס זיינען די גרויסע בלויע פליגעל?...

דאָס קינד. די?... זיי זיינען וועגען דער ערפינדונג, וואָס איך וועל מאַכען אויף דער ערד...

טילטיל. וואָס פאַר אַן ערפינדונג?... דו האָסט עפּעס ער־פינדען?...

דאָס קינד. אָה, יאָ, דו האָסט גאָר ניט געהערט דער־פון?... ווען איך וועל זיין אויף דער ערד וועל איך ערפינדען די זאַך וואָס שאַפט גליק...

טילטיל. איז עס גוט צו עסען?... מאַכט עס אַ ליאַרעם?...

דאָס קינד. אָה ניין, מען הערט קיין זאַך ניט...

טילטיל. ווייל זיי זיינען ניט רייך... ביזט דו רייך?... ווי אַלט ביזט דו?...

דאָס קינד. איך וועל אין גיכען געבוירען ווערען... איך וועל געבוירען ווערען אין צוועלף יאָהר אַרום... איז גוט געבוירען צו ווערען?...

טילטיל. אָה, יאָ!... ס'איז זעהר אַמוזירענד!...

דאָס קינד. דערצעהל, ווי עס איז מיט דיר געשעהן?...

טילטיל. איך געדענק ניט... סאיז שוין אַזאַ לאַנגע צייט זינט דעמאָלט!...

דאָס קינד. מען זאָגט אַז ס'איז שעהן, אויף דער ערד צווי־שען די לעבעדיגע מענשען!...

טילטיל. אָה, יאָ, ס'איז ניט שלעכט... ס'זיינען דאָ פֿייגעלעך, קיכעלאַך און שפּילכעלאַך... אייניגע האָבען זיי אַלע; און די וואָס האָבען גאָר ניט קענען זיי זעהן ביי אַנדערע...

דאָס קינד. מען זאָגט אונז, אַז די מוטערס וואַרטען ביי דער טהיר... זיי זיינען גוטע, זיינען זיי?...

טילטיל. אָה יאָ!... זיי זיינען בעסער, ווי סאַי וואָס אין דער וועלט!... און די באָבעס אויך; נאָר זיי שטאַרבען צו גיך...

דאָס קינד. זיי שטאַרבען?... וואָס איז דאָס?...

טילטיל. זיי געהען אַוועק אין אַבענד און קומען מעהר ניט צוריק...

דאָס קינד. פֿאַר וואָס?...

טילטיל. ווער קען דאָס וויסען?... פֿילייכט ווייל זיי זיינען טרויעריג...

דאָס קינד. איז דיינע אַוועקגעגאַנגען?...

טילטיל. מיין באָבע?...

דאָס קינד. דיין מאַמע אָדער דיין באָבע, וואָס ווייס איך?...

טילטיל. אָה דאָס איז ניט אַלץ איינס... די באָבעס געהען פֿריהער אַוועק; דאָס א'ז שוין גענוג טרויעריג... מיינע איז געווען זעהר גוט צו מיר...

די ליכט. געוויס, ער וועט דיר קיין שלעכטס ניט טהון... אָבער קום, זיי ניט אַזוי צוריקגעהאַלטען... איך וועל דיך איבערלאָזען אַליין, דו וועסט דאַן זיין מעהר ווי ביי דיר אין דער היים... אַחוץ דעם וויל איך עפּעס זאָגען דעם הויכען בלויען מענשען...

טילטיל (צוגעהענדיג צו דעם בלויען קינד און שטרעקענדיג איהם זיין האַנד). גוט מאָרגען!... (אָנריהרענדיג דעם קינדס בלויע מאַנטעלע מיט זיינע פינגער). וואָס איז דאָס?...

דאָס קינד. (אָנריהרענדיג ערענסט מיט די פינגער טילטיל׳ס היטע-לע). און דאָס?...

טילטיל. . דאָס?... דאָס איז מיין היטעלע... דו האָסט ניט קיין היטעלע?...

דאָס קינד. ניין; נאָך וואָס דאַרף מען דאָס?...

טילטיל. אום צו זאָגען גוט מאָרגען... און אויך פאַר דעם רעגען און פאַר ווען ס׳איז קאַלט...

דאָס קינד. וואָס הייסט דאָס, ווען ס׳איז קאַלט?...

טילטיל. ווען דו ציטערסט, אָט אַזוי: בררר! בררר!... ווען דו בלאָזט דיר אין די הענד און וואַרפסט אַזוי מיט דיינע אָרימס... (ער וואַרפט שטאַרק מיט די הענד איבער זיין ברוסט.)

דאָס קינד. איז אויף דער ערד קאַלט?...

טילטיל. אָה יאָ, מאַנכע מאָל, און ווינטער, ווען ס׳איז ניטאָ קיין פייער...

דאָס קינד. פאַר וואָס איז ניטאָ קיין פייער?...

טילטיל. ווייל ס׳איז טהייער, ס׳קאָסט געלד צו קויפען האָלץ...

דאָס קינד. וואָס איז געלד?...

טילטיל. ס׳איז מיט וואָס מען צאָהלט...

דאָס קינד. אָה...

טילטיל. אייניגע מענשען האָבען געלד, און אַנדערע האָבען ניט...

דאָס קינד. פאַר וואָס?...

די ליכט. ווייל זיי אַליין זיינען נאָך ניט לעבעדיג...

טילטיל. וואָס דען טהוען זיי?...

די ליכט. זיי ערוואַרטען די שטונדע פֿון זייער געבורט...

טילטיל. די שטונדע פֿון זייער געבורט?...

די ליכט. יאָ, פֿון דאַנען קומען אַלע קינדערלאַך, וועלכע ווערען געבוירען אויף דער ערד. יעדעס ערוואַרטעט זיין טאָג... ווען די פֿאָטערס און די מוטערס ווילען האָבען קינדער, עפֿענען זיך די גרויסע טהירען וואָס דו זעהסט דאָרט אין דער רעכטער זייט, און די קליינינקע לאָזען זיך אַראָב...

טילטיל. ס'אַראַ סך! ס'אַראַ סך!...

די ליכט. ס'זיינען דאָ נאָך מעהר... מיר זעהען זיי ניט אַלע... בעמערק נאָר, ס'זיינען דאָ גענוג, דאָס זיי זאָלען דויערען ביז צו דער ענדע פֿון דער וועלט... קיין מענש קען זיי ניט איבער־צעהלען...

טילטיל. און די הויכע בלויע פערזאָנען, ווער זיינען זיי?...

די ליכט. קיינער ווייסט דאָס ניט גענוי... מען מיינט אַז זיי זיינען וועכטער... איך האָב געהערט, אַז זיי וועלען קומען אויף דער ערד נאָך די מענשען... ס'איז אונז אָבער ניט ערלויבט זיי עפּעס צו פֿרעגען...

טילטיל. פֿאַר וואָס?...

די ליכט. ווייל דאָס איז אַ סוד פֿון דער ערד...

טילטיל. און צו די אַנדערע, צו די קליינינקע, איז ערלויבט צו רעדען?...

די ליכט. גאַנץ געוויס; דו דאַרפֿסט מאַכען בעקאַנטשאַפֿט... זעה, דאָרט איז איינער, וואָס איז מעהר נייגיעריג פֿון די אַנדערע... געה צו צו איהם און רעד צו איהם...

טילטיל. וואָס זאָל איך איהם זאָגען?...

די ליכט. וואָס דו ווילסט, רעד צו איהם ווי צו אַ קליינעם חבר...

טילטיל. קען איך דריקען זיין האַנד?

(עס קומען אריין פון לינקס, ווי אריינ׳גנב׳נענדיג זיך, ריקענדיג זיך צווישען די ווילען פון׳ם פאָדערגרונד, טילטיל, מיטיל און די ליכט. זייער אריינקומען פערואורזאַכט אַ געוויסע בעוועגונג צווישען די בלויע קינדער, וועלכע קומען צולויפען פון אַלע ווינקעלאַך, שטעלען זיך אַרום די אונגע-ווינשטע געסט און בעטראַכטען זיי מיט גרויס נייגיעריגקייט.)

מיטיל. וואו איז צוקער, די קאַץ און דאָס גוטע ברויט?...

די ליכט. זיי קענען ניט אַהער אַריינקומען; זיי וואָלטען גע-וואוסט די צוקונפט און וואָלטען זיך ניט אונטערוואַרפען...

טילטיל. און דער הונד?...

די ליכט. ס׳איז אויך ניט גוט, אז ער זאָל וויסען, וואָס ס׳ערוואַרטעט איהם אין פערלויף פון דער צייט... איך האָב זיי אַלע פערמאַכט אין די קעלערען פון דער קירכע...

טילטיל. וואו זיינען מיר?

די ליכט. מיר זיינען און דעם צוקונפטס-רייך, צווישען די קינדער, וועלכע זיינען נאָך ניט געבוירען געוואָרען. אַזוי ווי דער דימענט ערלויבט אונז צו זעהן קלאָהר אין די געגענדען, וועלכע זיי-נען פערבאָרגען פאַר דעם מענשען, ויעלען מיר וואַהרשיינליך דאָ געפינען דעם בלויען פויגעל...

טילטיל. גאַנץ געוויס וועט דער פויגעל זיין בלוי, ווייל אַלעס איז דאָ בלוי... (בעטראַכטענדיג אַלעס אַרום.) גאָט, ווי שעהן אַלעס איז דאָ!...

די ליכט. זעה ווי די קינדערלאַך קומען צולויפען...

טילטיל זיינען זיי בייז?...

די ליכט. אַ ברעקעל ניט... דו קענסט זעהן ווי זיי שמייכ-לען, זיי זיינען נאָר ערשטוינט...

די בלויע קינדער (קומענדיג צו לויפען אין אַלץ אַ גרעסערער און גרעסערער צאָהל). לעבעדיגע קינדער!... קומט און זעהט די קליינענקע לעבענדיגע קינדער!...

טילטיל פאַר וואָס רופען זיי אונז „די קליינענקע לעבעדיגע קינדער"?...

# אכטעס בילד.

## דער צוקונפטס-רייך.

אונגעהוירע גרויסע זאַאלען פֿון דעם הימעל-בלויען פּאַלאַץ, וואו ס׳וואַרטען די קינדערלאַך, וועלכע דאַרפֿען געבוירען ווערען. — אונענדליכע פּערספּעקטיווען פֿון סאַפּיר-שטיינערנע זיילען, וועלכע האַלטען אונטער געוועלבען פֿון טירקיזען, אַלצדינג, פֿון דער ליכט און פֿון די לאַזורענע שטיינערפּלאַטען ביז צו דעם פֿינקלענדען הינטערגרונד, אין וועלכען עס פֿערשווינדען די לעצטע געוועלבען, אַלצדינג, ביז צו דער קלענסטער זאַך, איז פֿון אַ אונווירקליכער, טיעפֿער, צויבערליכער בלויקייט. נאָר די הינטערשטע געזימסען און די קעפּ פֿון די זיילען, די ווינקעל-שטיינער, עטליכע זעסלען און רונדע בענק זיינען פֿון ווייסען אָדער פֿון אַלאַבאַסטערנעם מאַרמאָר. — אין דער רעכטער זייט צווישען די זיילען זיינען דאָ גרויסע האַלב-עדעלשטיינערנע טהירען, די טהירען, וועלכע צייט וועט עפֿענען באַלד ביי דער ענדע פֿון דעם בילד, עפֿענען זיך אין דעם טהעטיגען לעבען און ביי דעם ברעג פֿון דאָס אָנפֿאַנגען טאָגען. איבעראַל, האַרמאָניש בעפֿעלקערענדיג די זאַאַל, זיינען דאָ גרופּעס קינדערלאַך אָנגעטהאָן אין לאַנגע הימעל-בלויענע מענטעלאַך. — אייניגע שפּיעלען זיך, אַנדערע לויפֿען אַרום אַהער און אַהין, אַנדערע רערען אָדער חלום׳ן; אייניגע שלאָפֿען, אייניגע אַרבייטען, הינטער דער שורה זיילען, ביי צוקונפֿטיגע ערפֿינדונגען; זייערע ווערק-צייגע, זייערע אינסטרומענטען, די מאַשינען וואָס זיי שאַפֿען, די פּפֿלאַנצען, בלומען און פֿרוכטען, וואָס זיי בעאַרבייטען, אָדער וואָס זיי רייסען אָב זיינען פֿון דער זעלבער איבערנאַטירליכער און ליכטיגער בלויקייט, ווי די אַלגעמיינע אַטמאָספֿערע פֿון דעם פּאַלאַץ. — צווישען די קינדער דרעהען זיך הויכע פֿיגורען פֿון אַ הערשענדער און שטילשוויינענדער שעהנקייט, אָנגעטהאָן אין אַ בלאַסערער און דורכזיכטיגערער הימעל-בלויקייט, זיי זעהען אויס צו זיין מלאכים.

ווערט פערוואַנדעלט דער גאַנצער בית עולם אין אַ מין צויבערליכען נאַכט-ליכען גאָרטען, איבער וועלכען עס ערהויבען זיך די ערשטע שטראַהלען פון דאָס אָנפאַנגען טאָגען. דער טוי גלאַנצט, די בלומען עפענען זייערע בליטהען, דער ווינט מורמעלט צווישען די בלעטער, די ביהנען זשומען, די פייגעל ערוואַכען און בעטרינקען די לופט מיט דעם ערשטען רויש פון זייערע לויב געזאַנגען צו דער זונן און צו דעם לעבען. ערשטוינט און ענטציקט, האַל-טענדיג זיך ביי די הענד, מאַכען טילטיל און מיטיל אייניגע טריט צווישען די בלומען זוכענדיג די שפורען פון די קברים.)

מיטיל (קוקענדיג אין גראָז). וואו זיינען די מתים?...
טילטיל (אויך קוקענדיג). ס'זיינען ניטאָ קיין מתים...

פאָרהאַנג.

מיטיל. איז נאָך ניט מיטען נאַכט?...

טילטיל. דו זעהסט דעם זייגער אין דעם קירכען־טהורם?...

מיטיל. יאָ, איך קען זאָגאַר זעהן דעם קליינעם ווייזער...

טילטיל. נו גוט! אָט וועט שלאָגען מיטען־נאַכט... אָט!... אַקוראַט!... דו הערסט?...

(דער זייגער קלינגט צוועלף.)

מיטיל. איך וויל אַוועקגעהן!

טילטיל. ניט איצט... כ'וועל אַ דרעה טהון דעם דימענט...

מיטיל. ניין, ניין!... טהו דאָס ניט!... איך וויל אַוועקגעהן!... איך האָב מורא מיין קליינער ברודער!... איך האָב שרעקליך מורא!...

טילטיל. ס'איז אָבער ניט פֿאַרהאַנען קיין שום געפֿאַהר...

מיטיל. איך וויל ניט זעהן די מתים!... איך וויל זיי ניט זעהן!...

טילטיל. גאַנץ גוט, דו זאָלסט זיי ניט זעהן, פֿערמאַך דיינע אויגען...

מיטיל (אָנכאַפּענדיג זיך אין טילטיל'ס קליידער). טילטיל, איך קען ניט בלייבען!... ניין, דאָס איז מיר אונמעגליך!... זיי וועלען אַרויס־קומען פֿון דער ערד!...

טילטיל. ציטער ניט אַזוי... זיי וועלען נאָר אַרויסקומען אויף אַ רגע...

מיטיל. דו ציטערסט אויך!... זיי וועלען זיין שרעקליך!...

טילטיל. ס'איז די צייט, די שטונדע לויפֿט...

(טילטיל גיט אַ דרעה דעם דימענט. אַ שווידערליכע רגע פֿון שטילשוויגען און אונבעוועגליכקייט; נאַכהער פֿאַנגען אָן לאַנגזאַם די צלמים זיך שאָקלען, די בערגלאַך זיך עפֿענען, און די שטיינער הויבען זיך אויף.)

מיטיל (שיצענדיג זיך הינטער טילטיל'ן). זיי קומען אַרויס!... זיי זיינען דאָרט!...

(עס ערהויבט זיך אַ בליהונג פֿון אַלע אָפֿענע קברים שטופּענווייז, צו־ערשט שוואַך און בעשיידען ווי אַ דאַמפֿף, דאַן ווייס און פֿריש, און אַלץ מעהר און מעהר געדיכטער, מעהר און מעהר העכער, רייכער און גלענצענ־דער; צו ביסלאַך, צו ביסלאַך, אונווידערשטעהליך, אַרומכאַפּענדיג אַלעס,

מיטיל (צייגענדיג צו די מצבות). זיינען דאָס די טהירען צו זייערע הייזער?...
טילטיל. יאָ.
מיטיל. געהען זיי אַרויס ווען ס'איז שעהן?...
טילטיל. זיי קענען ניט אַרויסגעהן, ווי נאָר ביינאַכט?...
מיטיל. פאַר וואָס?...
טילטיל. ווייל זיי זיינען נאָר אין די העמדער...
מיטיל. געהען זיי אויך אַרויס ווען עס רעגענט?...
טילטיל. ווען עס רעגענט זיצען זיי אין דער היים...
מיטיל. אין זייערע הייזער איז שעהן, זאָג?...
טילטיל. זיי זאָגען, אַז ס'איז זעהר ענג...
מיטיל. האָבען זיי קליינע קינדערלאַך?...
טילטיל. גאַנץ געוויס; זיי האָבען אַלע די, וועלכע שטאַרבען...
מיטיל. און פון וואָס לעבען זיי?...
טילטיל. זיי עסען וואָרצלען...
מיטיל. וועלען מיר זיי זעהן?...
טילטיל. גאַנץ געוויס, מיר זעהען אַלעס, ווען איך דרעה דעם דימענט.
מיטיל. און וואָס וועלען זיי זאָגען?...
טילטיל. זיי וועלען גאָר ניט זאָגען, ווייל זיי רעדען ניט...
מיטיל. פאַר וואָס רעדען זיי ניט?...
טילטיל. ווייל זיי האָבען גאָר ניט צו זאָגען...
מיטיל. פאַר וואָס האָבען זיי גאָר ניט צו זאָגען?
טילטיל. האַ, דו דולסט מיר אַ קאָפּ...

(אַ שטילשווייגען.)

מיטיל. ווען וועסט דו אַ דרעה טהון דעם דימענט?...
טילטיל. דו האָסט גוט געהערט, ווי די ליכט האָט געזאָגט, אַז כ'דאַרף וואַרטען ביז מיטען־נאַכט, ווייל דאָס שטערט זיי וועניגער...
מיטיל. פאַר וואָס שטערט זיי דאָס וועניגער?...
טילטיל. ווייל דעמאָלט איז די שטונדע, ווען זיי געהען אַרויס שעפּען לופט...

## זיבעטעס בילד.

## דער בית עולם.

ס'איז ביי נאַכט, די לבנה שיינט, אַ בית עולם אויף אַ פעלד. פיעלע קברים, קליינע בערגעלאַך בעדעקט מיט גראָז, צלמים פון האָלץ, שטיינערנע מצבות און אַנדערע.

(טילטיל און מיטיל שטעהען נעבען אַ שטיינערנע-זייל.)

מיטיל. איך האָב מורא.

טילטיל (מיט אונזיכערהייט). איך, איך האָב קיין מאָל קיין מורא ניט...

מיטיל. זיינען זיי שלעכט, די מתים, זאָג?...

טילטיל. אָה ניין, זיי לעבען דאָך ניט!...

מיטיל. דו האָסט שוין געזעהן אַ מת?...

טילטיל. יאָ, איינמאָל, לאַנג צוריק, ווען איך בין נאָך געוועזן גאָר יונג...

מיטיל. ווי האָט ער אויסגעזעהן, זאָג?...

טילטיל. ער איז געווען אין גאַנצען ווייס, זעהר שטיל און זעהר קאַלט, און ער האָט אויך ניט גערעדט...

מיטיל. ווועלען מיר זיי זעהן, זאָג?...

טילטיל. גאַנץ געוויס, ווייל די ליכט האָט עס פערשפּראָכען...

מיטיל. וואו זיינען זיי, די מתים?...

טילטיל. דאָ, הינטער דאָס גראָז, אָדער הינטער די גרויסע שטיינער...

מיטיל. זיינען זיי דאָ שטענדיג?...

טילטיל. יאָ.

בערין איז אַן ענטשיעדענער; אחוץ דעם איז ניטאָ פֿאַר וואָס מורא צו האָבען...

דער הונד. זעהר גוט, זעהר גוט, ס'איז קיין אונטערשיעד ניט... אויב זיי זיינען בייז, מיין קליינער גאָט, דאַרפֿסט דו נאָר אָט דאָס טהון (ער פּייפט.) און דו וועסט זעהן... ס'וועט זיין פּונקט ווי אין וואַלד: האַו! האַו! האַו!...

די ליכט. קומט, אַדיע, מיינע ליעבע קינדער... איך וועל ניט זיין ווייט אַוועק... (זי קושט די קינדער.) די וועלכע ליעבען מיך און וועלכע איך ליעב, וועלען מיך שטענדיג געפֿינען... (צו די חיות און געגענשטענדע.) איהר אַלע, דאָ־אַרום...

(זי געהט אַוועק מיט די געגענשטענדע און מיט די חיות. די קינדער בלייבען אַליין אין מיטען פֿון דער ביהנע. דער פֿאָרהאַנג הויבט זיך אויף און דעקט אויף דאָס זיבעטע בילד.)

---

סאַי ווי סאַי ביי זיי אַ מנהג אַרויסצוקומען ביינאַכט וועט דאָס זיי גאָרניט אַרען...

טילטיל. פֿאַר וואָס זיינען ברויט, צוקער און מילך אַזוי בלאַס און פֿאַר וואָס זאָגען זיי גאָרניט?...

מילך (שאָקלענדיג זיך). איך פֿיהל אַז איך וועל אומפֿאַלען...

די ליכט (אין אַ זייט צו טילטיל'ן). קימער דיך ניט אין זיי... זיי האָבען מורא פֿאַר די מתים...

פֿייער (לוסטיג). איך האָב פֿאַר זיי קיין מורא ניט!... איך בין געוואוינט זיי צו פֿערברענען... ס'איז געווען אַ צייט, ווען איך פֿלעג זיי אַלע פֿערברענען... ס'איז דעמאָלט געווען פֿיעל אַמוזירענדער ווי איצט...

טילטיל, און פֿאַר וואָס ציטערט טילאָ?... האָט ער אויך מורא?...

דער הונד. איך?... איך ציטער ניט!... איך האָב קיין מאָל קיין מורא ניט; אָבער ווען דו וואָלסט אַוועקגעגאַנגען וואָלט איך אויך מיטגעגאַנגען...

טילטיל. און די קאַץ האָט גאָר ניט צו זאָגען?...

די קאַץ (געהיימניספול). איך וויים וואָס איז וואָס...

טילטיל (צו ליכט). דו געהסט מיט אונז?...

די ליכט. ניין; ס'איז גלייכער, אַז איך זאָל בלייבען ביים טויער פֿון בית עולם מיט די געגענשטענדע און מיט די חיות... פֿיעלע פֿון זיי וועלען זיך שרעקען און איך האָב מורא, אַז די איבע־ריגע וועלען זיך שלעכט אויפֿפֿיהרען... דער פֿייער איבערהויפט, וועט וועלען פֿערברענען די מתים, ווי אין די אַלטע צייטען, און דאָס ווערט איצט מעהר ניט געטהון... איך וועל דיך לאָזען אַליין מיט מיטיל'ן...

טילטיל. און טילאָ בלייבט ניט מיט אונז?...

דער הונד. יאָ, יאָ, איך בלייב; איך בלייב דאָ! איך וויל בלייבען מיט מיין קליינעם גאָט!...

די ליכט. ס'איז אונמעגליך... דער בעפֿעהל פֿון דער צווי־

בערין איז אַן ענטשיעדענער; אחוץ דעם איז ניטאָ פֿאַר וואָס מורא צו האָבען...

דער הונד. זעהר גוט, זעהר גוט, ס'איז קיין אונטערשיעד ניט... אויב זיי זיינען בייז, מיין קליינער גאָט, דאַרפֿסט דו נאָר אָט דאָס טהון (ער פֿייפֿט.) און דו וועסט זעהן... ס'וועט זיין פונקט ווי אין וואַלד: האַו! האַו! האַו!...

די ליכט. קומט, אַדיע, מיינע ליעבע קינדער... איך וועל ניט זיין ווייט אַוועק... (זי קושט די קינדער.) די וועלכע ליעבען מיך און וועלכע איך ליעב, וועלען מיך שטענדיג געפֿינען... (צו די חיות און געגענשטענדע.) איהר אַלע, דאָ־אַרום...

(זי געהט אַוועק מיט די געגענשטענדע און מיט די חיות. די קינדער בלייבען אַליין אין מיטען פֿון דער ביהנע. דער פֿאָרהאַנג הויבט זיך אויף און דעקט אויף דאָס זיבעטע בילד.)

סאַי ווי סאַי ביי זיי אַ מנהג אַרויסצוקומען ביינאַכט ווען דאָס זיי גאָרניט אַרען...

טילטיל. פֿאַר וואָס זיינען ברויט, צוקער און מילך אַזוי בלאַס און פֿאַר וואָס זאָגען זיי גאָרניט?...

מילך (שאָקלענדיג זיך). איך פֿיהל אַז איך וועל אומפֿאַלען...

די ליכט (אין אַ זייט צו טילטיל'ן). קימער דיך ניט אין זיי... זיי האָבען מורא פֿאַר די מתים...

פֿייער (לוסטיג). איך האָב פֿאַר זיי קיין מורא ניט!... איך בין געוואוינט זיי צו פֿערברענען... ס'איז געווען אַ צייט, ווען איך פֿלעג זיי אַלע פֿערברענען... ס'איז דעמאָלט געווען פֿיעל אַמוזירענדער ווי איצט...

טילטיל, און פֿאַר וואָס ציטערט טילאָ?... האָט ער אויך מורא?...

דער הונד. איך?... איך ציטער ניט!... איך האָב קיין מאָל קיין מורא ניט; אָבער ווען דו וואָלסט אַוועקגעגאַנגען וואָלט איך אויך מיטגעגאַנגען...

טילטיל. און די קאַץ האָט גאָר ניט צו זאָגען?...

די קאַץ (געהיימניספֿול). איך וויים וואָס איז וואָס...

טילטיל (צו ליכט). דו געהסט מיט אונז?...

די ליכט. ניין; ס'איז גלייכער, אַז איך זאָל בלייבען ביים טויער פֿון בית עולם מיט די געגענשטענדע און מיט די חיות... פֿיעלע פֿון זיי וועלען זיך שרעקען און איך האָב מורא, אַז די איבע־ריגע וועלען זיך שלעכט אויפֿפֿיהרען... דער פֿייער איבערהויפּט, וועט וועלען פֿערברענען די מתים, ווי אין די אַלטע צייטען, און דאָס ווערט איצט מעהר ניט געטהון... איך וועל דיך לאָזען אַליין מיט מיטיל'ן...

טילטיל. און טילאָ בלייבט ניט מיט אונז?...

דער הונד. יאָ, יאָ, איך בלייב; איך בלייב דאָ! איך וויל בלייבען מיט מיין קליינעם גאָט!...

די ליכט, ס'איז אונמעגליך... דער בעפֿעהל פֿון דער צווי־

# פיערטער אקט.

## זעקסטעס בילד.

### פֿאַר דעם פֿאָרהאַנג.

(עס קומען אַריין טילטיל, מיטיל, די ליכט, דער הונד, די קאַץ, ברויט, פֿייער, צוקער, וואַסער און מילך.)

די ליכט. איך האָב בעקומען אַ בריוועל פֿון דער צויבערין בערילון, דורך וועלכען זי טהיילט מיר מיט, אַז דער בלויער פֿויגעל איז וואַהרשיינליך דאָ.

טילטיל. וואו?...

די ליכט. דאָ, אויף דעם בית עולם, הינטער דעם וואַנד... עס שיינט, אַז איינער פֿון די מתים פֿון דעם בית עולם האַלט איהם בעהאַלטען אין זיין קבר... מיר מוזען אויסגעפֿינען וועלכער... מיר וועלען זיי אַלע דאַרפֿען דורכזועהן...

טילטיל. דורכזועהן?... ווי קען מען דאָס טהון?...

די ליכט. ס'איז זעהר איינפֿאַך: אין מיטען נאַכט, אום מען זאָל זיי ניט צו פֿיעל שטערן, וועסטו אַ דרעה טהון דעם דימענט. מיר וועלען זיי דאַן זעהן אַרויסקומען פֿון דער ערד; מיר וועלען אויך זעהן די, וועלכע וועלען ניט אַרויסקומען, ווי זיי ליגען אין זייערע קברים...

טילטיל. וועלען זיי ניט זיין אויפֿגערעגט?...

די ליכט. אַ ברעקעל ניט; זיי וועלען דאָס גאָר ניט וויסען... זיי האָבען ניט ליעב, אַז מען זאָל זיי שטערן, אָבער אַזוי ווי ס'אי

דיר וואָלט איך געהאַט איצט אַ פּאָר ווערטער צו רעדען... דו זאָלסט עס האָבען צו געדענקען!...

די קאַץ (קלאָגענדיג זיך פאַר מיטיל'ן). קליין מוטעריל, ער בע־ליידיגט מיך... ער וויל מיך שלעכטם טהון...

מיטיל (צום הונד). לאָז איהם צורוה, דו מיאוס בעשעפעניש...

(זיי געהען אַלע אָב.)

פאָרהאַנג.

די ליכט. ניין, זיי זיינען שטענדיג אַזוי, אָבער מיר ווייסען דאָס ניט, ווייל מיר זעהען עס ניט... איך האָב דיר עס נאָך פֿריהער געזאָגט. ס׳איז געפֿעהרליך זיי צו ערוואַכען, ווען איך בין ניט דאָ...

טילטיל (אָבווישענדיג זיין מעסער). נאָר אַ דאַנק דעם הונד, און ווען איך זאָל ניט געווען האָבען דאָס מעסער מיט זיך!... איך וואָלט זיך קיין מאָל ניט פֿאָרגעשטעלט, אַז זיי זיינען אַזוי שלעכט!...

די ליכט. דו זעהסט גאַנץ גוט, אַז דער מענש איז איינער אַליין געגען אַלעם אין דער וועלט...

דער הונד. דו ביזט ניט שטאַרק פֿערוואונדעט געוואָרען, מיין קליינער גאָט?...

טילטיל. גאָר ניט ערענסט... מיטיל׳ן האָבען זיי גאָר ניט אָנגעריהרט... אָבער דו, מיין טהייערער טילאָ?... דיין מויל בלוטעט און דיין לאַפּע איז צובראָכען!...

דער הונד. ס׳לוינט זיך ניט וועגען דעם צו רעדען... מאָרגען וועט זיך עס גאָרניט דערקענען... ס׳איז אָבער געווען אַ הייסער קאַמפּף!...

די קאַץ (ערשיינט פֿון הינטער אַ גרופּע געדיכטע בוימעלאַך, הינקענדיג) איך מיין עפּעס!... דער אָקס האָט מיר געגעבען מיט זיינע הערנער אַ זעץ אין דעם בויך... מען קען ניט זעהן קיין סמן, אָבער עס טהוט מיך שטאַרק וועה... און דער דעמב האָט צובראָכען מיין לאַפּע...

דער הונד. איך וואָלט געוואָלט וויסען וועלכע...

מיטיל (גלעטענדיג די קאַץ). מיין אָרימע טילעט, ער האָט דיר ווירקליך?... וואו ביזט דו געווען?... איך האָב דיך ניט געזעהן...

די קאַץ (היפּאָקריטיש) מיין קליין מוטעריל, איך בין דער ערשטער פֿערוואונדעט געוואָרען, בשעת איך האָב אַטאַקירט דעם שמוציגען חזיר, וועלכער האָט דיך געוואָלט אויפֿעסען... דאַן האָט דער דעמב מיר געגעבען אַזאַ שטאַרקען קלאַפּ, דאָס איך בין געבליבען בעוואוסטלאָז...

דער הונד (צו דער קאַץ, קנורענדיג צווישען די צייהן). דו, מיט

דער הונד. וואַרט, מיין קליינער גאָט... לאָמיך דיך קושען... דאָ, אַ גוטען לעק... דאָס וועט דיר טהון גוט... האַלט דיך הינטער מיר... זיי וואַגען ניט צוריק צו קומען... דאָך!... אָט זיי קומען צוריק... דאָס מאָל איז דער צושטאַנד גאַנץ ערענסט!... מיר מוזען זיין ענטשלאָסען!...

טילטיל (פאַלענדיג צו דער ערד). ניין, כ׳קען לענגער ניט אויסהאַלטען!...

דער הונד (צוהערענדיג זיך). זי קומט! איך הער זי, איך שפיר זי!...

טילטיל. וואו?... ווער?...

דער הונד. אָט דאָרט! אָט דאָרט!... ס׳איז די ליכט!... זי האָט אונז געפונען!... גערעטעט, מיין קליינער קעניג!... קוש מיך!... מיר זיינען גערעטעט!... קוק!... זיי זיינען דערשראָקען!... זיי ציהען זיך צוריק!... זיי האָבען מורא!...

טילטיל. ליכט!... ליכט!... קומט שנעל!... איילט זיך!... זיי האָבען רעוואָלטירט!... זיי זיינען אַלע געגען אונז!...

(ליכט קומט אריין; מיט וויפיעל זי געהט ווייטער טאָגט אַלץ מעהר און מעהר ביז ס׳ווערט ליכטיג.)

די ליכט. וואָס איז?... וואָס איז געשעהן!... אָבער מיין קליינער אינגעלע, דו ווייסט ניט?... גיב אַ דרעה דעם דימענט!... און זיי וועלען אַלע צוריקקעהרען אין דער שטיל און אין דער אונפּער־שטענדליכקייט; און דו וועסט מעהר ניט הערען זייערע פערבאָרגענע געפיהלען...

(טילטיל גיט אַ דרעה דעם דימענט, תיכף לויפען צוריק די נשמות פון די בוימער אין זייערע קערפּער, וועלכע מאַכען זיך צוריק צו, די נשמות פון די חיות פערשווינדען אויך; אַ פרידליכע קוה, אַ שאָף און אַנדערע, פּיטערען זיך פון ווייטען; דער וואַלד ווערט צוריק שטיל. טילטיל קוקט זיך אַרום מיט ערשטוינונג.)

טילטיל. וואו זיינען זיי?... וואָס איז מיט זיי געוועזן?... זיינען זיי געוועזן משוגע?...

דיר, בער, אין דיינע גראָבע לענדען... אַנו, ווער פֿערלאַנגט נאָך איינעם?... אָט איז איינער פֿאַר דעם חזיר, און דער איז פֿאַר דעם פֿערד, און דער איז פֿאַר'ן עק פֿון שטיער אָקס... אָט אַזוי, איך האָב צוריסען דעם בוכע־בוים'ס הויזען און דעם דעמבס ראָק!... דער טאַנע־בוים מאַכט פּים!... אוף, ס'איז אַ שווער שטיקעל אַרבייט!...

טילטיל (ערמיעדעט). איך קען ניט מעהר!... דער ציפּרעס־בוים האָט מיר געגעבען אַ שטאַרקען זעץ אין קאָפּ...

דער הונד. האַו!... דאָס איז דער ווערבע־בוים!... ער האָט צובראָכען מיין לאַפּע!...

טילטיל. זיי קומען צוריק! אַלע צוזאַמען!... דאָס מאָל איז דער וואָלף!...

דער הונד. וואַרט, איך וועל איהם אויך געבען איינעם!...

דער וואָלף. אידיאָט!... אונזער ברודער!... זיין פֿאָטער האָט דערטרונקען דיינע זיבען קליינע הינטעלאַך!...

דער הונד. גאַנץ גוט האָט ער געטהון!... זיי האָבען אויס־געזעהן גראַדע ווי דו!...

אַלע בוימער און חיות. פֿעררעטהער!... אידיאָט!... רענעגאַט!... פֿערברעכער!... דומקאָפּ!... יודא!... פֿערלאָז איהם!... ער איז אַ טויטער, אַ פֿערלוירענער!... קום אַריבער צו אונז!...

דער הונד (בעגייסטערט פֿון איבערגעבענהייט און טרייהייט). ניין! ניין!... איך אַליין געגען אייך אַלע!... קיין מאָל ניט! קיין מאָל ניט!... געטריי צו די געטער! צו די בעסטע! צו די גרעסטע!... (צו טילטיל'ן). זיי פֿאָרזיכטיג, דאָ איז דער בער!... היט זיך פֿאַר דעם שטיר אָקס!... איך וועל אַרויפֿשפּרינגען אויף זיין האַלז... האַו... דאָס איז אַ בריקע... דער עזעל האָט צובראָכען צוויי פֿון מיינע צייהן...

טילטיל. כ'בין פֿערלוירען, טילאָ!... אַך!... דאָס איז געווען אַ קלאַפּ פֿון'ם אולם־בוים... זעה מיין האַנד, זי בלוטעט... אוי, דער וואָלף און דער חזיר...

ניט לויט דעם רעגולאַמענט!... ער פֿערטהיידיגט זיך גאָר!...

דער האָהן (אונפֿעהיג צו פֿערבאָרגען זיין בעוואונדערונג). דער קליינער איז אַ וואוילער יונג!...

דער חזיר (צום בער און צום וואָלף). לאָמיר אַלע צוזאַמען זיי בעפֿאַלען... איך וועל אייך אונטערשטיצען פֿון הינטען... מיר וועלען זיי אומוואַרפֿען און זיך צוטהיילען מיט דער קליינע מיידעל, ווען זי וועט ליעגען אויף דער ערד...

דער וואָלף. ציה אָב זייער אויפֿמערקזאַמקייט... איך וועל זיך אַרומדרעהען...

(ער דרעהט זיך אַרום טילטיל'ן וועלכען ער בעפֿאַלט פֿון הינטען און קעהרט איהם איבער.)

טילטיל. דו אכזר!... (ער הויבט זיך אויף איין קניה, בעוועגט דאָס מעסער רעכטס און לינקס און זוכט צו בעשיצען זיין קליינע שוועסטער, וועלכע קוויטשעט פֿון שרעק. זעהענדיג איהם איבערגעקעהרט, קומען צו אַלע חיות און בוימער און זיי ווילען איהם שלאָגען. טילטיל שרייט פֿערצווייפֿעלט נאָך הילף.) הילף! הילף!... טילאָ! טילאָ!... וואו איז די קאַץ?... טילאָ! טילעט! טילעט!... קומט! קומט!...

די קאַץ. (היפּאָקריטיש זיך צוריקהאַלטענדיג). איך קען ניט געהן... איך האָב זיך אויסגעלינקט אַ לאַפּע...

טילטיל (דערלאַנגענדיג קלעפּ רעכטס און לינקס און פֿערטהיידיגענדיג זיך ווי ווייט ער קען). הילף!... טילאָ! טילאָ!... כ'קען ניט ווידערשטעהן!... זיי זיינען צו פֿיעלע!... דער בער! דער חזיר, דער וואָלף! דער עזעל! דער טאַנע־בוים! דער פּאַפּעל בוים!... טילאָ! טילאָ! טילאָ!...

(נאָכשלעפּענדיג זיינע צוריסענע קייטען, קומט דער הונד צולויפֿען פֿון הינטער דעם קערפּער פֿון דעם דעמב און דורכשטופּענדיג זיך דורך די בוימער און בהמות, קומט ער צו טילטיל'ן, וועלכען ער פֿערטהיידיגט זעהר ענערגיש.)

דער הונד (בייסענדיג שטאַרק די פֿון אַרום). אָט דאָ בין איך! אָט דאָ, מיין קליינער גאָט!... האָב קיין מורא ניט! אויף זיי!... איך ווייס ווי צו בענוצען מיינע ציינער!... אָט דאָ איז איינער פֿאַר

וואָס ווילסט דו טהון?... זיי ניט קיין נאַר! ס'איז אַ מיאוסע געשיכטע!... זי וועט זיך ענדיגען שלעכט... מיר וועלען דערפאַר ליידען... דו לאָז נאָר צו רוהה... דאָס איז אַ געשעפט פאַר די ווילדע חיות...

דער שטיער אָקס. ניין, ניין!... ס'איז מיין געשעפט!... איהר גיט נאָר אַכטונג!... אָבער האַלט מיך צוריק, אָדער עס וועט געשעהן אַנ'אונגליק...

טילטיל (צו מיטיל'ן, וועלכע שרייט דערשראָקען). האָב קיין מורא ניט!... שטעה אונטער מיר... איך האָב מיין מעסער...

דער האָהן. ער האָט מוטה גענוג, דער קליינער!...

טילטיל. אַזוי איז עס בעשלאָסען געוואָרען; אויף מיר געהט איהר?...

דער עזעל. גאַנץ געוויס, מיין קליינער, ס'האָט דיר גענומען צו פיעל צייט, דו זאָלסט דאָס בעמערקען!...

דער חזיר. דו קענסט שוין זאָגען וידוי, דיין לעצטע שטונדע איז געקומען. אָבער בעהאַלט ניט די קליינע מיידעל... איך וויל איהר גוט אָנקוקען... איך וועל זי צו ערשט עסען...

טילטיל. וואָס האָב איך אייך געטהון?...

די שאָף. אַ קלייניגקייט, מיין קליינעקער... אויפגעגעסען מיינע קליינע ברידער, מיינע צוויי שוועסטער, מיינע דריי פעטערס, מיין מוהמע, מיין גראָספאַטער, און מיין גראָסמוטער... וואַרט, וואַרט, ווען דו וועסט ליגען אויף דער ערד וועסטו זעהן, אַז מיר האָבען אויך ציינער...

דער עזעל. און אַז איך האָב קאָפּיטעס!...

דער פערד (שטאָלץ אויפטרעטענדיג). איהר וועט זעהן, וואָס איהר וועט זעהן!... וואָלט איהר וועלען אַז איך זאָל אייך צורייסען מיט די ציינער אָדער אייך צוקלאַפען מיט דאָס בריקען פון מיינע פיס?... (ער געהט צו מיט גאווה צו טילטיל'ן, וועלכער הויבט אויף געגען איהם זיין מעסער. פלוצלינג ווערט דאָס פערד ערגריפען פון שרעק, קעהרט זיך אום און אנטלויפט.) אַך! ניין!... דאָס איז ניט ריכטיג!... דאָס איז

אונגעזעצליכע פֿערבאַפֿעניש פֿון מעהרער אַמטען... בעט דעם פּאַפּעל־בוים...

דער פּאַפּעל־בוים. מיך?... מיינט איהר דאָס ערענסט?... איהר ווייסט דאָך, אַז מיין האָלץ איז ווייכער ווי דאָס פֿלייש פֿון אַ קינד!... און אחוץ דעם, ווייס איך ניט וואָס מיט מיר איז... איך ציטער פֿון פֿיבער... גיט נאָר אַ קוק צו מיינע בלעטער... איך האָב זיך געמוזט פֿערקיהלען היינט אין דער פֿריה ביים זוננען־אויפֿגאַנג...

דער דעמב (אויסברעכענדיג מיט אויפֿרעגונג). איהר האָט מורא פֿאַר דעם מענשען!... אפילו די אונבעשיצטע און אונבעוואָפֿענטע קליינע קינדער ערוועקען אין אייך די געהיימע שרעק, וואָס האָט אונז שטענדיג געמאַכט פֿאַר די שקלאַפֿען, וועלכע מיר זיינען!... נו גוט, גיט מעהר! ס'איז גענוג!... אַזוי ווי די פֿערהעלטניסע זיינען גונסטיג, און אַזוי ווי די געלעגענהייט איז אַן אונפֿערגלייכבאַרע, וועל איך, אַלט פֿערקריפּעלט, ציטערענדיג און בלינד ווי איך בין, אַליין געהן אַקעגען דעם אייביגען שונא?... וואו איז ער?...

(טאַפּענדיג מיט זיין שטעקען, לאָזט ער זיך געהן צו טילטיל'ן.)

טילטיל (אַרויסנעהמענדיג דאָס מעסער פֿון זיין קעשענע). אויף מיר וויל ער קומען, דער אַלטער, מיט זיין גראָבען שטעקען...

אַלע בוימער (אַרויסלאָזענדיג אַ געשריי פֿון שרעק, געהן צו אין מיטען און האַלטען צוריק דעם דעמב). דאָס מעסער!... זייט פֿאָרזיכטיג!... דאָס מעסער!...

דער דעמב (רייסענדיג זיך). לאָזט מיך געהן!... וואָס האָט דאָס פֿאַר אַ בעדייטונג!... דאָס מעסער אָדער די האַק!... ווער האַלט מיך צוריק?... וואָס! איהר אַלע זיינט דאָ... (אַראָבלאָזענדיג זיין שטעקען.) זאָל זיין אַזוי!... שאַנדע צו אונז!... לאָזען די חיות אונז בעפֿרייען!...

שטיער אָקס. אַזוי איז עס!... איך וועל דאָס אויספֿיהרען!... מיט איין שטאָך פֿון מיינע הערנער!...

דער אָקס און די קוה (האַלטענדיג איהם צוריק ביי דעם עק).

קלאַפּ; ווער עס זאָל אָבווענדען פֿון אונזערע קעפּ די גרעסטע גע־פֿאַהר, וואָס האָט אונז ווען עס איז געסטראַשעט זינט דער געבורט פֿון דעם מענשען...

דער טאַנע־בוים. אייך, אונזער קעניג און פּאַטריאַרך, בעלאַנגט דער כבוד...

דער דעמב. ס'איז דער טאַנע־בוים, וועלכער זאָגט דאָס?... ליידער! איך בין צו אַלט!... איך בין בלינד, קראַנק, און מיינע געלעהמטע גלידער פֿאָלגען מיך ניט מעהר... נייך, אייך, מיין ברו־דער, וואָס איהר זיינט שטענדיג גרין, שטענדיג גלייך, אייך, וואָס איהר האָט בייגעוואָהנט די געבורט פֿון די מייסטע בוימער, אייך געהער, דורך מיין אונפֿעהיגקייט, די עהרע צו בעגעהן די נאָבעלע טהאַט פֿון אונזער בעפֿרייאונג...

דער טאַנע־בוים. איך דאַנק אייך, מיין עהרווירדיגער פֿאָטער... אָבער אַזוי ווי מיר קומט שוין דער כבוד מקבר צו זיין די צוויי קרבנות, וויל איך ניט אויפֿוועקען די בערעכטיגטע קנאה פֿון מיינע קאָלעגען; און איך דענק, אַז נאָך אונז צוויי, איז דער עלטסטער, דער עהרווירדיגסטער און דער וואָס בעזיצט די בעסטע בולאַווקע, דער בוכע־בוים...

דער בוכע־בוים. איהר ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך בין דורכגעגעסען פֿון ווערים און אויף מיין בולאַווקע קען מען זיך ניט מעהר פֿערלאָזען... נאָר דער אולמ־בוים, און דער ציפּרעס־בוים בעזיצען מעכטיגע וואָפֿען...

דער אולמ־בוים. איך וואָלט זיך ניט געלאָזט בעטען; אָבער איך קען זיך ניט האַלטען גלייך... אַ מויל־וואורף האָט די נאַכט אונטערגעגראָבען מיין גרויסען פֿוס־פֿינגער...

דער ציפּרעס־בוים. וואָס אָנבעטרעפֿט מיר, בין איך פֿערטיג... אָבער, אַזוי ווי איך וועל, ווי מיין ברודער, דער טאַנע־בוים, האָבען, אויב ניט די פּריווילעגיע זיי מקבר צו זיין, וועניגסטענס דעם פֿאָרצוג צו קלאָגען איבער זייער קבר... וואָלט דאָס געווען אַן

דער טאנע־בוים. און איך די ברייטער פֿאַר זייער קליי־נעם זאַרג.

דער ציפּרעס־בוים. און איך אַ שטענדיגע בעוויינונג פֿאַר אַ קבר.

דער וויערבע־בוים. דאָס איינפֿאַכסטע מיטעל וואָלט געווען זיי אַריינצוואַרפֿען אין איינעם פֿון מיינע טייכען... איך וואָלט דאָס אויסגעפֿיהרט....

דער לינדען־בוים (מיט אַ בערוהיגענדען טאָן). האַלט, האַלט... איז דען ווירקליך נויטיג צו געברויכען זעהר שטרענגע מיטלען? זיי זיינען נאָך זעהר יונג... מיר קענען גאַנץ איינפֿאַך פֿערהיטען, אַז זיי זאָלען אונז ניט קענען קיין שלעכטעס טהון, דורך דעם וואָס מיר זאָלען זיי פֿערשפּאַרען אין אַ פֿערצוימונג, וואָס איך וואָלט זיך אונטערנעהמען צו שאַפֿען דורך דאָס פּפֿלאַנצען זיך אַרום און אַרום...

דער דעמב. ווער זאָגט דאָס?... מיר שיינט אַז איך דערקען די האָניג־זיעסע טענער פֿון דעם לינדען־בוים...

דער טאַנע־בוים. יאָ, ער איז עס...

דער דעמב. אַזוי, איז דאָ צווישען אונז אויך אַ פֿעררעטהער ווי צווישען די חיות?... ביז איצט האָבען מיר נאָר געהאַט צו בע־דויערען די אונטרייהייט פֿון די פֿרוכטען-בוימער; אָבער זיי זיינען ניט קיין העכטע אמת'ע בוימער...

דער חזיר (דרעהענדיג מיט זיינע קליינע אויגלאַך מיט אַ פֿרע־סערישען אַפּעטיט). איך דענק, אַז צוערשט זאָלען מיר אויפֿעסען די קליינע מיידעל... זי דאַרף זיין זעהר געשמאַק...

טילטיל. וואָס זאָגט ער?... וואַרט נאָר אַביסעל, דו חזיר איינער...

די קאַץ. איך וויים ניט וואָס ס'איז מיט זיי; נאָר עפּעס זעהט עס גאָר ניט פֿרייהליך אויס...

דער דעמב. שטיל זאָל זיין!... וואָס מיר האָבען צו בעשטימען איז, וועלכער פֿון אונז זאָל האָבען דעם כבוד צו געבען דעם ערשטען

געוועזן אַזוי גרויס!... די בעהאַנדלונג אַזוי שלעכט!... ס'האָט געדויערט אַזאַ לאַנגע צייט!... לאָמיר איהם צושמעטערן!... לאָמיר איהם אויפֿעסען!... שוין!... תיכף!... שוין!...

טילטיל (צו דער קאַץ). וואָס איז דאָס מיט זיי?... זיינען זיי עפּעס אונצופֿרידען?...

די קאַץ. זייט ניט בעזאָרגט... זיי זיינען אַביסעל געערגערט, וואָס דער פֿריהלינג האָט פֿערשפּעטיגט... פֿערלאָזט אייך אויף מיר; איך וועל אַלעס גוט מאַכען...

דער דעמב. די איינשטימיגקייט איז געוועזן אונפֿערמיידליך... מיר מוזען איצט בעשטימען, אום צו פֿערמיידען געגען־געוואַלט, וואָס פֿאַר אַ הינריכטונגס־מיטעל עס וועט זיין פּראַקטישער, לייכטער, שנעלער און זיכערער; וועלכעס מיטעל עס וועט לאָזען די וועניגסטע סמנים פֿון בעשולדיגונג, ווען דער מענש וועט אויסגעפֿינען די קליינע קערפּער אין דעם וואַלד...

טילטיל. וואָס געהט דאָ עפּעס פֿאָר?... צו וואָס ציעלט ער זיך... ער האָט דעם בלויען פֿויגעל, זאָל ער איהם איבערגעבען...

דער שטיער אָקס (אַרויסטרעטענדיג). דאָס פּראַקטישסטע און זיכערסטע מיטעל איז אַ גוטער שטאָך מיט די הערנער אין'ם שפּיץ פֿון'ם בויך... זאָל איך צו זיי צוגעהן?...

דער דעמב. ווער זאָגט דאָס?...

די קאַץ. ס'איז דער שטיער אָקס.

די קוה. ס'וואָלט גלייכער געוועזן דו זאָלסט זיך פֿערהאַלטען רוהיג... איך וויל זיך ניט מישען אין דעם... איך האָב זיך צו פֿיטערען מיט דאָס גאַנצע גראָז פֿון די פֿעלדער, וועלכע דו קענסט זעהן אַרום אין דער בלויער ליכט פֿון דער לבנה... איך האָב גענוג צו טהון...

דער אָקס. איך אויך... פֿון דעסטוועגען שטים איך איין צו סאַי וואָס פֿון פֿאָראויס...

דער בוכע־בוים. איך קען געבען מיין העכסטע צווייג זיי אויפֿצוהענגען...

דער עפּיך. און איך די פּעטליע...

ט י ל ט י ל. ליג איין גלייך... וואַרף דיר אונטער דעם עפיך... לאָז ער דיך בינדען, אָדער...

ד ע ר ה ו נ ד (קנורענדיג צווישען די צייהן, בשעת דער עפיך בינדט איהם). בינטעל פלעכטלאַך!... שטריק פון הענקער!... שנור פון קאַלב!... קייט פון חזיר!... מיין קליינער גאָט, זעה!... ער שניידט מיר אָב די נעגעל!... ער דערווערגט מיך!...

ט י ל ט י ל. ס'אַרט מיך ניט!... דו ביזט אַליין שולדיג!... זיי שטיל, פערהאַלט זיך רוהיג, דו ביזט אונערטרעגליך!...

ד ע ר ה ו נ ד. ס'איז אַלץ איינס, דו ביזט געפעהלט... זיי האָבען שלעכטע אַבזיכטען... מיין קליינער גאָט, זיי פאָרזיכטיג!... ער פערמאַכט מיר דאָס מויל!... איך קען מעהר ניט רעדען!...

ד ע ר ע פ י ך (וועלכער האָט געבונדען דעם הונד, ווי מען פער־בינדט אַ פעקעל). וואו זאָלען מיר איהם אַנידערלעגען?... איך האָב איהם פערשטאָפט דאָס מויל אויסגעצייכענט... ער קען מעהר אַ וואָרט ניט זאָגען...

ד ע ר ד ע מ ב. בינדט איהם צו פעסט דאָרט, אונטער מיין בוים־קערפער, צו אַ וואָרצעל... מיר וועלען שפעטער בעשטימען, וואָס מיר קענען אַמבעסטען מיט איהם טהון... (דער עפיך און דער פאַפעלבוים טראָגען אַוועק דעם הונד הינטער דעם דעמב'ס בוים-קערפער.) איז דאָס שוין פערטיג?... גוט, איצט אַז מיר זיינען שוין פריי פון דעם אונגעווינשטען עדות, פון דעם פעררעטהער, לאָמיר משפט'ן לויט אונזער גערעכטיגקייט און לויט אונזער אמת... מיין אויפרעגונג, איך וויל עס ניט פאַר אייך פערבאָרגען, איז טיעף און שמערצליך... ס'איז דאָס ערשטע מאָל, וואָס ס'קומט אונז אויס צו משפט'ן אַ מענשען און איהם מאַכען פיהלען אונזער מאַכט... איך גלויב ניט, אַז נאָך די רעות וואָס ער האָט אונז געטהון, נאָך דער גרוזאַמער אונגערעכטיגקייט וואָס מיר האָבען געליטען, קען נאָך זיין דער קלענסטער צווייפעל וועגען דעם אורטהייל וואָס ערוואַרטעט איהם...

אַ ל ע ב ו י מ ע ר א ו ן א ל ע ח י ו ת. ניין! ניין! ניין!... קיין ברעקעל צווייפעל!... תליה!... טויט!... די אונגערעכטיגקייט איז

אַלטען שלעפער !... דאָס וועט זיין אַ געלעכטער !...

טילטיל. האלט דאָס מויל !... און זיי אויס די צייט פֿון דאַנען !... אַוועק, דו מיאוס בעשעפֿעניש !...

דער הונד. גאַנץ גוט, גאַנץ גוט, איך געה... איך וועל צוריק קומען ווען דו וועסט מיך דאַרפֿען...

די קאַץ (אין אַ זייט צו טילטיל'ן). ס'וואָלט געווען ראַטהזאַם איהם צו בינדען אין קייטען, ער קען נאָך אָבטהון עפעס אַ שפּיר־צעל ; די בוימער וועלען זיך אויפֿרעגען און עס וועט זיך שלעכט ענדיגען...

טילטיל. וואָס קען איך טהון ?... כ'האָב פֿערלוירען זיין שטריקעל...

די קאַץ. אָט קומט דער עפיך מיט שטאַרקע קייטען.

דער הונד (קנורענדיג). איך וועל צוריק קומען, איך וועל צוריק קומען... אך ! דו פֿוס־קראַנקער ! דו טשאַכאָטניק איינער !... בינטעל אַלטע פֿערקריפעלטע געוויקסע, בינטעל אַלטע וואָרצ־לען !... די קאַץ אַרבייט דאָס אַלעס אָן... וואָס האָסטו אָנגערערט יודאַ, טיגער, שלאַנג !... האַו ! האַו ! האַו !...

די קאַץ. איהר זעהט, ער בעליידיגט די גאַנצע וועלט...

טילטיל. ריכטיג, ער איז אונערטרעגליך, מען קען דורך איהם ניט הערען אַ וואָרט... הערר עפיך, ווילט איהר אַזוי גוט זיין איהם בינדען אין קייטען ?...

דער עפיך (צוגעהענדיג מיט פּחד צום הונד). וועט ער ניט בייסען ? ...

דער הונד (קנורענדיג) פֿערקעהרט ! פֿערקעהרט !... ער וועט דיך קושען... וואַרט נאָר און זעה... קום נאָר אַהער, קום נאָר אַהער, דו אַלט בינטעל פֿלעכטלאַך, דו !...

טילטיל (סטראַשענדיג איהם מיט זיין שטעקען) טילאָ !...

דער הונד (זיך בייגענדיג צו טילטיל'ס פֿיס און דרעהענדיג מיט דעם עק). וואָס זאָל איך טהון מיין קליינער גאָט ?...

איהרע אייער, דער האָז איז אויף אַ שפּאַציר, דעם הירש טהוט וועה דער האָרן, דער פֿוקס איז קראַנק — אָט דאָ איז דעם דאָקטאָרס צייגנים — די גאַנז האָט ניט פֿערשטאַנען, און דער אינדיק איז אַנטלאָפֿען אין כעס...

דער דעמב. ס'איז זעהר צו בעדויערען, וואָס די אַלע פֿעהלען אוים... אָבער טראָין דעם האָבען מיר דאָ אַ גענוגענדע צאָהל... איהר ווייסט, מיינע ברידער, אין וואָס ס'האַנדעלט זיך. דאָס קינד, וואָס איהר זעהט פֿאַר אייך, קען, אַ דאַנק דער קמיע, וואָס מען האָט צוגע'גנב'ט פֿון די כחות פֿון דער ערד, צונעהמען דעם בלויען פֿויגעל און דערמיט אַרויסרייסען פֿון אונז דעם סוד, וועלכען מיר האָבען בעהאַלטען זינט דעם אָנפֿאַנג פֿון דעם לעבען... מיר קענען גענוג גוט דעם מענשען און ס'קען ביי אונז גאָר קיין צווייפֿעל ניט זיין וועגען דעם שיקזאַל, וואָס ער בעהאַלט פֿאַר אונז קוים וועט ער בעזיצען דעם סוד. אָט דערפֿאַר דוכט זיך מיר, אַז יעדע אונענטשלאָסענהייט וועט זיין נאַריש און פֿערברעכעריש... ס'איז אַנ'ערנסטער מאָמענט; דאָס קינד מוז פֿערשווינדען איידער ס'איז נאָך צו שפּעט!...

טילטיל. וואָס זאָגט ער?

דער הונד (אַרומדרעהענדיג זיך אַרום דעם דעמב און צייגענדיג איהם זיינע צייהנער). דו זעהסט מיינע צייהנער, דו אַלטער קריפּעל, דו ?...

דער בוכע־בוים (אויפֿגערעגט). ער בעליידיגט דעם דעמב!...

דער דעמב. איז דאָס דער הונד ?... טרייבט איהם אַרוים! מיר טאָרען ניט דולדען קיין פֿעררעטהער צווישען אונז!...

די קאַץ (אין אַ זייט צו טילטיל'ן). שיקט אַוועק דעם הונד... ס'איז אַ מיספֿערשטענדנים... פֿערלאָזט אייך אויף מיר; איך וועל שוין אַלעס רעכט מאַכען... אָבער שיקט איהם אַוועק גיך ווי איהר קענט נאָר...

טילטיל. דו וועסט אַוועק געהן פֿון דאַנען ?...

דער הונד. לאָמיך צורייסען די מאָך פֿאַנטאָפֿעל פֿון דעם

וואָס כ'האָב אייך בעאונרוהיגט; די קאַץ האָט מיר געזאָגט, אַז איהר וועט מיר זאָגען, וואו דער בלויער פויגעל געפינט זיך...

דער דעמב. יאָ, איך וויים, אַז דו זוכסט דעם בלויען פויגעל, דאָס הייסט, דעם גרויסען סוד פון די זאַכען און פון דאָס גליק, אום דער מענש זאָל קענען מאַכען אונזער שקלאַפעריי נאָך גרעסער...

טילטיל. אָה, ניין, מיין העהר; כ'דאַרף איהם פאַר דער קליינער טאָכטער פון דער צויבערין בערילון, וועלכע איז זעהר קראַנק...

דער דעמב (מאַכט איהם שווייגען מיט אַ בעוועגונג). גענוג!... איך הער ניט די חיות... וואו זיינען זיי?... דאָס אַלעס אינטערעסירט זיי גראַדע ווי אונז... מיר, די בוימער, טאָרען אויף זיך ניט נעהמען די גאַנצע פעראַנטוואָרטליכקייט פון די שטרענגע מאַסרעגלען, וועלכע זיינען געוואָרען נויטווענדיג... אין דעם טאָג ווען די מענשען וועלען ערפאַהרען, אַז מיר האָבען געטהון, דאָס וואָס מיר האָבען ברעה צו טהון, דאַן וועלען פאָרקומען שרעקליכע מעשים פון געגען־געוואַלט... ס'איז דערפאַר נייטיג, אַז אונזער אָבמאַך זאָל זיין מיט דער איינשטימונג פון אַלע און אונזער שווייגען זאָל אויך זיין דאָס זעלבע...

דער טאַנע־בוים (אַריבערקוקענדיג איבער אַלע אַנדערע בוימער). די חיות קומען... זיי פאָלגען נאָך דעם קראָליק... אָט זיינען די נשמות פון'ם פערד, פון'ם שטיער אָקס, פון'ם אָקס, פון דער קוה, פון'ם וואָלף, פון דער שאָף, פון'ם חזיר, פון'ם האָהן, פון דער ציג, פון'ם עזעל און פון דעם בער...

(עס קומען אַריין די נשמות פון די חיות, זיי קומען אין דער רייהע, ווי דער טאַנע-בוים רעכענט אויס זייערע נעמען און זיי זעצען זיך אַנידער נעבען די בוימער; מיט דער אויסנאַהמע פון דער ציג, וועלכע בראָדזשעט אַרום אַהער און אַהין, און פון דעם חזיר, וועלכער גראָבט מיט דער נאָז צווישען די וואָרצלען.)

דער דעמב. זיינען אַלע דאָ אַנוועזענד?...

דער קראָליק. די הוהן האָט ניט געקענט איבערלאָזען

בין זיכער אַז ער איבערטרייבט... הערט זיך צו, ער וועט אונז דערצעהלען אַלעס, אין וואָס ס'האַנדעלט זיך...

(דער דעמב קומט לאַנגזאַם צו. ער איז אויסערגעוועהנליך אַלט, בעקרוינט מיט געוועקס און אָנגעטהאָן אין אַ לאַנגען גרינעם מאַנטעל מיט אַ זוים פֿון מאָך. ער איז בלינד; זיין ווייסע באָרד שוועבט דורך דעם ווינד. מיט איין האַנד שטיצט ער זיך אויף אַ גראָבען געדרעהטען שטעקען און מיט דער אַנדערער האַנד אויף אַ יונגען דעמבאָוועץ בוימעל, וועלכער דינט איהם אַלס וועג-ווייזער. דער בלויער פֿויגעל שטעהט אויף זיין אַקסעל, ביי זיין צוקומען שטעלען זיך אַלע בוימער אין אַ גלייכער רייהע און זיי בויגען זיך מיט גרויס דרך ארץ.)

טילטיל. ער האָט דעם בלויען פֿויגעל!... שנעל! שנעל!... אָט איז ער!... גיט איהם מיר!...

די בוימער. שאַ, שטיל!...

די קאַץ (צו טילטיל'ן). נעהמט אַראָב דאָס היטעל, ס'איז דער דעמב!...

דער דעמב (צו טילטיל'ן). ווער ביזטו?...

טילטיל. טילטיל, הערר... ווען קען איך בעקומען דעם בלויען פֿויגעל?...

דער דעמב. טילטיל, דעם האָלץ־האַקערס זוהן?...

טילטיל. יאָ, הערר!...

דער דעמב. דיין פֿאָטער האָט אונז אַזוי פֿיעל שלעכטעס געטהון... אין מיין פֿאַמיליע אַליין, האָט ער דער'הרג'עט זעקס הונדערט פֿון מיינע זיהן, פֿיער הונדערט זיבען און צוואַנציג פֿעטערס און מוהמעס, צוועלף הונדערט קאָזינס פֿוןביידע געשלעכטער, דריי הונדערט און אַכציג שנירס און צוועלף־טויזענד אור-אייניקלאַך!...

טילטיל. כ'ווייס גאָר ניט דערפֿון, מיין הערר... ער האָט דאָס ניט געטהון מיט אַבזיכט...

דער דעמב. נאָך וואָס ביזטו אַהער געקומען; און וואָרום האָסטו אַרויסגעלאָזען אונזערע נשמות פֿון זייערע קערפּערס?...

טילטיל. איך בעט אייך ענטשולדיגונג, מיין הערר, פֿאַר דעם

דער פּאַפּעל בוים (לויפֿענדיג דער ערשטער און שרייענדיג אויף דעם העכסטען טאָן). מענשען!... קליינע מענשען!... מיר וועלען קענען מיט זיי ריידען! ס'איז אַ סוף צום שווייגען!... אַ סוף דערצו... פֿון וואַנען קומען זיי?... ווער זיינען זיי? וואָס זיינען זיי?... (צום לינדע-בוים, וועלכער קומט רוהיג רויכערענדיג זיין לולקע) קענסטו זיי, פֿאָטער לינדע־בוים?...

דער לינדע־בוים. איך דערמאָהן זיך ניט, אַז איך זאָל זיי האָבען אַמאָל געזעהן...

דער פּאַפּעל־בוים. אָבער דאָך, אָבער דאָך!... דו קענסט אַלע מענשען, דו הענגסט שטענדיג איבער זייערע הייזער...

דער לינדע־בוים (בעטראַכטענדיג די קינדער). אָבער ניין, איך פֿערזיכער דיך... איך קען זיי ניט... זיי זיינען נאָך צו יונג... איך קען נאָר גוט די ליעבהאָבער, וועלכע קומען מיך זעהן ביי דער ליכט פֿון דער לבנה; און די שכורים וועלכע טרינקען זייער ביער אונטער מיינע צווייגען...

דער קאַסטאַניען־בוים. (קאָקעטיש, אָנטוהענדיג זיך זיין אויג-גלאָז). ווער זיינען זיי, אָט די דאָ?... זיינען זיי בעטלער פֿון דעם דאָרף?...

דער פּאַפּעל בוים. אָה! איהר הערר קאַסטאַניען־בוים, זינט איהר צייגט אייך ניט, סיידען אין די בולעוואַרדען פֿון די גרויסע שטעדט...

דער ווייערבע־בוים (קומט הינקענדיג אָנגעטהאָן אין אַ פּאָר הילצערנע שיך). מיין גאָט, מיין גאָט!... זיי זיינען געקומען אַראָבצושניידען מיין קאָפּ און מיינע אָרמס, אום ווידער צו מאַכען בינטלאַך ריטער!...

דער פּאַפּעל־בוים. שאַ!... אָט איז דער דעמב, ער פֿערלאָזט זיין פּאַלאַץ... ער זעהט אויס זעהר גוט; היינט אָבענד... דענקט איהר ניט, אַז ער ווערט זעהר אַלט?... ווי אַלט קען ער זיין?... דער טאַנע־בוים זאָגט, אַז ער איז פֿיער טויזענד יאָהר, אָבער איך

דער הונד. איך מוז דיך איצט קושען, ווייל דו האָסט מיך געשלאָגען!... (ער אומאַרעמט טילטיל'ן און קושט איהם ליידענשאַפטליך.)

טילטיל. האַלט... ס'איז גענוג... געה!...

מיטיל. ניין, ניין; איך וויל, אַז ער זאָל בלייבען... איך שרעק זיך פאַר אַלעם ווען ער איז ניטאָ...

דער הונד (שפרינגענדיג וואַרפט ער שיעור ניט אום מיטיל'ן, וועלכע ער בעדעקט מיט פיעלע ליידענשאַפטליכע קושען). אַך, די טהייערע קליינע מיידעלע!... ווי שעהן זי איז, ווי זיס זי איז!... איך מוז זי קושען!... נאָך אַ מאָל! נאָך אַ מאָל! נאָך אַ מאָל!...

די קאַץ. ס'אַראַ אידיאָט!... גוט, מיר וועלען זעהן... לאָמיר ניט פערליערען קיין צייט... גיט אַ דרעה דעם דימענט...

טילטיל. וואו זאָל איך זיך שטעלען?...

די קאַץ. אין דעם לבנה־שטראַהל; איהר וועט פון דאַנען בעסער זעהן... אַזוי, גיט אַ לייכטען דרעה!...

(טילטיל דרעהט דעם דימענט. אַ לאַנגער רוישענדער ציטער טרעסעלט אויף די בלעטער און די צווייגען. די עלטסטע און גרעסטע קערפער פון בוימער עפענען זיך אַרויסצולאָזען די נשמה, וואָס יעדער פון זיי ענטהאַלט. דאָס ערשיינען פון די נשמות איז פערשיעדענאַרטיג לויט דער ערשיינונג פון די כאַראַקטערע פון די בוימער, וואָס זיי פערטרעטען. די נשמה פון'ם אולם, למשל, איז אַ מין געשוואָלענער, גראָב-בייכיגער אומעדיגער ערד-גייסט; די פון דער לינדע איז מילד, פריינדליך און פרעהליך; די פון דער בוכע, עלע-גאַנט און לעבעדיג; די פון דער בירקע, ווייס, צוריקגעצויגען און אויפגע-רעגט; די פון דער ווייערבע, געקריפעלט, מיט צושויבערטע האָר און קלאָ-געדיג; די פון דער טאַנע, הויך, דאַר און שטיל; די פון דער ציפרעס, טראַגיש; די פון דער קאַסטאַניע, שטאָלץ און אַביסעל פראַנט-מעסיג; די פון דער פאַפעל, לוסטיג, אָפענהערציג און ריידעוודיג. איינִיגע געהען אַרויס לאַנגזאַם פון זייערע בוימער, אויסציהענדיג זיך פויל, ווי גלייך זיי וואָלטען געווען פערשפאַרט, אָדער זיי וואָלטען געשלאָפען יאָהר-הונדערטע לאַנג; אַנדערע לויפען אַרויס שנעל און טהעטיג; אַלע קומען און שטעלען זיך אין אַ קרייז אַרום די צוויי קינדער, בלייבענדיג אָבער נאָהענט צו דעם בוים, אין וועלכען יעדע פון זיי איז געבוירען געוואָרען.)

אויסגעצייכענט. מיר ווע͏לען האָבען דעם בלויען פֿויגעל היינט ביי נאַכט, איך בין עס זיכער... איך האָב נאָר וואָס געשיקט דעם קראָליק צוּ קלאַפּען אין דער פּויק, אום איינצורופֿען די וויכטיגסטע חיות פֿון דעם געגענד... איהר קענט זיי שוין הערען צווישען די בוימלאַך... הערט!... זיי זיינען אַביסעל שרעקעדיג און זיי וואַגען ניט זיך צוּ דערנעהנטערען... (עס הערט זיך דאָס ברומען פֿון פֿערשיעדענע חיות ווי פֿון קוהען, חזרים, פֿערד, אייזלען און אַנדערע, די קאַץ נעהמט אַוועק טילטיל'ן אין אַ זייט.) אָבער נאָך וואָס האָט איהר מיטגעבראַכט דעם הונד?... איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז ער איז אין שלעכטע בעציהונגען מיט דער גאַנצער וועלט, אפילו מיט די בוימער... איך האָב שטאַרק מורא דאָס זיין אָבשטויסענדע אַנוועזענהייט וועט אַלעם איבערפֿיה־רען...

טילטיל. כ'האָב ניט געקענט פֿון איהם פּטור ווערען... (צו דעם הונד סטראַשענדיג איהם.) אַוועק פֿון דאַנען דוּ העסליכעס בעשעפֿעניש!...

דער הונד. ווער?... איך?... פֿאַר וואָס?... וואָס האָב איך דען געטהאָן?...

טילטיל. כ'זאָג דיר געה אַוועק פֿון דאַנען!... מיר דאַרפֿען דיך דאָ ניט האָבען, דאָס איז גאַנץ קלאָהר און איינפֿאַך... דוּ ביזט אַ שטערונג צוּ אונזער ציעל!...

דער הונד. איך וועל ניט רעדען קיין וואָרט... איך וועל זיך האַלטען פֿון דערווייטען... זיי ווע͏לען מיך ניט זעהן... איך וועל גאָר ניט קאַליע מאַכען...

די קאַץ (צו טילטיל'ן). איהר ערלויבט די אונגעהאָרכזאַמ־קייט?... גיט איהם עטליכע קלעפּ מיט'ן שטעקען איבער דער נאָז, ער איז ווירקליך אונערטרעגליך!...

טילטיל (שלאָגענדיג דעם הונד). נאַ דיר, דאָס וועט דיך לעהרנען צוּ זיין מעהר געהאָרכזאַם!...

דער הונד (בילענדיג). האַוּ! האַוּ! האַוּ!...

טילטיל. וואָס זאָגסטוּ?...

העלפֿט אייך ניט מעהר?... שטענדיג אַלץ מיט דעם רעאומאַטיזם?... גלויבט מיר, דאָס איז דורך דעם מאָך; איהר לעגט אָן צופֿיעל אויף אייערע פֿים... איז דער בלויער פֿויגעל נאָך אַלץ מיט אייך?... (אַ מורמלען אין די בלעטער פֿון דעם דעמב.) וואָס זאָגט איהר?... יאָ, עס דאַרף קיין שום אָבהאַלט ניט זיין; מיר מוזען אויסנוצען די ערשטע געלעגענהייט און זעהן, אַז ער זאָל פֿערשווינדען... (אַ מורמלען אין די בלעטער.) איך דערהער ניט?... אָה, יאָ, ער איז מיט זיין קליינער שוועסטער; זי מוז אויך שטאַרבען... (אַ מורמלען אין די בלעטער.) יאָ, זיי האָבען דעם הונד אויך מיט זיך; ס'איז אונמעגליך איהם צו דערווייטערען... (אַ מורמלען אין די בלעטער.) וואָס זאָגט איהר?... איהם בעשטעכען?... אונמעגליך!... איך האָב שוין אַלעס אויספּרו-בירט... (אַ מורמלען אין די בלעטער.) אַך, איהר זיינט עס, טאַנעבוים?... יאָ, מאַכט גרייט אייערע ברעטער... יאָ, פֿייער, צוקער, וואַסער, און ברויט זיינען אויך דאָ... זיי זיינען אַלע אויף אונזער זייט, אַ חוץ ברויט, וועלכער איז צווייפֿעלהאַפֿט... די ליכט אַליין איז אויף דעם מענשענס צד; אָבער זי וועט ניט קומען... איך האָב איינגערעדט די קינדער, אַז זיי זאָלען זיך אַוועקגנב'נען בשעת זי שלאָפֿט... ס'איז קיינמאָל ניט געווען אַזאַ געלעגענהייט... (אַ מורמלען אין די בלעטער.) אַך, דאָס איז די שטימע פֿון דער בוכע!... יאָ, איהר זיינט גערעכט; מיר מוזען צו וויסען טהון די חיות... האָט דער קראָליק זיין פויק און איז ער אויף אייער צד?... גוט, זאָל ער תיכף אַלע איינרופֿען... אָט זיינען זיי!...

(עס הערט זיך דאָס קלאַפּען אין דער פויק פֿון דעם קראָליק, וואָס פֿער-שווינדט אַלץ ווייטער און ווייטער. עס קומען אַריין טילטיל, מיטיל און דער הונד.)

טילטיל. דאָ זאָל עס זיין?...

די קאַץ (אונטערוואָרפֿען, מיט חניפה, איילענדיג, לויפֿט אַקעגען די קינדער). אַך! איהר זיינט עס, מיין קליינער העררּ!... ווי שעהן און פרעכטיג איהר זעהט אויס היינט אָבענד!... איך בין געלאָפֿען פֿאַר אייך, מיטצוטהיילען, אַז איהר קומט... אַלעס געהט צו

## פינפטעס בילד.

### דער וואַלד.

אַ וואַלד, ס'איז ביי נאַכט, די לבנה שיינט, אַלטע בוימער פֿון פֿערשיעדענע מינים, צווישען וועלכע עס בעמערקען זיך בעזונדער אַ דעמב, אַ בוכע, אַ אולם, אַ פּאפּעל, אַ טאַנע, אַ ציפּרעס, אַ לינדע, אַ קאַסטאַניען, און אַנדערע. (די קאַץ קומט אַריין.)

די קאַץ (בויגענדיג זיך פֿאַר די בוימער אַרום). זייט בעגריסט איהר אַלע בוימער!...

די בוימער (מורמלענדיג מיט זייערע בלעטער). זיי בעגריסט!...

די קאַץ. דאָס איז אַ גרויסער טאָג, אַ טאָג צווישען טעג!... אונזער שונא קומט, פֿריי צו מאַכען אייערע כחות און זיך אַליין אי־בערגעבען אין אייערע הענד... ס'איז טילטיל, דער זוהן פֿון דעם האָלץ־האַקער, וועלכער האָט אייך אַזוי פֿיעל רעות געטהון... ער זוכט דעם בלויען פֿויגעל, וועלכען איהר האָט בעהאַלטען פֿאַר דעם מענשען זינט דעם אָנפֿאַנג פֿון דער וועלט, און וועלכער אַליין וויים אונזערע סודות... (אַ מורמלען אין די בלעטער.) איהר זאָגט עפּעס?... אַך, ס'איז דער פּאפּעל-בוים!... יאָ, ער בעזיצט אַ דימענט, וועלכער האָט די מאַכט צו בעפֿרייען אונזערע גייסטער אויף אַ ווײלע; ער קען אונז צווינגען איבערצוגעבען דעם בלויען פֿויגעל און מיר וועלען נאַכהער זיין פֿאָלקאָמען אונטערוואָרפֿען אונטער דעם מענשענס ווי־לען... (אַ מורמלען אין די בלעטער.) ווער רעדט דאָ?... אַך! ס'איז דער דעמב... וואָס מאַכט איהר?... (אַ מורמלען אין די בלעטער פֿון ־עם דעמב.) איהר האָט נאָך אַלץ דעם קאַטער?... די לאַקריץ זאַפֿט

פײגעל, װעלכע זײ האָבען געכאַפּט. אָבער נאָך פֿון פֿריהער האָבען די פֿײגעל אָנגעפֿאַנגען אָבשטאַרבען, זײערע קעפּלאַך און פֿליגעלאַך הענגען אַראָב און זײ זײנען אין זײערע הענד אומבעװעגליכע טױטע קערפּער.)

די ליכט. נו גוט, האָט איהר איהם געכאַפּט?...

טילטיל. יאָ, יאָ!... װיפֿיעל מיר דאַרפֿען נאָר!... עס זײנען דאָ טױזענדער פֿון זײ!... אָט זײנען זײ!... דו זעהסט זײ?... (קוקענדיג צו די פֿײגעל, װעלכע ער צײגט צו דער ליכט און בעמערקענדיג, אַז זײ זײנען טױט.) האַ!... זײ לעבען ניט מעהר!... װאָס האָט מען זײ געטהון?... דײנע אױך, מיטיל?... און טילאָ׳ס אױך?... (אַראָבװאַרפֿענדיג געערגערט די טױטע קערפּערס פֿון די פֿײגעל.) אַך, דאָס איז אַזױ גרױזאַם?... װער האָט זײ דער׳הרג׳עט?... איך בין אַזױ אומגליקליך!... (ער בעהאַלט זײן קאָפּ אין זײנע הענד און זײן גאַנצער קערפּער ציטערט פֿון שלוכצען.)

די ליכט (אומאַרעמט איהם מוטערליך אין איהרע אַרעמס). װײן ניט מײן קינד... דו האָסט ניט געכאַפּט דעם װאָס איז פֿעהיג צו לעבען אין דער ליכט פֿון טאָג... ער איז אַװעק ערגעץ אַנדערש... מיר װעלען איהם װידער געפֿינען...

דער הונד. (קוקענדיג צו די טױטע פֿײגעל). זײנען זײ גוט צו עסען?...

(זײ געהען אַלע אָב לינקס.)

מיטיל!... קום, טילאָ!... קומט אַלע!... העלפּט מיר!... (פאָרענדיג זיך צווישען די פייגעל.) מען קען זיי כאַפּען זשעמעניעווייז!... זיי זיינען ניט שרעקעדיג!... זיי האָבען ניט מורא פאַר אונז!... אָט דאָ! אָט דאָ!... (מיטיל און די אַנדערע קומען צולויפען. זיי געהען אַלע אַריין אין דעם גלענ-צענדען גאָרטען, אַ חוץ די נאַכט און די קאַץ.) איהר זעהט!... ס'זיינען דאָ צו פיעל פון זיי!... זיי פליהען אַריין אין מיינע הענד!... קוקט, זיי עסען לבנה-שטראַהלען!... מיטיל, וואו ביזטו?... עס זיינען דאָ אַזוי פיעל בלויע פליגעלאַך, אַזוי פיעל פעדערען פאַלען אַראָב, אַז מען קען זיך גאָר ניט קימערן אין זיי!... בייס זיי ניט, טילאָ!... טהו זיי קיין שלעכטעס ניט!... נעהם זיי זעהר זאַנפט!...

מיטיל (בעדעקט מיט בלויע פייגעל). איך האָב שוין געכאַפּט זיבען!... אַך, ווי זיי פאָכטען מיט די פליגעלאַך!... איך קען זיי ניט איינהאַלטען!...

טילטיל. כ'קען אויך ניט!... כ'האָב צו פיעל פון זיי! זיי פליהען אַוועק!... זיי קומען צוריק!... טילאָ האָט אויך איינינע!... זיי וועלען אונז מיטרייסען מיט זיך!... זיי וועלען אונז אַרויפנעהמען צו דעם הימעל!... שנעל, לאָמיר אַוועקגעהן דאָ-אַרום!... ליכט וואַרט אויף אונז!... ווי צופרידען זי וועט זיין!... אָט דאָ-אַרום, אָט דאָ-אַרום!...

(זיי לויפען אַרויס פון'ם גאָרטען מיט די הענד פול מיט פון קעמפּפענדע פייגעלאַך, זיי געהען דורך די גאַנצע זאַאַל אין אַ ווילדען שוועבען פון בלויע פליגעלאַך, זיי געהען אָב רעכטס דורך דער טהיר, דורך וועלכער זיי זיינען אַריינגעקומען, נאָכגעפאָלגט פון ברויט און צוקער, וועלכע האָבען ניט געכאַפּט קיין פייגעל. די נאַכט און די קאַץ בלייבענדיג אַליין, קעהרען זיך צוריק אויף דער ביהנע און זיי קוקען אַריין מיט אַנגסט אין דעם גאָרטען.)

די נאַכט. האָבען זיי איהם ניט?...

די קאַץ. ניין... איך זעה איהם דאָרט אויף דעם לבנה-שטראַהל... זיי האָבען איהם ניט געקענט גרייכען, ער איז געווען צו הויך...

(דער פאָהראַנג לאָזט זיך אַראָב. תיכף נאָכהער ערשיינען, פאַר דעם אַראָב-געלאָזענעם פאָהראַנג, אין איינער און דער זעלבער צייט, ליכט פון לינקס און טילטיל, מיטיל און דער הונד פון רעכטס; זיי לויפען בעדעקט פון די

די נאַכט. רעטעט אייער לעבען!... קומט שנעל!... ס'איז נאָך צייט... (זי אַנטלויפֿט.)

ברויט (אַנטלויפֿענדיג ווילד). ווייניגסטענס וואַרט ביז מיר וועלען זיין ביי דער ענדע פֿון דעם זאַאַל!...

די קאַץ (אויך לויפֿענדיג). וואַרט! וואַרט!...

(זיי בעהאַלטען זיך הינטער די זיילען ביי דער צווייטער ענדע פֿון דעם זאַאַל. טילטיל בלייבט אַליין מיט דעם הונד ביי דער מאָנומענט מעסיגער טהיר.)

דער הונד. (מיט האַרץ-קלאַפּעניש און שלוכצענדיג דורך אַן אונטערדריקטער שרעק). איך וועל בלייבען, איך בלייב!... איך האָב ניט מורא!... איך בלייב... איך בלייב מיט מיין קליינעם גאָט!... איך בלייב!... איך בלייב!...

טילטיל. (גלעטענדיג דעם הונד). ס'איז גוט אַזוי, טילא, ס'איז גוט אַזוי!... קוש מיר... מירביידע זיינען צוויי... און איצט לאָמיר זיך שטאַרקען! (ער לעגט אַריין דעם שליסעל און לאָך... אַ קוויטש פֿון אומרוהיגקייט הערט זיך פֿון דעם אַנדערען עק פֿון זאַאַל, וואו די אַנטלאָפֿענע האָבען זיך בעהאַלטען. דער שליסעל האָט נאָך ניט רעכט אָנגעריהרט די טהיר, ווען איהרע לאַנגע און ברייטע פֿליגעל צונעהמען זיך אין מיטען, פֿעררוקען זיך אין אַ זייט און פֿערשווינדען אין ביידע זייטען אין דער דיקקייט פֿון די ווענד, מאַכענדיג פֿריי דאָס פלוצלינגע ערשיינען פֿון אַן אונערוואַרטעטען גאָרטען, וואָס איז אונווירקליך, אונענדליך, אונאויסדריקליך, ס'איז אַ חלום-גאָרטען, געבאָדען אין אַ נאַכטליכער ליכט, וואו צווישען שטערן און פלאַנעטען וועלכע בעלייכטען אַלעם וואָס זיי בעריהרען, אַרומפֿליהענדיג אָהן אַן אויפֿהער פֿון איין עדעלשטיין צו אַ צווייטען עדעלשטיין און פֿון איין לבנה-שטראַהל צו אַ צווייטען לבנה-שטראַהל, שוועבען האַרמאָניש בלויע פֿויגעל, וועלכע זעהען אויס ווי בעצויבערט, ביז אַראָב צו די ברעגעס פֿון דעם האָריזאָנט, די פֿויגעל זיינען צאָהל-לאָז ביז צו דעם פונקט וואָס שיינט צו זיין דער ברעג, די אַטמאָספֿערע איז בלוויליך, דאָס איז דער סובסטאַנץ פֿון דעם וואונדערבאַרען גאָרטען. טילטיל, פֿערבלענדעט, פֿערווירט, שטעהענדיג אין דער ליכט פֿון דעם גאָרטען.) אַך!... הימעל!... (אומקעהרענדיג זיך צו די, וועלכע זיינען אַנטלאָפֿען.) קומט שנעל!... אָט דאָ זיינען זיי!... זיי זיינען עס, זיי זיינען עס, זיי זיינען עס... ענדליך האָבען מיר זיי!... טויזענדער בלויע פֿייגעל!... מיליאָנען!... טויזענדער מיליאָנען!... עס זיינען שוין דאָ צו פֿיעל!... קום,

זיך פֿון דיין וואונש, געה ניט ווייטער, פּרוביר ניט דעם שיקזאַל, עפֿען ניט יענע טהיר...

טילטיל (אַביסעל דערשראָקען). אָבער פֿאַר וואָס?...

די נאַכט. ווייל איך וויל ניט, אַז דו זאָלסט פֿערלוירען געהן... ווייל קיין איינציגער ניט פֿון די, דו הערסט, קיין איינציגער פֿון די, וועלכע האָבען געעפֿענט די טהיר, אפילו נאָר אויף אַזוי פֿיעל ווי אַ האָר איז ברייט, האָט זיך מעהר ניט צוריקגעקעהרט צום לעבען, און צו דער ליכט פֿון'ם טאָג... ווייל יעדע שרעקליכע זאַך, וואָס מען קען זיך פֿאָרשטעלען, ווייל אַלע גרויזאַמקייטען, אַלע שוידערליכ־קייטען, פֿון וועלכע מענשען רעדען אויף דער ערד, זיינען גאָר ניט אין פֿערגלייך מיט די קלענסטע און אונשעדליכסטע פֿון די, וועלכע בעפֿאַלען דעם מענשען פֿון דער מינוט אָן, ווען זיינע אויגען דער־זעהן די ערשטע דראָהונגען פֿון דעם אָבגרונד, וועלכען קיינער וואַגט ניט אַ נאָמען צו געבען... אויף אַזוי פֿיעל, אַז אויב דו ביזט געצוואונגען, טראָץ אַלצדינג, צו עפֿענען די טהיר, וועל איך דיך בעטען צו וואַרטען ביז איך וועל זיך בעהאַלטען אין מיין פֿענסטער־לאָזען טהורם... איצט בלייבט עס פֿאַר דיר נאָכצודענקען, פֿאַר דיר צו בעשטימען...

(מיטיל, דערטרונקען אין טרעהרען לאָזט אַרויס געשרייען פֿון אַנ'אונאויסדריק־ליכען שרעק און זי זוכט אַוועקצושלעפען טילטיל'ן.)

ברויט (קלאַפּענדיג אַ צאָהן אין אַ צאָהן). טהוט עס ניט, מיין קליינער הערר!... (קניהענדיג פֿאַר איהם.) האָט רחמנות אויף אונז!... איך בעט אייך אויף מיינע קניהען... איהר זעהט דאָך, אַז די נאַכט האָט רעכט...

די קאַץ. איהר אָפּפֿערט די לעבענס פֿון אונז אַלע...

טילטיל. כ'מוז עפֿענען די טהיר...

מיטיל (קלאַפּענדיג מיט די פֿיס, און וויינענדיג). איך וויל ניט!... איך וויל ניט!...

טילטיל. צוקער און ברויט, נעהמט מיטיל'ן ביי דער האַנד און אַנטלויפֿט מיט איהר... כ'וועל עפֿענען די טהיר...

טילטיל. און ווי גוט זיי טאַנצען!...

מיטיל. און ווי זיס זיי שמעקען!...

טילטיל. און ווי שעהן זיי זינגען!...

מיטיל. ווער זיינען די, וועלכע מען קען קוים זעהן?...

די נאַכט. עס זיינען די פאַרפֿומען פֿון מיין שאטען...

טילטיל. און די אַנדערע, יענע פֿון דאָרט, אין געשפינטטען גלאָז?...

די נאַכט. זיי זיינען דער טוי אויף די פֿעלדער און פֿון די וועלדער... אָבער גענוג!... זיי וואָלטען דאָס קיין מאָל ניט געטהון!... ס'איז נאָר דעם טייפֿעלס אַרבייט זיי צוריקצוטרייבען נאָך דעם וואָס זיי פֿאַנגען אָן טאַנצען... (געבענדיג אַ קלאַפּ מיט די הענד). שנעל שטערען!... איצט איז ניט קיין צייט צו טאַנצען... דער הימעל איז בעדעקט מיט דיקע וואָלקענס... קומט, שנעל, צוריק אַריין, אויב ניט וועל איך נעהמען צו אייך אַ שטראַהל פֿון דער זונן... (די שטערען, די פאַרפֿומען און די אַנדערע, פֿאַנגען אָן לויפֿען און געהן צוריק אין דער הייל; די טהיר פֿערשליסט זיך נאָך זיי. אין דער זעלבער צייט הערט אויף דאָס געזאַנג פֿון דער נאַכטיגאַל.)

טילטיל (געהענדיג צו דער טהיר פֿון הינטערגרונד). דאָס איז די גרעסטע מיטעלסטע טהיר...

די נאַכט (ערענסט). עפֿען ניט די טהיר...

טילטיל. פֿאַר וואָס ניט?...

די נאַכט. ווייל ס'איז פֿערבאָטען...

טילטיל. דאַן איז דאָ דאָס פּלאַץ, וואו דער בלויער פֿויגעל איז בעהאַלטען; די ליכט האָט עס מיר געזאָגט...

די נאַכט (מוטערליך). הער מיך אויס, מיין קינד... איך בין געוועזען גוט און איבערגעבען... איך האָב געטהון פֿאַר דיר, וואָס איך האָב קיין מאָל ניט געטהון פֿאַר קיינעם פֿריהער... איך האָב דיר אַרויסגעגעבען אַלע מיינע סודות... איך ליעב דיך, איך האָב רחמנות אויף דיין יוגענד און אונשולד און איך רעד צו דיר ווי אַ מוטער... הער מיך אויס און גלויב מיר, מיין קינד, ענטזאַג

ט י ל ט י ל (צומישט). כ'ווייס ניט, ס'איז געווען שרעקליך... זיי זיינען אַלע געזעסען ווי פורכטזאַמע פערזעהענישע אָהן אויגען... ווער איז געווען דער ריעז, וואָס האָט מיך געוואָלט כאַפּען ?...

ד י נ אַ כ ט. ס'איז וואַהרשיינליך געווען די שטילקייט; זי בעוואַכט די טהיר... עס שיינט, אַז ס'האָט איהר בעאונרוהיגט... דו ביסט זעהר בלייך און דו ציטערסט מיט דעם גאַנצען קערפּער.

ט י ל ט י ל. יאָ, כ'וואָלט עס קיין מאָל ניט געווען געגלויבט... כ'האָב עס קיין מאָל ניט געזעהן... און מיינע הענד זיינען פערפרוירען...

ד י נ אַ כ ט. ס'וועט נאָך ערגער ווערען אויב דו געהסט ווייטער...

ט י ל ט י ל (צוגעהענדיג צו דער נעכסטער טהיר) און אָט דאָ ?... איז עס אויך שרעקליך ?...

ד י נ אַ כ ט. ניין; דאָ איז פאַרהאַן צו ביסלעך פון אַלצדינג... דאָ האַלט איך די אונבעשעפטיגטע שטערען, מיינע פערזענליכע פּערפומען, עטליכע שימערן, ווי די פייער־ווערעמלעך, פייער־פליגע־לעך; איך האָב דאָ אויך דעם טוי, דאָס געזאַנג פון דער נאַכטיגאַל און אַנדערעס...

ט י ל ט י ל. אַזוי, די שטערען, דאָס געזאַנג פון דער נאַכטיגאַל... דאָס מוז זיין די טהיר...

ד י נ אַ כ ט. עפען זי, אויב דו ווילסט; ס'איז ניטאָ זעהר שלעכטעס אינעווענינ...

(טילטיל עפענט ברייט פונאַנדער די טהיר. די שטערען, אין דער פאָרמע פון יונגע שעהנע מיידלאַך, איינגעהילט אין פערשיעדענפאַרביגע שטראַהלען, לויפען אַרויס פון זייער געפענגניס, צושפּרייטען זיך איבער דעם גאַנצען זאַאַל און בילדען חנ'עוודיגע גרופּען אויף די טרעפּען און אַרום די זיילען, איינגעטונקען אין אַ מין ליכטיגען האַלב-שאַטען. די פאַרפומען פון דער נאַכט, וועלכע זיינען כמעט אונזיכטבאַר, די פייערדיגע ווערעמליך און פלי־געלאַך און דער דורכזיכטבאַרער טוי קומען אויך צו זיי, וועהרענד דאָס געזאַנג פון דער נאַכטיגאַל פליסט אַרויס פון דער הייל און פערטרענקט דעם פּאַלאַץ פון דער נאַכט.)

מ י ט י ל (קלאַפּענדיג מיט די הענד פון פרייד). אָה, וואָס פאַר אַ פּרעכטיגע דאַמען!...

ד י  נ אַ כ ט (אויך אַריינקוקענדיג אין דער הייל). נו גוט, שאָטענס, וואָס טהוט איהר דאָרט?... קומט אַרויס אויף אַ ווײַלע און שטרעקט אויס אייערע פּים; ס'וועט אייך טהון גוט... און די שרעקענס אויך... ס'איז ניטאָ פאַר וואָס מורא צו האָבען... (עטליכע שאָטענס און עטליכע שרעקענס, אין דער פאָרמע פון פּרויען, איינגעהילטע, די ערשטע אין שוואַרצע שלייערס און די צווייטע אין גרינע שלייערס, קומען אַרויס ערבאַרעמליך און מאַכען עטליכע טריט ווייטער פון דער הייל; און דאַן דורך אַ בעוועגונג פון טיל-טיל'ן לויפען זיי שנעל צוריק.) קומט, האָט קיין מורא ניט... ס'איז נאָר אַ קינד, ער וועט אייך קיין שלעכטס ניט טהון... (צו טילטיל'ן) זיי זיינען געוואָרען זעהר שרעקעדיג, אַ חוץ די איניגע גרעסערע, וועלכע דו זעהסט הינטען...

ט י ל ט י ל (אַריינקוקענדיג אין דער טיעפקייט פון דער הייל). — אָה, ווי מורא'דיג זיי זיינען!...

ד י  נ אַ כ ט. זיי זיינען געבונדען אין קייטען... זיי זיינען די איינצעלנע, וועלכע שרעקען זיך ניט פאַר דעם מענשען... אָבער פערמאַך די טהיר, זיי וועלען נאָך ווערען מעהר אויפגערעגט...

ט י ל ט י ל (געהענדיג צו דער געכסטער טהיר.) האַלט!... די איז נאָך טונקלער... וואָס איז דאָ פאַרהאַנען?...

ד י  נ אַ כ ט. עס זיינען פאַרהאַנען פערשיעדענע סודות אונטער דער טהיר... אויב דו ווילסט דוקא מעגסטו אויפמאַכען די טהיר אויך... אָבער געה ניט אַריין... זיי זעהר פאָרזיכטיג און לאָמיר זיין גרייט צוריק צו שטופען די טהיר, ווי מיר האָבען געטהון ביי די מלחמות...

ט י ל ט י ל (עפענענדיג די טהיר ביז אין דער העלפט, מיט אונפערגלייבבאַרער פאָרזיכטיגקייט און אַריינשטופענדיג זיין קאָפּ מיט מורא). אַך!... ווי קאַלט ס'איז!... מיינע אויגען שמערצען מיך!... פערמאַך זי שנעל!... שטופּ, אַך, שטופּ! זיי שטופען צוריק!... (די נאַכט, דער הונד, די קאַץ און צוקער, שטופען צוריק די טהיר) אָה! איך האָב געזעהן!...

ד י  נ אַ כ ט. וואָס?...

(טילטיל מאַכט אויף כּימ זעהר גרויסע פֿאָרזיכטיגקייט אַ ביסעלע די טהיר, אַז עס ווערט אַ קלײנער שפּאַלט צו װעלכען ער לייגט צו זיין אויג, ער קעהרט זיך תיכף אום מיט דער פּלייצע צו דער טיהר און שרייט.)

טילטיל. שנעל! שנעל!... שטופּט מיט דער גאַנצער קראַפֿט... זיי האָבען מיך געזעהן!... זיי קומען אַלע!... זיי צובּרע־כען אַלע די טהיר!...

די נאַכט. קומט, אַלע צוזאַמען!... שטופּט שטאַרק!... ברויט, וואָס טהוט איהר?... שטופּט אַלע!... אַך! אָט דאָס איז עס!... זיי לאָזען נאָך!... ס'איז שוין געווען די העכסטע צייט!... האָסטו זיי געזעהן?...

טילטיל. יאָ, יאָ!... זיי זיינען ריעזען־גרויס און שרעק־ליך!... כ'גלויב ניט, אַז זיי זאָלען האָבען דעם בלויען פֿויגעל...

די נאַכט. דו קענסט זיכער זיין, אַז זיי האָבען איהם ניט... ווען זיי זאָלען איהם האָבען וואָלטען זיי איהם תיכף אויפֿגע־געסען... נו גוט, האָסטו שוין געהאַט גענוג?... דו זעהסט דאָך גוט, אַז מען קען גאָר ניט טהון...

טילטיל. איך מוז אַלצדינג זעהן... די ליכט האָט גע־הייסען...

די נאַכט. די ליכט האָט געהייסען!... ס'איז זעהר גרינג צו הייסען, ווען מען איז אַליין שרעקעדיג און מען זיצט אין דער היים...

טילטיל. לאָמיר געהן צו דער נעכסטער טהיר... וואָס איז דאָ פֿאַרהאַן?...

די נאַכט. אָט דאָ האַלט איך פֿערשלאָסען די שאָטענס און די שרעקען...

טילטיל. קען איך עפֿענען די טהיר?...

די נאַכט. געוויס... זיי זיינען שטיל און רוהיג; זיי זיינען ווי די קראַנקהייטען...

טילטיל (עפֿענענדיג ביז אין דער העלפֿט די טהיר, מיט אַ געוויסער אונצוטרויליכקייט, און אַריינקוקענדיג אין דער הייל). זיינען זיי ניטאָ דאָרט?...

דער מענש פֿיהרט אָן, זינט אַ צייט, אַן ענטשלאָסענע מלחמה געגען זיי!... איבערהויפּט זינט מען האָט ענטדעקט די מיקראָבען... עפּען, און דו וועסט זעהן...

(טילטיל עפֿענט ברייט פֿונאַנדער די טהיר, קיין זאַך ערשיינט ניט.)

טילטיל. קומען זיי ניט אַרויס?

די נאַכט. איך האָב דיר געזאָגט, אַז זיי זיינען אַלע זעהר ליידענד, און זעהר ענטמוטהיגט... די דאָקטוירים זיינען אַלע שלעכט צו זיי... געה אַריין אויף אַ ווייִלע און זעה אַליין...

(טילטיל געהט אַריין אין דער הייל און קומט תיכף צוריק אַרויס.)

טילטיל. דער בלויער פֿויגעל איז דאָרט ניטאָ... זיי זעהען אויס זעהר קראַנק, די קראַנקהייטען אייערע... זיי האָבען אפילו ניט אויפֿגעהויבען זייערע קעפּ... (אַ קליינע קראַנקהייט אין שטעק שיך, שטוב-קלייד און אַ הויב פֿון בוימוואָהל, לויפֿט אַרויס פֿון דער הייל און פֿאַנגט אָן אַרום שפּרינגען איבער דער זאַאַל.) זעה נאָר!... אָט איז אַ קליינענקע אַרויסגעלאָפֿען... וואָס פֿאַר אַ מין איז זי?

די נאַכט. עט, גאָר ניט, ס'איז איינע פֿון די קליינסטע... ס'איז אַ פֿערקיהלונג אין קאָפּ... ס'איז איינע פֿון די, וועלכע ווערען אַמוועניגסטענס פֿערפֿאָלגט. און זיי זיינען דערפֿאַר מעהר געזונד... (רופֿענדיג די פֿערקיהלונג אין קאָפּ.) קום אַהער מיין קליינענקע... ס'איז צו פֿריה איצט; דו מוזט וואַרטען אויף דעם ווינטער...

(די פֿערקיהלונג אין קאָפּ, ניסענדיג, הוסטענדיג און שנייצענדיג די נאָז, קעהרט זיך צוריק אין דער הייל, און טילטיל פֿערמאַכט די טהיר.)

טילטיל (צוגעהענדיג צו דער נעכסטער טהיר). לאָמיר דאָ אַריינ-קוקען... וואָס איז דאָ פֿאַרהאַנען?...

די נאַכט. זיי פֿאָרזיכטיג!... ס'זיינען די מלחמות... זיי זיינען גרוויזאַמער און מעכטיגער ווי שטענדיג... גאָט ווייסט, וואָס ס'וואָלט געשעהן ווען זיי זאָלען אַנטלויפֿען!... גליקליכערווייזע זיינען זיי שווער און זיי בעוועגען זיך לאַנגזאַם... מיר מוזען אָבער אַלע צוזאַמען זיין גרייט צוריקצושטופּען די טהיר, ווערהענד דו קוקסט אַריין אין דער הייל...

די נאַכט. שנעל! שנעל!... פֿערמאַך די טהיר! זיי וועלען אַלע אַרויסלויפֿען און מיר וועלען קיין מאָל ניט קענען זיי צוריקכאַפּען!... זיי האָבען זיך דאָרט אינעוועניג געלאַנגווייליגט זינט דער מענש האָט אויפֿגעהערט זיי ערענסט צו בעטראַכטען... (זי לויפֿט נאָך די גייסטער און בעמיהט זיך מיט דער הילף פֿון אַ בייטש, געמאַכט פֿון שלאַנגען, זיי צוריק צו טרייבען צו דער טהיר פֿון דעם געפֿענגניס.) העלפֿט מיר!... אָט דאָ!... אָט דאָ!...

טילטיל. (צום הונד). העלף איהר, טילאָ, אויף זיי!...

דער הונד (שפרינגענדיג און בילענדיג). יאָ, יאָ, יאָ!...

טילטיל. און ברויט, וואו איז ברויט?...

ברויט. (אין הינטערגרונד פֿון דעם זאַאל). אָט דאָ... איך בין נעבען דער טהיר אום זיי ניט צו לאָזען אַרויסלויפֿען...

(איינער פֿון די גייסטער לאָזט זיך צו געהן צו יענעם פלאַץ און ער אַנטלויפֿט זעהר שנעל, אַרויסלאָזענדיג געשרייען פֿון שרעק.)

די נאַכט (צו די דריי גייסטער, וועלכע זי האָט אָנגעכאַפּט ביי די קעלנער). אָט דאָ־אַרום, איהר!... (צו טילטיל'ן.) עפֿענט די טהיר אַביסעל... (זי שטופּט אַריין די גייסטער אין דער הייל.) דאָרט, אָט אַזוי... (דער הונד ברענגט נאָך צוויי.) און די צוויי... קומט, שנעל, אַריין מיט זיי!... איהר ווייסט גאַנץ גוט, אַז ס'איז אייך נאָר ערלויבט אַרוים צו געהן אין דעם טאָג פֿון אַלע הייליגע... (זי פֿערמאַכט די טהיר.)

טילטיל (צו געהענדיג צו אַ צווייטער טהיר). וואָס איז פֿאַרהאַן אונטער דער טהיר?...

די נאַכט. נאָך וואָס נוצט דאָס?... איך האָב דיר שוין איין מאָל געזאָגט, אַז דער בלויער פֿויגעל איז קיין מאָל דאָ ניט געוועזען... נאָר אויב דו ווילסט... עפֿען די טהיר, אַז ס'געפֿעלט דיר... דאָרט זיינען די קראַנקהייטען...

טילטיל (מיט דעם שליסעל אין לאָך). מוז איך זיין פֿאָרזיכטיג ביי דער עפֿנונג?...

די נאַכט. ניין, ס'איז ניטאָ פֿאַר וואָס מורא צו האָבען... זיי זיינען זעהר רוהיג, די אָרימע בעשעפֿניסע... זיי זיינען זעהר אונגליקליך...

ב ר ו י ט. מיינע אַלטע יאָהרען, מיין ערפאַהרונג און מיין אי־בערגעבענהייט מאַכען מיך פאַר דעם נאַטירליכען בעשיצער פון די צוויי קינדער; אָט דערפאַר, מאַדאַם נאַכט, ערלויבט מיר אייך צו שטעלען אַ פראַגע...

ד י נ אַ כ ט. פאַר וואָס ניט...

ב ר ו י ט. אין פאַל פון אַ געפאַהר, וואו אַרום קען מען אַנטלויפען?...

ד י נ אַ כ ט. ס'איז ניטאָ קיין וועג צו אַנטלויפען.

ט י ל ט י ל (נעהמט די שליסלען און געהט אַרויף אויף די ערשטע טרעפ). לאָמיר דאָ אָנפאַנגען... וואָס איז פאַרהאַן אונטער דער בראָנזענער טהיר?...

ד י נ אַ כ ט. איך דענק עס זיינען די גייסטער... ס'איז שוין לאַנג זינט איך האָב געעפענט די טהיר און זיי זיינען אַרויסגעקומען...

ט י ל ט י ל (אַריינלעגענדיג דעם שליסעל אין לאָך). כ'וויל זעהן... (צום ברויט.) האָסטו דאָס שטייגעל פאַר'ן בלויען פויגעל?...

ב ר ו י ט (קלאַפענדיג אַ צאָהן אין אַ צאָהן). איך האָב ניט קיין מורא, אָבער דענקט איהר ניט, אַז ס'וואָלט בעסער געווען ניט צו עפענען די טהיר, נאָר אַריינצוקוקען דורך'ן לאָך פון'ם שליסעל?...

ט י ל ט י ל. כ'פערלאַנג ניט אייער עצה...

מ י ט י ל (אָנפאַנגענדיג פלוצלינג צו וויינען). איך האָב מורא!... וואו איז צוקער?... איך וויל געהן אַהיים...

צ ו ק ע ר (דיענסט-פערטיג און העפליך). אָט דאָ פריילין, אָט דאָ בין איך... וויין ניט, איך וועל אָבברעכען איינעם פון מיינע פינגער און דו וועסט האָבען אַ צוקער שטעקעלע...

ט י ל ט י ל. הער אויף דערמיט...

(ער דרעהט איבער דעם שליסעל און עפענט פאָרזיכטיג די טהיר; תיכף לויפען אַרויס פינף אָדער זעקס גייסטער אין פערשיעדענע פאָרמען און זיי פערשפרייטען זיך אין אַלע ווינקעלאַך. מיטיל גיט אַ געשריי פון פחד. ברויט, דערשראָקען, וואַרפט אַוועק דאָס שטייגעל און לויפט אַוועק אין הינטער־גרונד פון זאַאַל, וואו ער בעהאַלט זיך, ווערהענד די נאַכט לויפט נאָך די גייסטער און שרייט צו טילטיל'ן.)

די נאַכט. ווער האָט דיר דאָס געזאָגט?...

טילטיל. די ליכט...

די נאַכט. ווידער די ליכט! און שטענדיג די ליכט! ווי וואַגט זי אין אַלעס זיך אַריינצומישען?...

דער הונד. זאָל איך זיי ביי איהר אַרויס רייסען מיט געוואַלט, מיין קליינער גאָט?...

טילטיל. שוויג שטיל, זיי רוהיג און פערהאַלט זיך אַנשטענדיג... (צו דער נאַכט) אויב איהר ווילט אַזוי גוט זיין, מאַדאַם, גיט מיר די שליסלען...

די נאַכט. האָסטו כאָטש אַם ווענינגסטענס דעם צייכען?... וואו איז ער?...

טילטיל (בעריהרענדיג זיין היטעלע). זעהט דעם דימענט!...

די נאַכט (אונטערגעבענדיג זיך דער אונפערמיידליכקייט). ענדליך... אָט דאָ זיינען די שליסלען, וועלכע עפענען אַלע טהירען פון דעם זאַאַל... בעטראַכט דיך נאָר גוט, ס'קען דיר געשעהן אַנ'אונגליק... איך וועל פאַר גאָר ניט זיין פעראַנטוואָרטליך...

ברויט (זעהר אונרוהיג). זיינען פאַראַן וועלכע עס איז געפאַהרען...

די נאַכט. געפאַהרען?... איך קען אייך זאָגען, אַז איך אַליין וויים ניט, וואס ס'וועט געשעהן, ווען איינינע פון די בראָנזענע טהירען וועלען זיך עפענען איבער דעם אָבגרונד... אַרום און אַרום דעם גאַנצען זאַאַל, אין יעדער איינער פון די מיט באַזאַלט געפלאַסטערטע היילען, זיינען דאָ אַלע צרות, אַלע מגיפות, אַלע קראַנקהייטען, אַלע שרעקענישען, אַלע אונגליקען, אַלע סודות, וועלכע האָבען געפייניגט דאָס לעבען זינט דעם אָנפאַנג פון דער וועלט... איך האָב גענוג צרות זיי צו האַלטען מיט דער הילף פון דעם שיקזאַל דאָ פערשפאַרט; און איך פערזיכער אייך, אַז נאָר מיט דער גרעסטען מיה קען איך אויפהאַלטען אַביסעלע אָרדנונג צווישען די אונדיסציפלינירטע כאַראַקטע־ע... איהר האָט געזעהן וואָס עס טרעפט, ווען איינע פון זיי אַנטלויפט און בעווייזט זיך אויף דער ערד...

טילטיל (געערגערט). ענטשולדיגט מיר, מאַדאַם... כ'האָב עס ניט געוואוסט... (צייגענדיג צו די צוויי קינדער). זיינען דאָס אייערע צוויי אינגעלאַך?... זיי זענען זעהר שעהן...

די נאַכט. דאָס איז דער שלאָף...

טילטיל. פאַרוואָס איז ער אַזוי פעט...

די נאַכט. ס'איז דערפאַר, ווייל ער שלאָפט גוט...

טילטיל. און דער אַנדערער, וועלכער בעהאַלט זיך... פאַר וואָס האָט ער בעדעקט זיין פּנים... איז ער קראַנק? זאָגט מיר, ווי הייסט ער?...

די נאַכט, דאָס איז דעם שלאָפ'ס שוועסטער... ס'איז בעסער ניט צו דערמאָהנען איהר נאָמען...

טילטיל. פאַר וואָס?...

די נאַכט. ווייל איהר נאָמען איז ניט איינגענעהמען צו הערען... נאָר לאָמיר בעסער רעדען פון עפּעס אַנדערש... די קאַץ זאָגט מיר, אַז איהר זיינט געקומען אַהער זוכען דעם בלויען פויגעל...

טילטיל. יאָ מאַדאַם, אויב איהר וועט מיר ערלויבען... ווילט איהר מיר זאָגען, ווי ער געפינט זיך?...

די נאַכט. דאָס ווייס איך ניט, מיין קליינער פריינד... אַלעס וואָס איך קען נאָר זאָגען איז, אַז ער איז ניט דאָ... איך האָב איהם קיין מאָל ניט געזעהן...

טילטיל. יאָ, יאָ... די ליכט האָט מיר געזאָגט אַז ער איז דאָ; און די ליכט ווייסט וואָס זי זאָגט... ווילט איהר מיר געבען אייערע שליסלען?...

די נאַכט. אָבער, מיין קליינער פריינד, דו מוזט גוט פערשטעהן, אַז איך קען ניט געבען מיינע שליסלען צו סיי וועמען... איך דאַרף היטען אַלע סודות פון דער נאַטור און ס'איז מיר אַבסאָלוט פערבאָטען זיי צו אימיצען צו ענטדעקען, איבערהויפּט צו אַ קינד...

טילטיל. איהר האָט קיין רעכט ניט זיי צו ענטזאַגען דעם מענשען, דעמאָלט ווען ער פאָרדערט זיי פון אייך... איך ווייס דאָס...

ערפֿאַהרען אַ דריטעל פֿון מיינע סודות, אַלע מיינע שרעקען זיינען פֿול מיט פּחד און זיי יואַגען ניט צו פֿערלאָזען דאָס הויז, מיינע גייסטער זיינען אַנטלאָפֿען, און די גרעסטע צאָהל פֿון מיינע קראַנק־הייטען פֿיהלען זיך גאָר ניט גוט...

ד י ק אַ ץ. איך וויים, מוטער נאַכט, איך וויים, די צייטען זיינען זעהר שווער, און מיר זיינען אַליין אין דעם קאַמפּף געגען מענשען... איך הער זיי קומען... איך זעה נאָר איין אויסוועג: אַזוי ווי זיי זיינען קינדער, מוזען מיר זיי אַזוי אָנשרעקען, אַז זיי זאָלען ניט וואַגען דוקא צו וועלען עפֿענען די הינטערשטע טהיר, הינטער וועלכער זיי וועלען געפֿינען די פֿייגעל פֿון דער לבנה... די סודות פֿון די איבעריגע היילען זיינען גענוג אָבצוציהען זייער אויפֿמערק־זאַמקייט און זיי אָנצושרעקען...

ד י נ אַ כ ט (דערהערענדיג אַ טומעל אין דרויסען). וואָס הער איך?... זיינען זיי דאָ פֿיעל?...

ד י ק אַ ץ. ס'איז גאָר ניט; עס זיינען אונזערע פֿריינד ברויט און צוקער; וואַסער פֿיהלט זיך ניט אַמבעסטען און פֿייער קען ניט קומען, ווייל ער איז אַ קרוב מיט ליכט... דער הונד איז דער איינ־ציגער, וועלכער איז ניט אויף אונזער זייט; ס'איז אָבער ניט מעגליך איהם צו דערוויטערען...

(עס קומען אַריין בעשיידען, דורך דער רעכטער זייט אין פֿאָרדערגרונד, טילטיל, מיטיל, ברויט, צוקער און דער הונד.)

ד י ק אַ ץ (אַקעגען לויפֿענדיג טילטיל'ן). אָט דאָ־אַרום, מיין קליינער הערר, אָט דאָ־אַרום... איך האָב צו וויסען געטהון דער נאַכט, וועלכע איז זעהר צופֿרידען אייך צו זעהן... איהר מוזט איהר ענטשולדיגען, זי איז עפּעס ניט אויפֿגעלעגען; דערפֿאַר איז זי אייך ניט אַקעגען געקומען...

ט י ל ט י ל. גוטען טאָג, מאַדאַם נאַכט...

ד י נ אַ כ ט (בעליידיגט). גוטען טאָג? איך בין ניט צוגעוויינט דערצו... דו וואָלסט מיר געקענט זאָגען: גוטע נאַכט, אָדער וועניג־סטענס: גוטען אָבענד...

וואָנצעס... האָסט זיך ווידער אַרומגעשלאָגען אויף די דעכער אין שנעע און אין רעגען?...

די קאַץ. ס'האָט גאָר ניט צו טהון מיט די דעכער!... ס'איז אונזער סוד, וועלכער בעאונרוהיגט מיך!... ס'איז דער אָנפאַנג פון'ם סוף!... ס'איז מיר געלונגען זיך אַוועקצוגנב'נען אויף אַ רגע, אום דיך צו וואָרענען; איך האָב אָבער שטאַרק מורא, אַז מען קען שוין גאָרניט העלפען...

די נאַכט. פאַר וואָס?... וואָס איז דען געשעהן?...

די קאַץ. איך האָב דיר דערצעהלט פון דעם קליינעם טיל־טיל, דער זוהן פון'ם האָלץ־האַקער, און פון דעם צויבער־דימענט... נו גוט, ער קומט אַהער צו פאָדערן פון דיר דעם בלויען פויגעל...

די נאַכט. ער האָט איהם נאָך ניט...

די קאַץ. ער וועט איהם אין גיכען האָבען, סיידען עס וועט געשעהן עפּעס אַ נס... אָט ווי עס האַלט: די ליכט, וועלכע פיהרט איהם און פעררעטה אונז אַלע, ווייל זי האָט זיך אין גאַנצען געשטעלט אויף דעם מענשענס זייט, די ליכט האָט ערפאַהרען אַז דער בלויער פויגעל, דער אמת'ר, דער איינציגער, וועלכער קען לעבען ביי דער ליכט פון טאָג, איז בעהאַלטען דאָ צווישען די בלויע פייגעל פון די חלומות, וועלכע לעבען נאָר ביי די שטראַהלען פון דער לבנה און שטאַרבען ווי זיי דערזעהן די זונן... זי ווייסט, אַז ס'איז איהר פער־באָטען אַריבער צו טרעטען די שוועל פון דיין פּאַלאַץ; זי שיקט אָבער די קינדער; און אַזוי ווי דו קענסט ניט אָבהאַלטען דעם מענשען צו עפענען די טויערען פון דיינע סודות, ווייס איך ניט וואָס ס'וועט זיין דער סוף... אין יעדען פאַל, אויב זיי וועלען, אונגליק־ליכערווייזע, לעגען די האַנד אויף דעם אמת'ן בלויען פויגעל, וועט פאַר אונז ניט בלייבען עפּעס אַנדערש צו טהון ווי צו פערשווינדען...

די נאַכט. מיין גאָט, מיין גאָט!... און וואָס פאַר אַ צייטען לעבען מיר! איך האָב גאָר ניט קיין איין מינוט רוהה... איך קען דעם מענשען ניט פערשטעהן אין דער לעצטער צייט... צו וואָס שטרעבט ער?... מוז ער וויסען יעדע זאַך?... ער האָט שוין

# דריטער אקט.

## פיערטעס בילד.

### דער פאַלאַץ פון דער נאַכט.

אַ גרויסע און וואונדערבאַרע זאַאל פון גלענצענדער שרעק, שטרענג, מעטאַליש און קבר-מעסיג, מאַכט דעם איינדרוק פון אַ גריכישען אָדער עגיפטישען טעמפעל מיט זיילען, באַלקענס, שטיין-פלאַטען, און אָרנאַמענטען פון שוואַרצען מאַרמאָר, גאָלד און עבען-האָלץ. די זאַאל איז פיער-עקיג. טרעפען פון באַזאַלט, וועלכע פערנעהמען כמעט די גאַנצע טיעפקייט צוטהיילען איהר אין דריי פלאַנען, וועלכע פאָלגען נאָך איינע די צווייטע, ערהויבענדיג זיך אַלץ העכער איינע איבער די אַנדערע. רעכטס און לינקס צווישען די זיילען זיינען דאָ טהירען פון טונקלען בראָנז. אין הינטערגרונד אַ מאָנומענט-מעסיגע מעשענע טהיר. די זאַאל איז בעלייכטעט פון אַ שוואַכער ליכט, וועלכע שיינט בלויז צו קומען פון דעם שיין פון דעם מאַרמאָר און פון דאָס עבען-האָלץ.

(ביים אויפהויבען דעם פאָרהאַנג, זיצט די נאַכט, וועלכע איז פאָרגעשטעלט דורך דער פיגור פון אַ זעהר אַלטער פרוי, אָנגעטהון אין שוואַרצע קליידער, אויף די טרעפען פון דעם צווייטען פלאַן, צווישען צוויי קינדער, פון וועלכע איינס, כמעט נאַקעט, ווי דער גאָט פון ליעבע, שמייכעלט טיעף שלאָפענדיג, וועהרענד דאָס צווייטע שטעהט בעוועגונגסלאָז, בעדעקט פון קאָפּ ביז די פיס. עס קומט אַריין פון רעכטס, אין ערשטען פלאַן, די קאַץ.)

**די נאַכט.** ווער קומט דאָרט?...

**די קאַץ** (אַראָבלאָזענדיג זיך מיעד, ווי אָהן כוחות, אויף די טרעפען פון מאַרמאָר). איך בין עס, מוטער נאַכט... איך קען ניט מעהר...

**די נאַכט.** וואָס איז מיט דיר, מיין קינד?... דו זעהסט אויס בלייך און מאָגער און דו ביזט בעשפריצט מיט בלאָטע ביז צו דיינע

באָבעטיל. ס׳איז אונזער איינציגער פֿערגעניגען און ס׳איז אַזאַ כבוד פֿאַר אונז, ווען אייערע געדאַנקען בעזוכען אונז!...

זיידעטיל. מיר האָבען ניט קיין אַנדערע צערשטרייאונג...

טילטיל. שנעל, שנעל!... מיין שטייגעל... מיין פֿויגעל!...

זיידעטיל (געבענדיג איהם דאָס שטייגעל). אָט זיינען זיי...דו ווייסט, איך גאַראַנטיר ניט פֿאַר איהם; און אויב ער וועט ניט זיין פֿון דעם ריכטיגען קוליר...

טילטיל. אַדיע! אַדיע!...

די ברידערלאַך און שוועסטערלאַך. אַדיע טיל־טיל!... אַדיע מיטיל... געדענק די צוקער־שטעקעלאַך!... אַדיע!... קומט נאָך!... קומט נאָך!...

(זיי טרעסלען אַלע זייערע טאַשען-טיכלאַך, ווערענד טילטיל און מיטיל געהען לאַנגזאַם אַוועק, אָבער נאָך פֿון פֿריהער, בשעת מען האָט געזאָגט די לעצטע פאָר ווערטער, האָט דער נעבעל זיך ווידער אָנגעפֿאַנגען בילדען אויף דער ביהנע, אַזוי אַז צום סוף פֿערשווינדעט אַלעס אין דער פֿינסטער-ניש און ביי׳ם פֿאַלען פֿון דעם פֿאָרהאַנג זעהט מען ווידער טילטיל׳ן און מיטיל אַליין נעבען דעם דעמב.)

טילטיל. דאָ אַרום מיטיל...

מיטיל. וואו איז די ליכט?...

טילטיל. איך ווייס ניט... (קוקענדיג צו דעם פֿויגעל און דעם שטייגעל.) אַך, דער פֿויגעל איז מעהר ניט בלוי!... ער איז צוריק געוואָרען שוואַרץ!...

מיטיל. גיב מיר דיין האַנד, קליינער ברודער... איך האָב אַזוי מורא און ס׳איז מיר אַזוי קאַלט...

פֿאָרהאַנג.

(ער כאַפּט אָן די זופּ-שיסעל, שלעפּט איהר צו זיך און קעהרט איהר איבער מיט דער זופּ, וועלכע צוגיסט זיך איבער דעם טיש, רינט אַראָפּ אויף זייערע קניהען און בריהט זיי אָב. געשרייען און ליאַרעמען פון שמערצען.)

באָבעטיל. דו זעהסט!... איך האָב דיר דאָס געזאָגט!...

זיידעטיל. (געבענדיג טילטיל'ן אַ שטאַרקען פּאַטש אין דער באַק). נאַ דיר!...

טילטיל (איבעראַשט פאַר אַ מאָמענט, לעגט נאָכהער די האַנד צו זיין באַק מיט אַ מינע פון ענטציקונג). אָה, ס'איז אַקוראַט ווי די פּעטש, וואָס דו פלעגסט מיר געבען, ווען דו ביזט געווען לעבעדיג!... זיידעניו ווי גוט ס'איז געווען, און ווי זיס מען פיהלט... כ'מוז דיר געבען אַ קוש!...

זיידעטיל. זעהר גוט; דו קענסט נאָך בעקומען, אויב זיי געפעלען דיר...

(דער זייגער קלינגט האַלב ניין.)

טילטיל (הויבט זיך אויף). האַלב ניין!... (ער וואַרפט אַוועק זיין לעפעל.) מיטיל, ס'איז פונקט די צייט!...

באָבעטיל. איילט אייך ניט!... נאָר נאָך איינינע מינוטען... אייער הויז ברענט ניט!... מיר זעהען אייך אַזוי זעלטען...

טילטיל. ניין, דאָס איז אונז אונמעגליך... די ליכט איז אַזוי גוט... און כ'האָב איהר פערשפּראָכען... קום, מיטיל, קום!...

זיידעטיל. מיין גאָט, ווי לאַנגווייליג די מענשען זיינען מיט אַלע זייערע געשעפטען און אויפרעגונגען!...

טילטיל (נעהמענדיג דאָס שטייגעל און קושענדיג שנעל אַלע אַרום). אַדיע זיידעניו... אַדיע באָבעניו... אַדיע ברידערלאַך און שוועסטערלאַך, פיעראָט, ראָבערט, פאולין, מאַדעלען, ריקעט און דו אויך קיקי!... כ'פיהל, אַז איך דאַרף דאָ מעהר ניט בלייבען,... וויין ניט באָבעניו, מיר וועלען זיך אָפטער ווידערזעהן...

באָבעטיל. קומט צוריק יעדען טאָג!...

טילטיל. יאָ, יאָ! מיר וועלען קומען אַזוי אָפט, ווי ס'וועט אונז מעגליך זיין...

טילטיל. יאָ, איך האָב געדענקט... וויפיעל האַלט דער זייגער?...

זיידע טיל. ביי מיין נאמנות, איך קען ניט זאָגען... איך האָב פערלוירען די געוואָהנהייט... ס'האָט אַכט מאָל געקלינגען, איך מיין אַז ס'דאַרף, זיין דאָס וואָס זיי רופען דאָרט, אַכט אַזייגער...

טילטיל. די ליכט ערוואַרטעט אונז אַ פערטעל צו ניין... ס'איז דורך דער צויבערין... ס'איז זעהר וויכטיג... איך געה שוין...

באָבע טיל. פערלאָזט אונז ניט פונקט איצט ווען דער אָבענד־מאָהל איז פערטיג... גיך, גיך, לאָמיר אַרויס נעהמען דעם טיש אין דרויסען... איך האָב גראַדע זעהר גוטע קרויט־יויך און אַ פראַכטפאָלען פלוימען־טאָרט...

(זיי נעהמען אַרויס דעם טיש, שיסלען, טעלער א.אַ.וו.; און זיי שטעלען אויס אין דרויסען פאַר אָבענד-מאָהל, אַלע העלפען.)

טילטיל. גוט, אַזוי ווי איך האָב שוין דעם בלויען פויגעל... און אַזוי ווי ס'איז שוין לאַנג זינט איך האָב ניט פערזוכט קיין קרויט־יויך... אפילו ניט זינט איך בין אויף דער רייזע... זיי האָבען עס ניט אין די האָטעלען...

באָבע טיל. אָט אַזוי!... ס'וועט ניט נעהמען קיין סך!... זיצט קינדער... לאָמיר ניט פערליהרען קיין צייט, אויב איהר איילט זיך...

(זיי צינדען אָן דעם לאָמפ, און טהיילען איין די זופ. די עלטער-עלטערן און די קינדער זיצען אַרום דעם טיש, שטויסענדיג זיך און לאַכטשענדיג איינער דעם צווייטען, לאַכענדיג און שרייענדיג מיט פרייד.)

טילטיל. (עסענדיג מיט גרויס אפעטיט). ווי גוט ס'איז!... מיין גאָט, ווי גוט ס'איז!... כ'וויל נאָך! נאָך...

(ער מאַכט אַ טומעל קלאַפענדיג מיט דעם לעפעל אין דער שיסעל.)

זיידע טיל. האַלט, נאָר האַלט, אַביסעלע רוהיגער... דו ביזט אַלץ אַזוי פערשייט ווי שטענדיג; און דו וועסט צוברעכען דיין טעלער.

טילטיל. (אויפשטעלענדיג זיך אין דער העלפט אויף זיין שטוהל). כ'וויל נאָך, נאָך!...

טילטיל. חאַ־חאַ, פיעראַט!... (זיי כאַפּען זיך אָן איינעם דעם צווייטען ביי די האָר.) אַך! אַזוי מיר נעהמען זיך ווידער שלאָגען ווי אַמאָל... און ראָבערט!... גוט מאָרגען זשאַן!. . וואָס איז געוואָרען מיט דיין דריידעל?... מאַדעלען און פיעראָט און פּאָולין!... און דאָ איז אויך ריקעט!...

מיטיל. אָה! ריקעט, ריקעט!... זי קריכט נאָך אַלץ אויף אַלע פיער!...

באָבע טיל. יאָ, זי האָט אויפגעהערט צו וואַקסען...

טילטיל (בעמערקענדיג ווי דער קליינער הונד שפּרינגט אַרום איהם). און דאָ איז קיקי, וועמעס עק כ'האָב אָבגעשניטען מיט פּאָולינ'ס שערעל.... ער האָט זיך אויך ניט געענדערט...

זיידע טיל (נאָכדענקענדיג). ניין, קיין זאַך ענדערט זיך ניט דאָ...

טילטיל. און פּאָולין האָט אַלץ אַ שפּרענקעל אויף דער נאָז...

באָבע טיל. יאָ, ער וויל ניט אַראָב געהן; מען קען גאָר ניט טהון דערצו...

טילטיל. אָה, ווי שעהן זיי זעהן אויס, ווי פעט און גלענצענד זיי זיינען... וואָס פאַר אַ פריילּיכע צורות זיי האָבען!... זיי זעהן אויס גוט ערנעהרט...

באָבע טיל. זיי זענען פיעל בעסער אָב זינט זיי האָבען אויפגעהערט לעבען... ס'איז מעהר ניטאָ פאַר וואָס זיך צו שרעקען, קיינער ווערט דאָ ניט קראַנק, קיינער האָט ניט קיין ערגערניסע...

(אין הייזעל קלינגט דער זייגער אַכט.)

באָבע טיל (ערשטוינט). וואָס איז דאָס?...

זיידע טיל. ביי מיין נאמנות, איך ווייס ניט וואָס דאָס איז... ס'מוז זיין דער זייגער.

באָבע טיל. ס'קען ניט זיין... ער קלינגט קיין מאָל ניט...

זיידע טיל. דאָס איז ווייל מיר דענקען קיינמאָל ניט צו דער צייט... האָט ווער פון אייך געדענקט צו דער צייט?...

באָבע טיל. גאַנץ געוויס, גאַנץ געוויס... וואָס דאַרפֿען מיר איהם דאָ האָבען... ער טהוט דאָ גאָר ניט, נאָר ער שלאָפֿט... מיר הערען איהם קיינמאָל ניט זינגען...

טילטיל. כ'וועל איהם אַריינלעגען אין שטייגעל... זאָג נאָר, וואו איז מיין שטייגעל... אַך! כ'ווייס כ'האָב עס געלאָזט אונטער דעם גרויסען בוים... (ער לויפֿט צום בוים, נעהמט דאָס שטייגעל און לעגט אין דעם אַריין דעם פֿויגעל.) אַזוי, ווירקליך, איהר האָט איהם מיר ווירקליך געגעבען?... ווי צופֿרידען די צויבערין וועט זיין!... און די ליכט אויך!...

זיידע טיל. גיב אַכטונג, איך בין ניט פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר דעם פֿויגעל... איך האָב מורא, אַז ער וועט זיך קיין מאָל ניט צוגעוואוינען מעהר צו דעם אונרוהיגען לעבען פֿון דאָרט און ער וועט קומען צוריק ביי דעם ערשטען ווינד, וואָס וועט בלאָזען אַהער... אין יעדען פֿאַל וועלען מיר זעהן... לאָז איהם דאָרט, פֿאָרלויפֿיג, און קום זעה די קוה...

טילטיל (בעמערקענדיג דעם ביהנשטאָק). און די ביהנען, ווי געהן זיי אָן?...

זיידע טיל. אָה, זעהר גוט... זיי זיינען ניט מעהר לעבעדיג, ווי איהר רופֿט דאָס דאָרט; אָבער זיי אַרבייטען זעהר שווער...

טילטיל (צוגעהענדיג צום ביהנשטאָק). אָה יאָ!... איך קען שמעקען דעם האָניג... ווי שווער די ביהנשטאָקען דאַרפֿען זיין... אַלע בלומען זיינען דאָ אַזוי שעהן!... און מיינע טויטע שוועסטערלאַך זיינען זיי אויך דאָ?...

מיטיל. און וואו זיינען מיינע דריי קליינע ברידערלאַך, וועלכע זיינען בעגראָבען געוואָרען?...

(ביי די ווערטער, קומען אַרויס פֿון דער הייזקע, איינער נאָך'ן צווייטען זיבען קינדערלאַך, פֿון פֿערשיעדענער גרויס).

באָבע טיל. אָט זיינען זיי, אָט זיינען זיי!... תיכף ווי איהר רעדט פֿון זיי, זיינען זיי דאָ, די טהייערע!...

(טילטיל און מיטיל לויפֿען צו עמפּפֿאַנגען די קינדער. זיי כאַפּען זיך אַרום, קושען זיך, טאַנצען, דרעהען זיך און לאָזען אַרויס געשרייען פֿון פֿרייד).

פֿיעל... (מיטיל שטעלט זיך אויך נעבען דער טהיר.) און מיטיל איז מיט פֿיער און אַ האַלב... חאַ־חאַ! קראָפּאָווע וואַקסט שנעל... ווי שנעל זיי האָבען געוואַקסען, ווי שנעל זיי האָבען געוואַקסען!...

טילטיל (אַרומקוקענדיג זיך מיט פֿערגניגען) קיין זאַך איז ניט געענדערט, יעדע זאַך איז אויף דעם זעלבען פּלאַץ!... אַלצדינג איז בלויז שעהנער!... אָט דאָרט איז דער זייגער מיט דעם גרויסען ווייזער, ביי וועלכען כ׳האָב אָבגעבראָכען דעם שפּיץ...

זיידע טיל. און דאָ איז די זופּ־שיסעל, פֿון וועלכער דו האָסט אָבגעבראָכען אַ שטיקעל...

טילטיל. — און דאָ איז דער לאָך, וואָס איך האָב געמאַכט אין דער טהיר אין׳ם טאָג, ווען איך האָב געפֿינען דאָס עגבעריל...

פֿאָטער טיל. אָה יאָ! דו האָסט געמאַכט אַביסעל שאָדען... און דאָ איז דער פֿלוימען־בוים, אויף וועלכען דו האָסט זיך ליעב געהאַט צו דראַפּען, בשעת איך פֿלעג ניט זעהן... ער האָט נאָך אַלץ זיינע פֿיינע רויטע פֿלוימען...

טילטיל. זיי זיינען איצט נאָך פֿיינער און שעהנער...

מיטיל. און דאָ איז דער אַלטער שוואַרץ־פֿויגעל!... זינגט ער נאָך?...

(דער שוואַרץ־פֿויגעל וואַכט אויף און ער פֿאַנגט אָן זינגען אויף זיין העכס־טען טאָן.)

באָבע טיל. איהר זעהט... תיכף ווי מען דענקט נאָר צו איהם...

טילטיל בעמערקענדיג מיט ערשטוינונג, אַז דער שוואַרץ־פֿויגעל איז אין גאַנצען בלוי) ער איז גאָר בלוי!... דאָס איז דאָך דער בלויער פֿויגעל, וועלכען כ׳דאַרף ברייגנען צו דער צויבערין... און איהר האָט אונז גאָר ניט געזאָגט, אַז איהר האָט איהם דאָ! אָה! ער איז בלוי, בלוי, בלוי, ווי אַ בלוי גלעזערן קוגעלע!... (בעטענדיג) זיידעניו, באָבעניו, ווילט איהר מיר איהם געבען?...

זיידע טיל. יאָ, פֿאַר וואָס ניט?... מעגליך אַז יאָ... וואָס זאָגסט דו, באָבע טיל?...

ז י י ד ע  ט י ל. ווי נאַריש זיי זיינען דאָרט הינטען! ...

ט י ל ט י ל. איז גוט צו זיין דאָ?...

ז י י ד ע  ט י ל. אָה יאָ; ס'איז ניט שלעכט, ס'איז ניט שלעכט; און ווען מען קען נאָך בעטען...

ט י ל ט י ל. דער פֿאָטער האָט מיר געזאָגט, אַז מען דאַרף ניט בעטען...

ז י י ד ע  ט י ל. אָבער דאָך, אָבער דאָך... דאָס בעטען איז אַנ'אַנדענקונג...

ב אָ ב ע  ט י ל. יאָ, יאָ, אַלעס וואָלט געווען גוט, ווען איהר וואָלט נאָר געקומען אונז זעהן אָפֿטער... געדענקסטו טילטיל?... דאָס לעצטע מאָל האָב איך אייך אָבגעבאַקען אַ שעהנעם עפּעל-טאָרט... דו האָסט געגעסען אַזוי פֿיעל פֿון איהם, אַז ס'איז דיר אַזש ניט גוט געוואָרען...

ט י ל ט י ל. זינט פֿאָריגען יאָהר האָב איך ניט געגעסען קיין עפּעל טאָרט... דאָס יאָהר זיינען ניט געווען קיין עפּעל...

ב אָ ב ע  ט י ל. רעד ניט קיין נאַרישקייטען... דאָ האָבען מיר זיי שטענדיג...

ט י ל ט י ל. דאָס איז ניט די זעלבע זאַך...

ב אָ ב ע  ט י ל. וואָס? ניט די זעלבע זאַך?... אַלעס איז דאָס זעלבע, ווען מיר קענען זיך אומאַרעמען...

ט י ל ט י ל (קוקענדיג דאָ צו דעם זיידען און דאָ צו דער באָבע.) דו האָסט זיך ניט געענדערט, זיידעניו, קיין ברעקעל ניט, קיין ברע-קעל ניט... און די באָבעניו האָט זיך אויך קיין ברעקעל ניט געענ-דערט... איהר זעהט גאָר אויס שעהנער...

ז י י ד ע  ט י ל. געוויס! מיר פֿיהלען ניט שלעכט!... מיר האָ-בען אויפֿגעהערט צו ווערען עלטער... אָבער איהר, ווי הויך איהר וואַקסט!... אַך יאָ, איהר וואַקסט פֿעסט... וואַרט, דאָרט ביי דער טהיר איז דאָ אַ צייכען פֿון פֿאָריגען מאָל... ס'איז געווען אין טאָג פֿון אַלע הייליגע... אַלזאָ, שטעלט זיך גלייך... (טילטיל שטעלט זיך נעבען דער טהיר.) מיט פֿיער פֿינגער העכער!... דאָס איז אונגעהויער

ס'איז געווען אין טאָג פֿון אַלע הייליגע, ווען די קירכע־גלאָקען האָבען געקלונגען...

טילטיל. אין טאָג פֿון אַלע הייליגע?... מיר זיינען יענעם גאַנצען טאָג ניט אַרויסגעגאַנגען פֿון הויז, ווייל מיר זיינען געווען שטאַרק פֿערקיהלט...

באָבע טיל. איהר האָט אָבער געדענקט צו אונז...

טילטיל. דאָס יאָ...

באָבע טיל. נו גוט, שטענדיג ווען איהר דענקט צו אונז וואַכען מיר אויף און זעהן אייך ווידער...

טילטיל. וואָס, איז גענוג צו...

באָבע טיל. נו, דו ווייסט דאָס גאַנץ גוט...

טילטיל. ניין, כ'האָב דאָס ניט געוואוסט...

באָבע טיל (צום זיידע'ן טיל). ס'איז מערקווירדיג דאָרט הינטען... זיי ווייסען עס נאָך ניט... לעהרנען זיי דאָרט גאָרניט?...

זיידע טיל. ס'איז ווי אין אונזערע צייטען... די לעבעדיגע זיינען גרויסע נאַראָנים, ווען זיי רעדען פֿון אַנדערע...

טילטיל. איהר שלאָפֿט דאָ די גאַנצע צייט?...

פֿאָטער טיל. יאָ, מיר שלאָפֿען גענוג, וואַרטענדיג אויף אַ געדאַנק פֿון אַ לעבעדיגען, וועלכער זאָל אונז ערוואַכען... אַך, ס'איז גוט צו שלאָפֿען, ווען דער לעבען איז געענדיגט... ס'איז אָבער אויך אַנגענעהמען צו ערוואַכען פֿון צייט צו צייט...

טילטיל. הייסט עס זייט איהר טאַקע ווירקליך טויט?...

זיידע טיל. וואָס זאָגסטו? ... וואָס האָט ער געזאָגט?... ער בענוצט איצט ווערטער וואָס איך פֿערשטעה ניט... ס'איז אַ ניי וואָרט, אַ נייע ערפֿינדונג? ...

טילטיל. דאָס וואָרט „טויט“?...

זיידע טיל. יאָ, דאָס איז געווען דאָס וואָרט... וואָס מיינט דאָס צו זאָגען?...

טילטיל. עס מיינט צו זאָגען אַז אימיצער איז ניט מעהר צווישען די לעבעדיגע...

עס... איהר זיינט עס!... (זי פרובירט לויפען אום זיי צו עמפפאַנגען).
איך קען ניט לויפען!... איך האָב נאָך אַלץ רעאומאַטיזם!...

זיידע טיל (לויפט הינקענדיג גיך ווי ווייט ער קען). איך קען אויך ניט לויפען... דאָס איז דורך מיין הילצערנעם פוס, וועלכען איך טראָג אויף'ן פלאַץ פון דעם וואָס איך האָב צובראָכען, בשעת איך בין אַראָבגעפאַלען פון דעם גרויסען דעמב...

(די עלטער-עלטערן און די קינדער אומאַרמען זיך לייַדענשאַפטליך.)

באָבע טיל. ווי הויך און קרעפטיג דו ביזט אויסגעוואַקסען, מיין טילטיל!...

זיידע טיל. (גלעטענדיג מיטיל'ס האָר). און מיטיל!... בעטראַכט איהר נאָר... וואָס פאַר אַ שעהנע האָר, וואָס פאַר אַ שעהנע אויגען!...

באָבע טיל. קום און קוש מיך נאָך אַמאָל!... קום אויף מיין שויס!...

זיידע טיל. און מיר, איך בעקום גאָר ניט?...

באָבע טיל. ניין, ניין... קומט צו ערשט צו מיר... וואָס מאַכט דער פאָטער און די מוטער טיל?...

טילטיל. זעהר גוט באָבעניו... זיי זיינען געשלאָפען, ווען מיר זיינען אַוועקגעגאַנגען...

באָבע טיל (קוקט זיי אָן פערוואונדערט און לאַסטשעט זיי). מיין גאָט, ווי שעהן זיי זיינען און ווי גוט און ווי ריין!... די מוטער וואַשט אייך?... ס'זיינען ניטאָ קיין לעכער אין אייערע זאָקען!... איהר ווייסט אַז איך פלעג זיי אַמאָל פעריכטען... פאַר וואָס קומט איהר ניט אונז צו זעהן אָפטער?... ס'פערשאַפט אונז אַזוי פיעל פערגע-ניגען!... עס זיינען פאַריבער מאָנאַטען און מאָנאַטען, איהר האָט אונז פערגעסען, און מיר האָבען קיינעם ניט געזעהן...

טילטיל. מיר האָבען ניט געקענט באָבעניו; און היינט איז אויך נאָר אַ דאַנק דער צויבערין...

באָבע טיל. מיר, דאָ, וואַרטען שטענדיג אויף אַ קליינעם בעזוך פון אַ לעבעדיגען... זיי קומען אַזוי זעלטען!... דאָס לעצטע מאָל, ווען איהר זיינט געקומען, לאָמיך זעהן, ווען איז דאָס געווען?...

דורכזיכטיגע ליכט, אונטער אַ געוועלב פֿון בלעטער, אַ פרעכטיגע דאָרפֿישע הייזקע, בעדעקט מיט געשלענגעלטע פּפלאַנצען, די טהיר און די פֿענסטער זיינען אָפֿען. ס'איז דאָ אַ ביהגשטאָק אונטער אַ דעכעל, בלומען טעפּ שטעהען אויף די פֿענסטער, אַ שטייגעל מיט אַ שלאָפֿענדען בלויען פֿויגעל. נעבען דער טהיר איז דאָ אַ באַנק, אויף וועלכען עס זיצען טיעף-שלאָפֿענדיג אַ פויער און זיין ווייב. זיי זיינען טילטיל'ס זיידע און באָבע.)

טילטיל (דערקענענדיג זיי פלוצלינג). ס'איז דער זיידע און די באָבע!...

מיטיל (קלאַפּענדיג מיט די הענד). יאָ! יאָ!... זיי זיינען עס! זיי זיינען עס!...

טילטיל (אַביסעל צווייפֿעלהאַפֿט). פּאַס אויף!... מיר ווייסען ניט צו זיי קענען ערוואַכען... לאָמיר זיך בעהאַלטען הינטער דעם בוים...

(באָבע טיל עפֿענט איהרע אויגען, הויבט אויף איהר קאָפּ, ציהט זיך אויס, גיט אַ זיפֿץ און קוקט צום זיידע טיל, וועלכער ערוואַכט אויך לאַנגזאַם פֿון זיין שלאָף.)

באָבע טיל. איך האָב אַן אַהנונג, אַז אונזערע אייניקלאַך, וועלכע לעבען נאָך קומען היינט אונז זעהן...

זיידע טיל. געוויס, זיי דענקען פֿון אונז, ווייל איך פֿיהל דאָס, און עס שטעכט מיך אין די פֿיס...

באָבע טיל. איך דענק, אַז זיי מוזען זיין זעהר נאָהענט, ווייל איך זעה טרערען פֿון פֿרייד טאַנצענדיג פֿאַר מיינע אויגען...

זיידע טיל. ניין, ניין, זיי דאַרפֿען זיין ווייט אַוועק... איך פֿיהל נאָך שוואַך...

באָבע טיל. איך זאָג דיר, אַז זיי זיינען דאָ נאָהענט; איך בעזיץ שוין מיין גאַנצע קראַפֿט...

טילטיל און מיטיל (לויפֿען אַרויס פֿון הינטער דעם דעמב). דאָ זיינען מיר!... דאָ זיינען מיר!... זיידעניו, באָבעניו!... מיר זיינען עס!... מיר זיינען עס!...

זיידע טיל. אָט!... דו זעהסט?... וואָס האָב איך דיר געזאָגט?... איך בין געווען זיכער, אַז זיי וועלען היינט קומען...

באָבע טיל. טילטיל!... מיטיל!... ער איז עס!... זי איז

# דאס דריטע בילד.

## דאָס לאַנד פֿון דער עררינערונג.

אַ געדיכטער נעבעל, אין וועלכען עס זעהט זיך אין דער רעכטער זייט אויף דעם ערשטען פּלאַן דער קערפּער פֿון אַ גרויסען דעמב, מיט אַ שילדעל אויף איהם. עס הערשט אַ שוואַכע, מילך-קולירענדיגע, מאַטע ליכט.

(טילטיל און מיטיל זיינען נעבען בוים.)

טילטיל. אָט דאָ איז דער בוים!...

מיטיל. אָט איז דאָס שילדעל!...

טילטיל. כ'קען עס ניט לעזען... וואַרט, כ'וועל זיך אַרויפֿדראַפּען אויף זיין וואָרצעל... פֿון דאַנען לעזט זיך גוט... עס שטעהט אויפֿגעשריבען: „לאַנד פֿון עררינערונג".

מיטיל. דאָ פֿאַנגט עס אָן?...

טילטיל. יאָ, דאָרט איז אַ פֿייל...

מיטיל. נו גוט, וואו איז דער זיידע און די באָבע?...

טילטיל. הינטער דעם נעבעל... מיר וועלען זיי זעהן.

מיטיל. איך קען גאָר ניט זעהן!... איך קען ניט זעהן מיינע פֿיס און אויך ניט מיינע הענד... (ציטערענדיג.) ס'איז מיר קאַלט!... איך וויל ניט געהן מעהר... איך וויל אַהיים...

טילטיל. קום, האַלט ניט אין איין וויינען, אַקוראַט ווי דאָס וואַסער... דו דאַרפֿסט זיך שעהמען פֿאַר דיר אַליין... אַזאַ גרויסע דערוואַקסענע קליינע מויד ווי דו!... זעה, דער נעבעל ווערט שוין צוגאַנגען... מיר וועלען זעהן וואָס ס'איז דאָ הינטער איהם.

(דער נעבעל פֿאַנגט זיך אָן בעוועגען. ער ווערט דינער און „שיטערער, צושפּרייט זיך און צוגעהט זיך. ס'ערשיינט אין אַלץ מעהר און מעהר

צוקער. פֿערגעסט ניט, אַז איהר וועט באַלד עסען אַבענד־מאָל מיט אייערע עלטער־עלטערן...

טילטיל. זיינען זיי דאָ?...

די צויבערין. איהר וועט זיי תיכף זעהן...

טילטיל. ווי קענען מיר זיי זעהן, ווען זיי זיינען טויט?...

די צויבערין. ווי קענען זיי זיין טויט, ווען זיי לעבען אין אייער זכרון?... די מענשען ווייסען ניט דעם סוד, ווייל זיי ווייסען גוט זעהר ווייניג; גאַנץ אַנדערש איז מיט דיר, אַ דאַנק דעם דימענט וועסטו זעהן, אַז די טויטע, וועלכע ווערען דערמאָהנט, לעבען אַזוי גליקליך, ווי גלייך זיי וואָלטען גאָר ניט געוועזן טויט...

טילטיל. די ליכט קומט מיט אונז?...

די ליכט. ניין, ס'איז פּאַסענדער, אַז דער בעזוך זאָל נאָר זיין צווישען דער פֿאַמיליע... איך וועל וואַרטען ניט ווייט פֿון דאַנען אום ניט צו ערשיינען אונבעזאָגנען... זיי לאַדען מיך ניט איין...

טילטיל. דורך וועלכען וועג דאַרפֿען מיר געהן?...

די צויבערין. דאָרט־אַרום... איהר זיינט ביי דער שוועל פֿון'ם „לאַנד פֿון דער ערנעדונג". תיכף ווי איהר וועט נאָר אַ דרעה טהון דעם דימענט וועט איהר זעהן אַ גרויסען בוים מיט אַ שילדעל דערויף, וואָס וועט אייך צייגען, אַז איהר זיינט שוין דאָרט... אָבער פֿערגעסט ניט, אַז איהר דאַרפֿט ביידע זיין צוריק אַ פֿיערטעל צו ניין... דאָס איז זעהר וויכטיג... פּאַסט גוט אויף צו זיין פּינקט־ליך, ווייל קוים וועט איהר זיך פֿערשפּעטיגען וועט אַלעס זיין פֿערלוי־רען... אויף באַלדיגעס ווידערזעהן... (רופֿענדיג די קאַץ, דעם הונד, די ליכט און די אַנדערע). דאָ־אַרום... און די קליינינקע דאָרט־אַרום...

(זי געהט אָב רעכטס מיט דער ליכט, מיט די חיות און די אַנדערע, ווערענד די קינדער געהן אָב לינקס.)

פֿאָרהאַנג.

עס אַ געלעגענהייט, וואָס טאָר ניט פֿערנאַכלעסיגט ווערען... אַלזאָ, ברויט, דאָס שטייגעל?...

ברויט (ערנסט). איין מינוט, אויב איהר ווילט, מאַדאַם צוּיבע־רין... (ווי אַנ׳אָראַטאָר האַלטענדיג אַ רעדע.) איך נעהם אייך פֿאַר אַנ׳־עדות, איז דאָס זילבערנע שטייגעל וואָס איז מיר איינפֿערטרויט געוואָרען פֿון...

די צוּיבערין (אונטערברעכענדיג). גענוג!... קיינע פֿראַזען... מיר וועלען געהן דאָ־אַרום און די קינדער וועלען געהן דאָרט־אַרום...

טילטיל (אַביסעל אונרוהיג). דאַרפֿען מיר געהן אַליין?...

מיטיל. איך בין הונגעריג!...

טילטיל. איך אויך!...

די צוּיבערין (צום ברויט). עפֿען דיין טירקישען מאַנטעל און גיב זיי אַ פענעץ פֿון דיין גוטען מאָגען...

(ברויט עפֿענט זיין מאַנטעל, נעהמט אַרויס זיין קרומען זעבעל און שנייד אויס צוויי פענצען פֿון זיין מאָגען און גיט זיי די קינדער.)

צוּקער (צוקומענדיג צו די קינדער). ערלויבט מיר אין דערזעלבער צייט אייך צו געבען עטליכע צוּקער־שטעקעלאַך...

(ער ברעכט אָב זיינע פֿינף פֿינגער פֿון דער לינקער האַנד, איינעם נאָך דעם צווייטען און גיט זיי.)

מיטיל. וואָס טהוּט ער?... ער ברעכט אָב אַלע זיינע פֿינגער!...

צוּקער (אָנבאָטענדיג). פֿערזוּכט זיי, זיי זיינען פֿאָרטרעפֿליך... זיי זיינען געמאַכט פֿון העכטע צוּקער־שטעקעלאַך.

מיטיל (פֿערזוכענדיג איינעם פֿון די פֿינגער). מיין גאָט, ווי גוּט זיי זיינען!... דוּ האָסט אַ סך פֿון זיי?...

צוּקער (בעשיידען). געוויס, וויפֿיעל איך דאַרף נאָר...

מיטיל. טהוּט דיך שטאַרק וועה, ווען דוּ ברעכסט זיי אָב?...

צוּקער. אַ ברעקעל ניט... פֿערקעהרט; דאָס איז זעהר נוּצליך פֿאַר מיר, זיי וואַקסען תיכף צוּריק און אויף אַזאַ אופן האָב איך שטענדיג נייע ריינע פֿינגער...

צוּיבערין. קוּמט, קינדער מיינע, עסט ניט קיין צוּפֿיעל

(עס קומען אריין פון רעכטס די צויבערין און די ליכט, נאכגעפאלגט פון טילטיל'ן און מיטיל'ן.)

די צויבערין. נו גוט?... וואס קומט דא פאר?... וואס טהוט איהר דא אין דעם ווינקעל?... איהר זעהט אויס ווי בונטאָווטשיקעס... ס'איז שוין צייט אנצופאנגען די רייזע... איך האב בעשלאסען, אז די ליכט זאל זיין אייער פיהרער... איהר וועט זיך איהר דארפען אונטערוואר־פען ווי מיר, און איך גיב איהר איבער מיין שטעקען... די קינדער וועלען מאכען א בעזוך היינט אבענד צו זייערע עלטער־עלטערען, וועלכע זיינען טויט... איהר וועט דארפען ארונטערבלייבען, דאס איז מעהר בעשיידען... זיי וועלען פערברייגנען, דעם אבענד צווישען זייער טויטער פאמיליע... אין דער צייט וועט איהר צו גרייטען אלעס, וואס איז נייטיג פאר דער מארגענדיגער רייזע, וועלכע וועט זיין זעהר לאנג... פארווערטס, שטעהט אויף, מארש, און יעדער זאל זיין אויף זיין פאסטען!...

די קאץ (היפאקריטיש). ס'איז אקוראט דאס, וואס איך האב זיי געזאגט, מאדאם צויבערין... איך האב זיי ערמוטהיגט, אז זיי זאלען טהון זייער פפליכט געוויסענהאפט און העלדיש; אונגליקליכערווייזע האט דער הונד ניט אויפגעהערט מיך איבערצושלאגען...

דער הונד. וואס זאגט ער?... ווארט נאר אביסעל...

(ער וויל בעפאלען די קאץ, נאר טילטיל, בעמערקענדיג וואס ער האט בדעה צו טהון, האלט איהם אב מיט א סטראשענדער בעוועגונג.)

טילטיל. אראב, טילא!... גיב אכטונג; אויב כ'וועל דיך נאך אמאל כאפען...

דער הונד. מיין קליינער גאט, דו ווייסט ניט, ער איז דער, וועלכער...

טילטיל (סטראשענדיג איהם). שא, שטיל!

די צויבערין. קומט. זאל שוין נעהמען א סוף... זאל דאס ברויט איבערגעבען פאר היינט אבענד דאס שטייגעל צו טילטיל'ן... ס'איז גאנץ מעגליך, אז דער בלויער פויגעל זאל זיין בעהאלטען אין דער פערגאנגענהייט ביי די עלטער־עלטערן... אין יעדען פאל איז

צוקער (בערוהיגענדיג זיי). ערלויבט מיר, לאָמיר זיך ניט אַרומקריגען ... ס'איז אַנ'ערנסטער מאָמענט... מיר מוזען בעשטימען איבער אַלעס, וואָס פֿאַר אַ מאַסרעגלען מיר זאָלען אָננעהמען...

ברויט. איך שטים פֿאָלשטענליג איין מיט צוקער און מיט דער קאַץ...

דער הונד. דאָס איז לעכערליך!... ס'איז דער מענש און דאָס איז אַלעס!... מיר דאַרפֿען זיך איהם אונטערוואַרפֿען און טהוען וואָס ער הייסט אונז!... דאָס איז דער איינער און איינציגער פֿאַקט!... איך אַנערקען קיינעם ניט אַחוץ איהם!... הוראַ פֿאַר דעם מענשען!... אין לעבען און אין טויט אין גאַנצען פֿאַר דעם מענשען!... דער מענש איז גאָט!...

ברויט. איך שטים פֿאָלשטענדיג איין מיט דעם הונד...

די קאַץ (צום הונד). וועניגסטענס ערקלעהר דיינע גרינדע...

דער הונד. עס זיינען ניטאָ קיינע גרינדע!... איך ליעב דעם מענשען און דאָס איז גענוג!... אויב איהר וועט בעשטימען עפּעס געגען איהם וועל איך צוערשט אייך אַלע דערוואַרגען און דאַן געהן איהם אַלעס דערצעהלען...

צוקער (זיך אַריינמישענדיג זיס). ענטשולדיגט מיר... לאָמיר ניט פֿערביטערען דעם שמועס...פֿון אַ געוויסען שטאַנדפּונקט זיינט איהר ביידע גערעכט...ס'איז דאָ עפּעס צו זאָגען אי דערפֿאַר אי דאַגעגען...

ברויט. איך שטים פֿאָלשטענדיג איין מיט צוקער!...

די קאַץ. זיינען מיר ניט אַלע דאָ אַנוועזענדע וואַסער, פֿייער און איהר אַליין, ברויט און הונד, די קרבנות פֿון אַ נאָמענלאָזער טיראַניי?...עררינערט איהר אייך ניט די צייט איידער דער דעספּאָט איז געקומען, ווען מיר פֿלעגען אַרומוואַנדערען פֿריי אויף דער אויבער־פֿלעכע פֿון דער ערד?... פֿייער און וואַסער זיינען געווען די גאַנצע בעל הבתים פֿון דער וועלט; און זעהט וואָס ס'איז פֿון זיי געוואָרען!... און וואָס איז נוגע אונז, עלענדע נאָכפֿאָלגער פֿון גרויסע ווילדע חיות... בעטראַכט!... מיר האָבען די מאַכט פֿערלוירען...איך זעה די צויבערין און די ליכט קומען... די ליכט איז אויף דעם צד פֿון'ם מענשען; זי איז אונזער ערגסטער שונא... אָט זיינען זיי...

בּרויט. איך האָב זיך געלאָזט איבערציינגען; נאָר אין דער לעצטער רגע האָט די ליכט זיך אויסגעקליבען דאָס קלייד אין׳ם קוליר פֿון דער לבנה...

די קאַץ. קומט, געגוג פּלאַפּלען, די צייט געהט אַוועק... אונזער צוקונפֿט איז אין געפֿאַהר... איהר האָט געהערט, די צוויי־בערין האָט ערקלעהרט, אַז די ענדע פֿון דער רייזע מיינט אויך אין דער זעלבער צייט די ענדע פֿון אונזערע לעבענס... ס׳איז דערפֿאַר אונזער אינטערעס זי צו פֿערלענגערן ווי ווייט מעגליך, און דורך אַלע מעגליכע מיטלען... ס׳איז נאָך דאָ אַ זאַך; מיר דאַרפֿען פֿערזאָרגען דעם שיקזאַל פֿון אונזער ראַסע און די צוקונפֿט פֿון אונזערע קינדער...

בּרויט. בראַוואָ! ... די קאַץ איז גערעכט...

די קאַץ. הערט מיך אויס... מיר אַלע דאָ אַנוועזענדע, חיות, זאַכען און עלעמענטען, בעזיצען אַ נשמה, וועלכע דער מענש קען נאָך ניט איצט. אָט דורך דעם האַלטען מיר נאָך אויף אַ ברעקעל אונאַבהענגיגקייט; אָבער אויב ער געפֿינט דעם בלויען פֿויגעל, וועט ער אַלעס וויסען, וועט ער אַלעס זעהן, און מיר וועלען זיין אין גאַנצען אונטערוואָרפֿען אונטער זיין ווילען.... אָט דאָס האָב איך ערשט ערפֿאַהרען פֿון מיין אַלטע פֿריינדין, די נאַכט, וואָס איז אויך די וועכטערין פֿון די סודות פֿון׳ם לעבען... ס׳איז דערפֿאַר אין אונזער אינטערעס צו הינדערן אונטער יעדען פּרייז דאָס געפֿינען פֿון דעם בלויען פֿויגעל, אפילו אויב מיר וועלען דאַרפֿען שטעלען אין סכנה די לעבענס פֿון די קינדער...

דער הונד (אויפֿגערעגט). וואָס זאָגט ער דאָ?... זאָג עס נאָך אַמאָל, לאָמיך זעהן צי כ׳האָב עס גוט געהערט?

בּרויט. רוהיג! איהר האָט ניט איצט דאָס וואָרט!... איך בין דער פּאָרזיצענדער אויף דעם מיטינג...

פֿייער. ווער האָט אייך געמאַכט פֿאַר אַ פּאָרזיצענדען?...

וואַסער (צום פֿייער). שטיל!... וואָס מישט איהר אייך אַריין?...

פֿייער. איך וועל זיך אַריינמישען ווען מיר וועט געפֿעלען... און איך וויל ניט האָבען אייערע בעמערקונגען...

דער הונד. סוף כל סוף האָט ער זיך אויסגעקליבען אַ טירקישען מאַנטעל, בעציהרט מיט עדעלשטיינער, אַ קרומען זעבעל און אַ טורבאַן...

די קאַץ. אָט איז ער... ער האָט זיך אָנגעטהאָן אין דאָס פיינסטע קלייד פון דער בלויער-באָרד...

(ברויט קומט אַריין, אָנגעטהאָן אין דעם אויבען בעשריבענעם קלייד. דער זיידענער מאַנטעל איז אַרום געבונדען איבער זיין זעהר גרויסען בויך... אין איין האַנד האַלט ער דאָס הענטעל פון דעם קרומען זעבעל, וועלכער שטעקט אין זיין גאַרטעל, און אין דער צווייטער האַנד האַלט ער דאָס שטייגעל וואס איז בעשטימט פאַר דעם בלויען פויגעל.

ברויט (שאָקלענדיג זיך מיט גאוה). נו גוט?... זאָגט, ווי געפעלט דאָס אייך?...

דער הונד (שפרינגענדיג אַרום ברויט). ווי שעהן ער איז! ווי נאַריש ער איז! ווי שעהן ער איז! ווי שעהן ער איז!...

די קאַץ (צום ברויט). זיינען די קינדער שוין אָנגעטהאָן?...

ברויט. יאָ, הערר טילטיל האָט אָנגעטהאָן אַ בלויע רעקעל און רויטע הויזלאַך, ווי אַ קליינער דוימלינג, און פריילין מיטיל האָט גרעטכענס קלייד און צינדערעלאַס שיך... אָבער מעשים האָבען זיך אָבגעטהאָן ביי דאָס אָנטהאָן פון דער ליכט...

די קאַץ. פאַר וואָס?

ברויט. די צויבערין האָט גערענקט, אַז זי איז אַזוי שעהן דאָס זי האָט איהר גאָר ניט געוואָלט אָנטהאָן!... אָט דערפאַר האָב איך פראָטעסטירט אין'ם נאָמען פון אונזער ווירדיגקייט אַלס וויכטיגע און זעהר בכבודי'גע עלעמענטען; און איך האָב געענדיגט ערקלעהרענדיג, אַז אונטער די בעדינגונגען, וועל איך זיך ענטזאַגען מיטצוגעהן ...

פייער. זיי האָבען איהר געדאַרפט קויפען אַ לאָמפען-שירם!...

די קאַץ. און וואָס האָט די צויבערין דערויף געענטפערט?...

ברויט. זי האָט מיך געשלאָגען מיט דעם שטעקען אויף מיין קאָפ און מיין בויך...

די קאַץ. און נאָכהער?...

פֿייער. צום טייפֿעל, אין וואָס האָט ער זיך אָנגעטהאָן?...

די קאַץ. ער האָט אָנגעטהאָן אַ ליוורעע פֿון איינעם פֿון די לאַקייען פֿון צינדערעלאַס קאַרעטע... ס'איז אַקוראַט דאָס וואָס פּאַסט איהם... ער האָט די נשמה פֿון אַ קנעכט... נאָר לאָמיר זיך בעהאַלטען אונטער אַ געלענדער... ס'איז מערקווירדיג ווי איך האָב צו איהם קיין צוטרוי ניט... בעסער זאָל ער ניט הערען, וואָס איך האָב אייך צו זאָגען...

צוקער. ס'איז אוננוצליך... ער האָט אונז שוין דערזעהן... זעה... וואַסער קומט שוין אויך אַרויס פֿון דער גאַרדעראָבע... מיין גאָט! ווי שעהן זי איז!...

(דער הונד און דאָס וואַסער שליסען זיך אָן אין דער ערשטער גרופּע.)

דער הונד (שפּרינגענדיג). זעהט! זעהט!... זיינען מיר ניט שעהן!... בעטראַכט נאָר אָט די שפּיצען און די שטיקעריי... זיי זיינען אָהן אַ ספק פֿון ריכטיג גאָלד...

די קאַץ (צום וואַסער). איז דאָס די קלייד אין דעם צייט־קוליר?... עס שיינט מיר דאָס איך דערקען עס...

וואַסער. יאָ, ס'איז דאָס קלייד, וואָס האָט מיר אַם בעסטען געפּאַסט.

פֿייער (צווישען די צייהן). זי האָט ניט מיטגעבראַכט איהר שירם...

וואַסער. וואָס זאָגסטו?...

פֿייער. גאָר ניט, גאָר ניט...

וואַסער. איך האָב געמיינט, אַז דו רעדסט פֿון אַ גרויסער, רויטער נאָז, וואָס איך האָב אַ מאָל געזעהן...

די קאַץ. קומט, לאָמיר זיך ניט אַרומקריגען; מיר האָבען וויכטיגערס צו טהון... מיר וואַרטען נאָר אויף ברויט; וואו איז ער?...

דער הונד. ער האָט געמאַכט אַנ'ענדלאָזען ליאַרעם ביים אויסקלייבען זיינע קליידער...

פֿייער. דאָס איז ווירקליך אַ זאָרג פֿאַר איינעם, וואָס האָט די צורה פֿון אַ אידיאָט און טראָגט אַזאַ אונגעהויערען גרויסען בויך...

# צווייטער אקט.

## צווייטעם בילד.

### ביי דער צויבערין.

א פרעכטיגער פּאַרזאַאַל אין דעם פּאַלאַץ פון דער צויבערין בערילון. זיילען פון פונקלענדען מאַרמאָר מיט גאָלדענע און זילבערנע קעפּ, טרעפּען, געלענדערס א.אַז.וו.

(עס קומען אַריין פון הינטען פון דער רעכטער זייט די קאַץ, צוקער און פייער, אָנגעטהאָן אין פרעכטיגע קליידער. זיי קומען פון אַ צימער, פון וועלכען עס פליסען אַרויס ליכט-שטראַהלען; ס׳איז דער צויבערין׳ס גאַרדע-ראָבע. די קאַץ איז אָנגעטהאָן אין דעם קלאַסישען אַנצוג פון דער געשיקקער קאַץ; צוקער טראָגט אַ זיידענע קלייד, האַלב ווייס און האַלב ווייס-בלוי, און פייער טראָגט אַ הוט בעזעצט מיט פערשיעדען-קולירענדיגע פעריל און אַ לאַנגען מאַנטעל געשטיקט מיט גאָלד. זיי געהען דורך די גאַנצע לענג פון דעם זאַאַל און קומען צו צו דעם ערשטען פלאַן, אין דער רעכטער זייט, וואו די קאַץ פערזאַמעלט זיי אַרום אַ זייל.)

די קאַץ. אַט דאָ אַרום. איך קען יעדעס פּיצעלע פון דעם פּאַלאַץ... די צויבערין בערילון האָט איהם גע׳ירש׳ט פון דער בלויער־באָרד... לאָמיר זיך בענוצען מיט אונזערע לעצטע פרייהייטס מינוטען, אין דער צייט ווען די קינדער און די ליכט ווערלען בעזוכען די קליינע טאָכטער פון דער צויבערין... איך האָב אייך אַהער געבראַכט, אום מיר זאָלען זיך דורכרעדען וועגען דער לאַגע, אין וועלכער מיר געפינען זיך... זיינען מיר שוין אַלע?...

צוקער. איך זעה דעם הונד אַרויסקומען פון דער צויבערינס גאַרדעראָבע...

די צויבערין (צו דער ליכט וואָס קוקט פער׳חלומ׳ט צו דעם צובראָ־כענעם לאָמפ). און דו, ליכט, וואָס זאָגסט דו?...

די ליכט. איך וועל געהן מיט די קינדער...

דער הונד (שפרינגענדיג פון פרייד). איך אויך!... איך אויך!...

די צויבערין. דאָס איז זעהר גוט. איבריגענס איז שוין צו שפעט זיך צוריק צו קעהרען; איהר האָט קיין ברירה ניט, איהר מוזט אַלע אָבגעהן מיט אונז... אָבער דו, פייער, דערנעהנטער דיך ניט צו קיינעם; דו, הונד, טשעפּע ניט די קאַץ; און דו, וואַסער, האַלט דיך צוזאַמען און פערשפּרייט זיך ניט אַרום...

(אַ שטאַרקעס קלאַפּען הערט זיך ווידער אין דער טהיר פון רעכטס.)

טילטיל (צוהערענדיג זיך). ס׳איז ווידער דער פאָטער!... ער שטעהט שוין אויף; איך הער איהם אַרומגעהן...

די צויבערין. לאָמיר אַרויסגעהן דורך דעם פענסטער... איהר זאָלט אַלע קומען צו מיר אין הויז, וואו איך וועל ריכטיג אָנקליידען די געגענשטענדע און ערשיינונגען... (צום ברויט.) דו, ברויט, נעהם דאָס שטייגעל אין וועלכען מען זאָל אַריינזעצען דעם בלויען פויגעל... דו וועסט עס דאַרפען היטען... שנעל, שנעל, לאָמיר ניט פערליהרען קיין צייט...

(דאָס פענסטער פערלענגערט זיך אַראָב און ווערט ווי אַ טהיר. אַלע געהן אַרויס, נאָכהער ווערט דאָס פענסטער צוריק ווי געוועזען און מאַכט זיך צו אונשולדיג. דאָס צימער ווערט צוריק פינסטער און די צוויי קינדער בעטלאַך ווינען איינגעהילט אין שאָטענס. די טהיר פון רעכטס עפענט זיך לאַנגזאַם און עס ערשיינען די קעפּ פון פאָטער און מוטער טיל.)

פאָטער טיל. ס׳איז גאָר ניט געוועזען... די גריל האָט געקוויטשעט...

מוטער טיל. דו זעהסט זיי?...

פאָטער טיל. גאַנץ געווים... זיי שלאָפען גאַנץ רוהיג...

מוטער טיל. איך הער זיי אָטהעמען...

(די טהיר מאַכט זיך צוריק צו.)

פאָרהאַנג.

---

די צויבערין. מיין גאָט, איך בין פֿערפּליכטעט אייך צו זאָגען דעם אמת: אַלע, וועלכע וועלען מיטגעהן מיט די צוויי קינדער וועלען שטאַרבען ביי דער ענדע פֿון דער רייזע...

די קאַץ. און די, וועלכע וועלען ניט מיטגעהן?...

די צויבערין. וועלען זיי איבערלעבען מיט איינינע מינוטען...

די קאַץ (צו דעם הונד). קום, לאָמיר צוריק אַריין אין דער פּאַסטקע...

דער הונד. ניין, ניין!... איך וויל ניט!... איך וויל מיטגעהן מיט דעם קליינעם גאָט!... איך וויל צו איהם רעדען די גאַנצע צייט!...

די קאַץ. אידיאָט!...

(מען קלאַפּט שטאַרקער אין דער טהיר.)

דאָס ברויט (פֿערגיסענדיג ביטערע טרערען). איך וויל ניט שטאַרבען ביי דער ענדע פֿון דער רייזע... איך וויל שוין צוריקגעהן אין מיין קאָרב!...

דער פֿייער (וועלכער האָט ניט אויפֿגעהערט אַרום צו לויפֿען ווילד אין צימער, בלאָזענדיג מיט פּחד). איך קען ניט געפֿינען מיין קוימען...

דאָס וואַסער (זוכענדיג אומזיסט צוריק אַריינצוגעהן אין דער שאַף). איך קען ניט צוריק אַריין אין מיין שאַף!...

צוקער (דרעהענדיג זיך אַרום דעם פּאַפּיער, אין וועלכען ס'איז געווען איינגעוויקעלט). איך האָב צוריסען מיין פּאַק פּאַפּיער!...

מילך (אויפֿגערעגט און שעמעוודיג). אימעצער האָט צובראָכען מיין קריגעל!...

די צויבערין. מיין גאָט, ס'אַראַ דומקעפּ זיי זיינען!... דומקעפּ און פֿייגלינגע!... איהר וואָלט בעסער געוואָלט פֿאָרטזעצען אייער לעבען אין די מיאוס'ע קעסטלאַך, אין אייערע פּאַסטקעס און שאַפֿעס, איידער מיטצוגעהן מיט די קינדער, אום צו זוכען דעם פֿויגעל?...

אַלע (אַחוץ דער הונד און די ליכט). יאָ, יאָ!... איצט שוין!... מיין שאַף!... מיין קאָרב!... מיין קוימען!... מיין פּאַסטקע!...

די צויבערין. קעהר אום דעם דימענט!... פון לינקס צו רעכטס!... (טילטיל קעהרט שנעל אום דעם דימענט.) ניט אזוי שנעל!... מיין גאָט! ס'איז שוין צו שפעט!... דו האָסט איהם אזוי איילענדיג אומגעקעהרט; זיי וועלען קיין צייט ניט האָבען צו פערנעהמען צוריק זייערע פלעצער און מיר וועלען האָבען גענוג צרות...
(די צויבערין ווערט צוריק אַן'אַלטע פרוי, די ווענד פון דער הייזקע פערליערען צוריק זייער גלאַנץ, די שטונדען געהן צוריק אריין אין זייגער, דער שפינשטוהל שטעלט זיך אָב א.אַז.וו. אָבער אין דעם אַלגעמיינעם איילעניש און טומעל, ווערענד דער פייער לויפט אַרום ווילד אין דעם צימער זוכענדיג דעם קוימען, צואווייגט זיך איינער פון די לעבעל ברויט, וועלכער האָט ניט געקענט אריין אין דעם קאָרב און ער לאָזט אַרויס שרעקליכע געשרייען פון מורא.)
וואָס איז מיט דיר...

דאָס ברויט (וויינענדיג). ס'איז ניטאָ קיין פּלאַץ אין דעם קאָרב!...

די צויבערין (אָנבויגענדיג זיך איבער דעם קאָרב). ס'איז דאָ, ס'איז דאָ... (זי שטופט אריין די אַנדערע לעבעלס ברויט, וועלכע האָבען זיך צוריקגעקעהרט אויף זייערע פריהעריגע פלעצער.) קום, שנעל, שטופ דיך אַריין...
(דאָס קלאַפּען אין דער טהיר ווידערהאָלט זיך).

דאָס ברויט (שטאַרק דערשראָקען, אָנשטרענגענדיג זיך אומזיסט אריינצוקריכען אין דעם קאָרב). איך קען ניט אַריין!... ער וועט מיך צוערשט אויפעסען!...

דער הונד (שפּרינגענדיג אַרום טילטיל'ן). מיין קליינער גאָט!... איך בין נאָך אַלץ דאָ!... איך קען נאָך אַלץ רעדען! איך קען דיך נאָך אַלץ קושען!... נאָך אַמאָל! נאָך אַמאָל!...

די צויבערין. ווי, אויך דו?... דו ביזט נאָך אַלץ דאָ?...

דער הונד. ס'אַראַ גליק!... איך האָב פערשפּעטיגט זיך צוריקצוקעהרען אין דער שטילקייט; די פאַסטקע האָט זיך צו שנעל פערמאַכט...

די קאַץ. מיינע אויך... וואָס וועט דאָ פאָרקומען?... איז פאַרהאַן וועלכע ס'איז געפאַהר?...

די צויבערין. שרעק זיך ניט, ס'איז וואַסער, וואָס איז ערשט אַרויסגעקומען פֿון דער שאַף...

(דאָס מילך־קריגעל קעהרט זיך איבער, פֿאַלט אַראָב פֿון דעם טיש און ווערט צובראָכען אויף דער פּאָדלאָגע; פֿון דער אויסגעגאָסענער מילך ערהויבט זיך אַ הויבע, ווייסע, שעהמעדיגע פֿיגור, וואָס שיינט זיך צו שרעקען פֿאַר יעדער זאַך.)

טילטיל. און די שרעקעדיגע פֿרוי אין איהר נאַכט קלייד...

די צויבערין. ס'איז מילך; זי האָט צובראָכען איהר קריגעל...

(דאָס היטעל צוקער נעבען דער שפּייז־שאַפֿע ווערט אַלץ העכער און ברייטער, דאָס פּאַפּיר ווערט צוזעצט און עס ערשיינט אַ עקעלהאַפֿטעס, חיטרעס וועזען, אָנגעטהון אין אַ לאַנגען ראָק האַלב בלוי, האַלב ווייס, און געהט צו צו מיטיל'ן שעמליש שמייכלענדיג.)

מיטיל (שטאַרק דערשראָקען). וואָס וויל ער?...

די צויבערין. וואָס איז, ס'איז די נשמה פֿון צוקער!...

מיטיל (בערוהיגט). האָט ער עפּעס צוקער שטעקעלאַך?...

די צויבערין. זיינע קעשענעס זיינען פֿול דערפֿון און יעדער פֿינגער זיינער איז אַ צוקער שטעקעל...

(דער לאָמפּ פֿאַלט אַראָב פֿון טיש און אין דעם זעלבען מאָמענט הויבט זיך אויף זיין פֿלאַם, פֿון וועלכען עס קומט אַרויס אַ ליכטיגע מויד, אָהן אַ גלייכען צו זיך אין שעהנקייט. זי איז געקליידט אין לאַנגע דורכזיכטיגע און שטראַהלענדע שלייערס, און בלייבט שטעהן אָהן בעוועגונג ווי פֿערלוירען אין אַ גרויסער בעגייסטערונג.)

טילטיל. ס'איז די קעניגין...

מיטיל. ס'איז די הייליגע יונג־פֿרוי...

די צויבערין. ניין, מיינע קינדער, ס'איז די ליכט...

(אין דער צייט דרעהען זיך די זופּ שיסלען אויף די פּאָליצעס ווי דריידלאַך; די וועש־שראַנק עפֿענט איהרע פֿליגעל־טהירען און פֿאַנגט אָן פֿאַנאַנדער וויקלען פּראַכטפֿולע שטאָפֿען אין לבנה פֿאַרבען און זוננען קולירען, מיט וועלכע עס מישען זיך צוזאַמען ניט ווייניגער גלענצענדע לאַפּען און שטיקער שטאָף, וועלכע קומען אַראָב מיט דעם לייטער פֿון דעם בוידעם. אָבער פּלוצלינג דערהערען זיך דריי שטאַרקע קלעפּ ביי דער טהיר פֿון דער רעכטער זייט.)

טילטיל (דערשראָקען). ס'איז דער פֿאָטער... ער האָט אונז דערהערט!...

דיך!... איך ליעב דיך!... ווילסטו זעהן איך זאָל בעווייזען איינינע פון מיינע קונצען?... ווילסטו איך זאָל בילען?... ווילסטו זעהן ווי איך געה אויף מיינע צוויי פאָדערשטע פיס און ווי איך טאַנץ אויף די הינטערשטע?...

טילטיל (צו דער צויבערין). ווער איז דער הערר מיט דעם קאָפּ פון אַ הונד?...

די צויבערין. וואָס, דו דערקענסט איהם ניט? ס'איז די נשמה פון טילאָ, וועלכען דו האָסט פריי געלאָזען...

די קאַץ (געהט צו צו מיטיל'ן און שטרעקט איהר אויס די האַנד מיט פיעל צערעמאָניע און פאָרזיכטיגקייט). גוט מאָרגען פריילען... ווי שעהן דו זעהסט איצט אויס!...

מיטיל. גוט מאָרגען הערר... (צו דער צויבערין.) ווער איז ער?...

די צויבערין. ס'איז לייכט איהם צו דערקענען; ס'איז די נשמה פון טילעט'ן וואָס שטרעקט דיר אויס די האַנד... קוש איהם...

דער הונד (אָוועקשטופענדיג די קאַץ). מיך אויך!... איך האָב געקושט דעם קליינעם גאָט!... איך האָב געקושט די קליינע מויד!... איך האָב געקושט יעדען איינעם!... אַ פראַכט!... אַי וועלען מיר זיך אַמוזירען!... איך וועל איבערשרעקען טילעט'ן!... האַו, האַו, האַו!...

די קאַץ. הערר, איך קען אייך ניט...

די צויבערין (כטראַשענדיג דעם הונד מיט דעם שטעקען). דו פּער־האַלסט זיך רוהיג, אויב ניט קעהרסט דו זיך צוריק אין דער שטיל־קייט ביז צום סוף פון דער צייט...

(אין דער צייט איז די צויבעריי ווייטער אָנגעגאַנגען: די שפּין-שטוהל האָט זיך אָנגעפאַנגען שנעל צו דרעהען אין דעם ווינקעל, וועבענדיג גלענצענדע שטראַהלען פון ליכט; די וואַסער-שאַף אין דעם אַנדערען ווינקעל פאַנגט אָן צו זינגען מיט זעהר אַ הויך קול און ווערט פערוואַנדעלט אין אַ ליכטיגען קוואַל, זי פערפלייצט דאָס פלאַץ אַרום מיט רייהען פעריל און סמאַראַגדען, צווישען וועלכע עס ערהויבט זיך די נשמה פון'ם וואַסער אין דעם געשטאַלט פון אַ יונגע מיידעל, פליעסענדיג, מיט צעוואָרפענע האָר און פול טרערען; זי פאַנגט תיכף אָן קעמפפען מיט דעם פייער.)

טילטיל. און ווער איז די נאַסע פרוי?...

מענשעלאך און וויקעלאך, וואס האבען דאס קוליר פון סקארינקע פון ברויט, וואַרפענדיג זיך, און אָנגעפאָדערט מיט מעהל, קלעטערען זיי ארויס פון׳ם ברויט-קאָרב און שפּרינגען אַרום דעם טיש, וואו זיי ווערען געכאַפּט פון׳ם פייער, וועלכער געהט אויף פון דעם אויוועו אין געלע און שאַרלאַך-רויטע וויקעלאַך; ער לויפט זיי נאָך און דרעהט זיך פון געלעכטער.)

טילטיל. ווער זיינען די מיאוסע, קליינע מענשעלאך? ...

די צויבערין. ניט קיין וויכטיגע; זיי זיינען נאר די נשמות פון די לעבעלס ברויט, וועלכע בענוצען זיך מיט דער געלעגענהייט, וואס ס׳הערשט דער אמת, ארויסצוגעהן פון דעם קאָרב, אין וועלכען זיי זיינען געווען צו ענג איינגעפּאַקט ...

טילטיל. און דער גרויסער רויטער טייפעל, וועלכער שמעקט אזוי שלעכט? ...

די צויבערין. שטיל! ... רעד ניט אזוי הויך; ס׳איז פייער... ער איז א געפעהרליכער יונג.

(דער געשפּרעך אונטערברעכט ניט די צויבעריי. דער הונד און די קאץ, וועלכע ליגען פערדרעהט איןביידע זייטען פון דער שפייז-שאַפע, לאָזען ארויס, ביידע אין דערזעלבער צייט, א הויכען געשריי, און פערשווינדען אונטער א פאַסטקע; אויף זייערע פלעצער ערשיינען צוויי פערזאָנען, איינער זעהט אויס ווי א מוטהיגער הונד און דער צווייטער ווי א קאָטער. דער קליינער מענשעל מיט דעם אויסזעהן פון א מוטהיגען הונד, וועלכען מיר וועלען פון איצט ווייטער רופען איינפאַך הונד, לויפט תיכף צו צו טילטיל׳ן, קושט איהם שטאַרק און בעשיט איהם מיט טומעלדיגע און האַסטיגע אומ-אַרמונגען; דער קליינער מענשעל מיט דער צורה פון א קאָטער, וועלכען מיר וועלען פון איצט רופען איינפאַך קאץ, קעמט זיך אין דער צייט די האָר, לעקט זיך די הענד, און דרעהט זיך די וואָנצעס בעפאָר ער געהט צו צו מיטיל׳ן.)

דער הונד (בילענדיג, אַרומשפּרינגענדיג, אָנשטויסענדיג זיך אין אַלעס, אונערטרעגליך). מיין קליינער גאָט!... גוט מאָרגען! גוט מאָרגען מיין קליינער גאָט!... ענדליך, ענדליך, קענען מיר רעדען! איך האָב דיר אזוי פיעל צו דערצעהלען! איך קען אזוי שעהן בילען, איך קען אזוי שעהן דרעהען מיט מיין עק!... דו האָסט דאס קיין מאָל ניט פערשטאַנען!... אָבער איצט!... גוט מאָרגען! גוט מאָרגען!... איך ליעב

די צויבערין (ווערט פלוצלינג אין כעס). איך זאָג דיר, אַז דו קענסט ניט זעהן!... ערקלעהר ווי זעהסטו מיך? ערקלעהר ווי זעה איך אויס?... (טילטיל שווייגט פערלעגען.) נו גוט, דו ענטפערסט? איך וויל וויסען צי דו קענסט זעהן... בין איך שעהן אָדער מיאוס?... (דאָס שטיל שווייגען וואַקסט מעהר און מעהר אומבעקוועמליך.) דו ווילסט ניט ענטפערען?... בין איך יונג אָדער אַלט?... זיינען מיינע באַקען רויט אָדער בלאַס?... דו ועסט אפשר זאָגען, אַז איך האָב אַ הויקער?...

טילטיל (מיט אַ גוטמוטהיגען טאָן). ניין, ניין, ער איז ניט קיין גרויסער...

די צויבערין. און טראָץ דעם, לויט דיין אויסזעהן, קען מען מיינען, אַז ער איז שרעקליך גרויס... האָב איך אַ געבויגענע נאָז און איז מיר אויסגעזעצט אָן אויג?

טילטיל. ניין, ניין, כ'זאָג דאָס ניט... ווער האָט עס דיר אויסגעזעצט?...

די צויבערין (ווערט מעהר און מעהר אויפגערעגט). ס'איז גאָר ניט אויסגעזעצט!... דו אונפערשעהמטער! עלענדער!... ס'איז פיעל שעהנער ווי דאָס צווייטע; ס'איז גרעסער, ליכטיגער און ס'איז בלוי ווי דער הימעל... און מיינע האָר זעהסט דו?... זיי זיינען גאָלדען ווי דער קאָרן אויף'ן פעלד... זיי זיינען ווי גין־גאָלד!... און איך האָב הויפענס און הויפענס, וועלכע ציהען אַראָב מיין קאָפּ צו דער ערד... זיי צופאַלען אין אַלע זייטען... זעהסטו זיי אין מיין האַנד?...

(זי ציינט צוויי דינענקע בינטלאַך גרויע האָר.)

טילטיל. יאָ, כ'זעה עטליכע...

די צויבערין (אויפגעבראַכט). עטליכע!... גאַרבען! בינטלאַך! הויפענס! כוואַליעס פון גאָלד!... איך ווייס זעהר גוט, אַז עס זיינען דאָ אַזעלכע, וועלכע זאָגען, אַז זיי זעהען קיין איינע ניט; אָבער דו ביזט ניט איינער פון די שלעכטע, בלינדע מענשען; איך מיין עפּעס?...

טילטיל. ניין, ניין, כ'קען גוט זעהן אַלעס, וואָס איז ניט פערבאָרגען.

די צויבערין. דו מוזט אָבער אויך זעהן דאָס איבעריגע

די צויבערין. וואו זיינען זיי? ...

טילטיל. זיי זיינען אויך טויט...

די צויבערין. וואָלט איהר זיי וועלען ווידערזעהן?...

טילטיל. אָה, געוויס!... שוין, תיכף!... צייג זיי אונז!...

די צויבערין. איך האָב זיי ניט ביי מיר אין קעשענע... אָבער זייער קבר איז וואונדערבאַר; איהר וועט זיי קענען זעהן, ווען איהר וועט דורכגעהן דאָס לאַנד פון דער ערינערונג. ס'איז אויף דעם וועג צו דעם בלויען פויגעל. אויף דער לינקער זייט, ביי דער דריטער ווענדונג. וואָס האָט איהר געטהון, ווען איך האָב אָנגעקלאַפּט?...

טילטיל. מיר האָבען זיך געשפּיעלט אין עסען קיכעלאַך.

די צויבערין. איהר האָט קיכעלאַך?... וואו זיינען זיי?...

טילטיל. אין דעם פּאַלאַץ פון די רייכע קינדער... קום און זעה, ס'איז אַזוי שעהן!... (ער שלעפּט צו די צויבערין צום פענסטער.)

די צויבערין (ביי'ם פענסטער). ס'זיינען אָבער אַנדערע, וועלכע עסען זיי...

טילטיל. געוויס; אָבער מיר קענען זיי זעהן עסען...

די צויבערין. זיינט איהר ניט ברוגז אויף זיי?...

טילטיל. פאַר וואָס?...

די צויבערין. פאַרוואָס זיי עסען אויף אַלע קיכעלאַך. איך מיין, אַז ס'איז זעהר געפעהלט פון זיי, וואָס זיי גיבען אייך אויך ניט...

טילטיל. בשום אופן ניט; זיי זיינען רייך... ווי? איז ניט שהען דאָרט?...

די צויבערין. ס'איז דאָרט ניט שעהנער ווי דאָ.

טילטיל. אך!... דאָ איז פינסטערער, און ענגער, און ס'איז ניטאָ קיין קיכעלאַך...

די צויבערין. ס'איז אַקוראַט דאָס זעלבע; דו קענסט נאָר ניט זעהן...

טילטיל. אָה ניין, כ'קען יאָ זעהן און איך האָב זעהר גוטע אויגען. כ'קען זעהן די צייט אויף דעם זייגער פון דער קירכע און דער פאָטער קען ניט זעהן...

די צויבערין (ווערענדיג אין כעס). אפילו קיין ברעקעל ניט!... ס'איז ניטאָ די קלענסטע עהנליכקייט!... דאָס איז אָבשייליך!... איך בין די צויבערין בערילון...

טילטיל. אַך! זעהר גוט...

די צויבערין. איהר מוזט שוין אַוועקגעהן.

טילטיל. וועסט דו קומען מיט אונז?...

די צויבערין. דאָס איז מיר דורכאויס אונמעגליך, ווייל איך האָב צוגעשטעלט דעם טאָפּ צום פייער היינט אין דער פריה, און ער לויפט שטענדיג אויס, אויב איך פעהל אויס מעהר ווי אַ שעה... (זי ציינגט איינס נאָך'ס אַנדערע צו דעם באַלקען, צו דעם קוימען און צו דעם פענסטער.) ווילט איהר אַרויסגעהן דאָ־אַרום, דאָרט־אַרום, אָדער דאָרט־אַרום?...

טילטיל (צייגענדיג מיט מורא צו דער טהיר). כ'וואָלט גיכער אַרויסגעגאַנגען דאָ־אַרום...

די צויבערין (ווערענדיג ווידער אין כעס). דאָס איז דורכאויס אונמעגליך, און ס'איז אַ שרעקליכע געוואוינהייט... (צייגענדיג צו דעם פענסטער.) איהר קענט אַרויסגעהן דאָ־אַרום... טאָ גוט?... אויף וואָס וואַרט איהר?... טהוט אייך אָן שנעל... (די קינדער טהוען וואָס מען הייסט זיי און זיי ציהען זיך שנעל אָן.) איך וועל העלפען מיטיל'ן...

טילטיל. מיר האָבען ניט קיין שיך...

די צויבערין. דאָס מאַכט ניט אויס. איך וועל אייך געבען אַ קליין וואונדערבאַר היטעלע. וואו זיינען אַייערע עלטערן?...

טילטיל (צייגענדיג צו דער טהיר פון רעכטס). דאָרט זינען זיי; זיי שלאָפען...

די צויבערין. און אייער זיידע און אייער באָבע?...

טילטיל. זיי זיינען טויט...

די צויבערין. און אייערע קליינע ברידערלאַך, און אייערע קליינע שוועסטערלאַך... האָט איהר וועלכע?...

טילטיל. געוויס, געוויס; דריי קליינע ברידערלאַך...

מיטיל. און פיער קליינע שוועסטערלאַך...

(בשעת זיי וואַגען ניט צו עפֿענען די טהיר, זעהט מען די גרויסע קליאַמקע זיך אויפֿהויבען סקריפענדיג; די טהיר עפֿענט זיך ביז אין דער העלפֿט, אַריינצולאָזען אַ נידעריגע, אַלטע פֿרוי, אָנגעטהון אין גרינעם מיט אַ רויטע הויב אויף איהר קאָפּ. זי איז פוקעלדיג, געלעהמט און קורצזיכטיג; איהר נאָז קומט זיך צונויף מיט איהר מאָרדע און זי געהט אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקען. ס'איז גאָר קיין צווייפֿעל ניט, אַז זי איז אַ צויבערין).

די צויבערין. האָט איהר דאָ דאָס גראָז, וואָס זינגט פֿון דעם פֿויגעל, וועלכער איז בלוי?...

טילטיל. מיר האָבען עפּעס אַ גראָז, אָבער ס'קען ניט זינגען...

מיטיל. טילטיל האָט אַ פֿויגעל.

טילטיל. אָבער כ'קען איהם ניט אַוועקגעבען...

די צויבערין. פֿאַר וואָס?...

טילטיל. ווייל ער איז מיינער.

די צויבערין. דאָס איז אַנ'אורזאַך, גאַנץ געווים. וואו איז ערגעץ דער פֿויגעל?...

טילטיל (ציינענדיג אויף דעם שטייגעל). אין דעם שטייגעל...

די צויבערין (טהוט אָן דיברילען צו בעטראַכטען דעם פֿויגעל). דעם וויל איך ניט; ער איז ניט בלוי גענוג. איהר וועט מוזען געהן מיר אויסזוכען דעם, וועלכען איך דאַרף.

טילטיל. אָבער כ'ווייס ניט וואו ער איז...

די צויבערין. דאָס ווייס איך אויך ניט. און דערפֿאַר מוזט איהר איהם טאַקי זוכען. איך קען זיך לייכט בעגעהן אָהן דעם גראָז וואָס זינגט; איך מוז אָבער אונבעדינגט האָבען דעם בלויען פֿויגעל. ס'איז פֿאַר מיין קליינע טאָכטער, וועלכע איז זעהר קראַנק.

טילטיל. וואָס פֿעהלט איהר דען?...

די צויבערין. מיר ווייסען ניט גאַנץ גענוי; זי וויל זיין גליקליך...

טילטיל. אַך!?...

די צויבערין. ווייסט איהר ווער איך בין?...

טילטיל. איהר זיינט עהנליך אַביסעל צו אונזער שכנה, מאַדאַם בערלינגאָ...

טילטיל. ווייל זיי עסען ווען זיי ווילען...

מיטיל (אונגלויבליך). יעדען טאָג?

טילטיל. אַזוי זאָגען זיי.

מיטיל. וועלען זיי אַלצדינג אויפעסען?... וועלען זיי גאָר ניט אַוועק געבען?...

טילטיל. ועמען?...

מיטיל. אונז...

טילטיל. זיי קענען אונז ניט...

מיטיל. ווען מיר זאָלען אָבער ביי זיי בעטען?...

טילטיל. דאָס טאָרען מיר ניט טהון...

מיטיל. פאַר וואָס?...

טילטיל. ווייל דאָס איז פערבאָטען.

מיטיל (פלעסקענדיג מיט די הענד). אָה! ווי שעהן זיי זיינען!...

טילטיל. און ווי זיי לאַכען, ווי זיי לאַכען!...

מיטיל. און די קליינענקע טאַנצען!...

טילטיל. יאָ, יאָ, לאָמיר אויך טאַנצען!...

(זיי הויבען די פיס פאַר שמחה אויף דעם בענקעל).

מיטיל. אַך! ווי אַמוזירענד ס'איז!...

טילטיל. זיי בעקומען די קיכעלאַך!... זיי קענען זיי אָנריהרען... זיי עסען זיי! זיי עסען זיי! זיי עסען זיי!...

מיטיל. די קליינענקע אויך!... זיי האָבען צו צוויי, צו דריי, צו פיער קיכעלאַך!...

טילטיל (בערוישט פון פרעהליכקייט). אַך! ווי גוט ס'איז!... ס'איז אַזוי גוט! ס'איז אַזוי גוט!...

מיטיל (צעהלענדיג פאָרגעשטעלטע קיכעלאַך). איך האָב צוועלף!...

טילטיל. און איך פיער מאָל צוועלף... נאָר כ'וועל דיר אויך געבען אייניגע...

(אַ קלאַפּ אין דער טהיר פון דער הייזקע).

טילטיל (בלייבט שטיל און דערשראָקען). ווער זאָל זיין, ווער?...

מיטיל (דערשראָקען). ס'איז דער פאָטער!...

בענקעלע). אָט דאָ!... וועט דיר דאָס גענוג זיין?... ס'איז דיר איצט שוין בעסער פון מיר!... ס'אַרא סך ליכט!... ס'אַרא סך!...

מיטיל. וואָס טהון דאָרט יענע מענשען, וועלכע מאַכען אַזאַ ליאַרעם?...

טילטיל. דאָס זיינען די מוזיקאַנטען.

מיטיל. זיינען זיי אין כעס?...

טילטיל. ניין, נאָר ס'איז שווער.

מיטיל. אָט, נאָך אַ קאַרעטע מיט ווייסע פערד!...

טילטיל. זיי שטיל!... קוק און שווייג!...

מיטיל. וואָס זיינען יענע זאַכען, די גאָלדענע, וועלכע הענגען אַראָב פון די צווייגען?...

טילטיל. דאָס זיינען שפּיעלכעלאַך, געווים!... שווערדען, ביקסען, סאָלדאַטען, האַרמאַטען...

מיטיל. און ליאַלקעס, זאָג, זיינען ליאַלקעס אויך דאָ?...

טילטיל. ליאַלקעס?... זיי זיינען נאַרישקייטען; זיי קענען ניט אַמוזירען...

מיטיל. און אַרום דעם טיש, וואָס איז דאָס, וואָס ליגט דאָרט?...

טילטיל. דאָס זיינען קיכעלאַך, פרוכטען און לעקאַך...

מיטיל. איך האָב אַמאָל אויך געהאַט פון דעם, ווען איך בין געווען קליין...

טילטיל. איך אויך; ס'איז בעסער ווי ברויט, נאָר מען גיט ווייניג דערפון...

מיטיל. זיי האָבען ניט ווייניג דערפון... דער גאַנצער טיש איז פול... וועלען זיי דאָס אויפעסען?...

טילטיל. גאַנץ געווים; וואָס דען זאָלען זיי טהון דערמיט?...

מיטיל. פאַר וואָס עסען זיי עס ניט אויף אין גאַנצען מיט איין מאָל?

טילטיל. ווייל זיי זיינען ניט הונגעריג?...

מיטיל (ערשטוינט). ניט הונגעריג?... ווי קומט עס?...

מיטיל. אך! ווי ליכטיג זיי זיינען!...

טילטיל. ס'איז די ליכט פון'ם פעסט.

מיטיל. פון וועלכען פעסט?

טילטיל. אקעגען, ביי די רייכע קינדער. ס'איז דער ווייהנאכטס-בוים. לאמיר עפענען די לאדענס...

מיטיל. מעגען מיר דאס?

טילטיל. גאנץ געוויס, מיר זיינען דאך אליין... דו הערסט די מוזיק?... לאמיר זיך אויפהויבען...

(די צוויי קינדער הויבען זיך אויף, לויפען צו צו איינעם פון די פענסטער, שטעלען זיך אויף דעם פוס-בענקעלע און שלעפען אוועק דעם לאדען. א גלענצענדע ליכט פילט אן דאס צימער. די קינדער קוקען ארויס מיט נייגיעריגקייט).

טילטיל. מיר זעהן אלעס.

מיטיל (גיט געפינענדיג קיין פלאץ אויף דעם בענקעלע). איך זעה ניט...

טילטיל. ס'שנעעט!... אט זיינען דא צוויי קארעטען מיט צו זעקס פערד!...

מיטיל. ס'געהן ארויס צוועלף אינגעלאך!...

טילטיל. דו ביזט א נאר! ס'זיינען קליינע מיידעלאך...

מיטיל. זיי טראגען הויזעלאך...

טילטיל. דו ווייסט גאר ניט... שטופ מיך ניט אזוי!...

מיטיל. איך האב דיך גארניט אנגעריהרט.

טילטיל (וועלכער פערנעהמט דאס גאנצע פוס-בענקעלע). דו פערנעהמסט דאס גאנצע פלאץ...

מיטיל. איך האב דאך גאר קיין פלאץ ניט!...

טילטיל. שא שטיל, איך זעה דעם בוים!...

מיטיל. וועלכען בוים?...

טילטיל. דעם ווייהנאכטס-בוים!... דו קוקסט אויף דער וואנד!...

מיטיל. איך קוק אויף דער וואנד, ווייל איך האב קיין פלאץ ניט.

טילטיל (מאכט איהר פריי א גאנץ קליינעם פלאץ אויף דעם פוס-

שפיץ פינגער דורך דער רעכטער זייט, אויסלעשענדיג פריהער דעם לאָמפ. די סצענע בלייבט אויף אַ ווײַלע פינסטער, דאַן פאַנגט אָן אַ ליכט, וואַקסענדיג אין דער טיעף, אַריינזעצען דורך די לאָדענס. דער לאָמפ פון אויף דעם טיש צינדט זיך אָן אַליין צוריק, זיין פלאַם איז אָבער גאָר פון אַן אַנדערען קוליר, ניט ווי דער, וועלכער איז געווען פריהער, איידער די מוטער טיל האָט איהם אויסגעלאָשען. די צוויי קינדער שיינען אויפצוואוואַכען און זיי זעצען זיך אויף אין בעט.)

טילטיל. מיטיל?

מיטיל. טילטיל?

טילטיל. דו שלאָפסט?

מיטיל. און דו?...

טילטיל. אָה ניין, ווי קען איך שלאָפען, ווען איך רייד צו דיר?...

מיטיל. זאָג נאָר, ס'איז ווייהנאַכטען?...

טילטיל. נאָך ניט; ערשט מאָרגען. אָבער די ווייהנאַכטען וועלען אונז דאָס יאָהר גאָר ניט ברייגגען...

מיטיל. פאַר וואָס?...

טילטיל. איך האָב געהערט די מוטער זאָגען, אַז זי קען ניט געהן אין שטאָדט אַריין זיי צו הייסען ברייגגען... זיי וועלען אָבער קומען נעכסט יאָהר...

מיטיל. איז נאָך ווייט דאָס נעכסטע יאָהר?...

טילטיל. אַ גאַנץ היבשע ווײַלע... זיי וועלען אָבער די נאַכט קומען צו די רייכע קינדער...

מיטיל. אַך!?...

טילטיל. אָהאָ!... די מוטער האָט פערגעסען אויסצולעשען דעם לאָמפ!... כ'האָב אַ געדאַנק!...

מיטיל. ?...

טילטיל. לאָמיר זיך אויפהויבען...

מיטיל. מען טאָר ניט...

טילטיל. פאַר וואָס, ס'איז דאָך קיינער ניטאָ... דו זעהסט די לאָדענס?...

# דער ערשטער אקט.

## דאס ערשטע בילד.

### דעם האָלץ־האַקער׳ס הייזקע.

די ביהנע שטעלט פֿאָר דעם אינווענינ פֿון אַ האָלץ-האַקערס הייזקע; איינפֿאַך, דאָרפֿיש, ס׳בעמערקט זיך אָבער ניט קיין גרויס אָרימקייט. — אין דער זייט אַן אויווען, אין וועלכען עס צאַנקען די באַלד אָבגעלאָשענע קויהלען פֿון אַ האָלץ-פֿייער. — קיך געשיר, אַ שפּייז-שאַפֿע, אַ ברויט-קאָרב, אַ זייגער מיט געוויכטען, אַ שפּינ-שטוהל, אַ וואַסער-שאַף און אַנדערעס. — אויף אַ טיש אַן אָנגעצונדענער לאָמפּ. — אויף דער פּאָדלאָגע, איןביידע זייטען פֿון דער שאַפֿע, ליגען און שלאָפֿען אַ הונט און אַ קאַץ, יעדע פֿון זיי האַלט פֿערדרעהט דעם קאָפּ אין דעם עק. — צווישען זיי שטעהט אַ גרויס, בלוי-ווייס היטעל צוקער. — אויף דער וואַנד הענגט אַ קיילעכדיג שטייגעל, אין וועלכען עס געפֿינט זיך אַ טורטול טויב. — אין הינטער גרונד, צוויי פֿענסטער מיט אינווענינ-פֿערמאַכטע לאָדענס. — אונטער איינעם פֿון די פֿענסטער, אַ פֿוס-בענקעלע. — אין דער לינקער זייט אַ טהיר מיט אַ גרויסער קליאַמקע, דאָס איז דער הויפּט אַריינגאַנג אין הויז. — אין דער רעכטער זייט אַ צווייטע טהיר. — אַ לייטער פֿיהרט צו אַ בוידעם. — אין דער רעכטער זייט שטעהען אויך צוויי קינדער-בעטלאַך, ביי זייערע עקען זיינען דאָ בענקלאַך, אויף וועלכע עס ליגען קינדער-קליידעלאַך שעהן צוזאַמענגעלעגט.

(ביים אויפֿהויבען דעם פֿאָרהאַנג ליגען טילטיל און מיטיל אין די קינדער-בעטלאַך, פֿערזונקען אין אַ טיעפֿען שלאָף. מוטער טיל דעקט זיי צו, בייגט זיך אָן איבער זיי, קוקט זיך צו אַ ווײלע ווי זיי שלאָפֿען און צייגט דאָס דורך אַ וואונק צום פֿאָטער טיל, וועלכער שטופּט אַריין דעם קאָפּ דורך דער האַלב אָפֿענער טהיר מוטער טיל לעגט אַ פֿינגער צו איהרע ליפּען, היי-סענדיג דערמיט פֿאָטער טיל שווייגען, נאָכהער געהט זי אַרויס אויף די

# פערזאנען.

טילטיל.
מיטיל.
ליכט.
צוויבערין בערילון.
שכנה בערלינגא.
פאטער טיל.
מוטער טיל.
זיידע טיל.
באבע טיל.
טילטילס ברידערלאך.
טילטילס שוועסטערלאך.
(צלעם.)
צייט.
נאכט.
שכנה בערלינגא׳ס
קליינע טאכטער.
הונד טילא.
קאץ טילעט.
ברויט.
צוקער.
פייער.
וואסער.
מילך.
וואלף.

חזיר.
אקס.
קוה.
שטיער אקס.
שעפס.
האהן.
קראליק.
פערד.
עזעל.
דעמב.
אולם.
בוכע.
לינדע.
טאנע.
ציפרעס.
בירקען.
קאסטאניען.
עפיך.
פאפעל.
ווייערבע.
שטערן,.
קראנקהייטען,
שאטענס און אנדערע.

# בילדער.

1־טעם בילד (1-טער אַקט): דעם האָלץ־האַקערס הייזקע.
2־טעם בילד (2-טער אַקט): ביי דער צויבערין.
3־טעם בילד (2-טער אַקט): אין לאַנד פֿון דער עראינערונג.
4־טעם בילד (3-טער אַקט): אין פּאַלאַץ פֿון דער נאַכט.
5־טעם בילד (3-טער אַקט): דער וואַלד.
6־טעם בילד (4-טער אַקט): פֿאַר דער פֿאָרהאַנג.
7־טעם בילד (4-טער אַקט): דער בית עולם.
8־טעם בילד (4-טער אַקט): דער צוקונפֿטס־רייך.
9־טעם בילד (5-טער אַקט): דער אָבשיעד.
10־טעם בילד (5-טער אַקט): די ערוואַכונג.

דער הונד: אין אַ רויטען געפּאַסטען ראָק, ווייסע הויזען, שטיפעל, אַ גלאַנציגען הוט; דער אַנצוג עראינערט די קליידער פון דזשאָהן בול.

די קאַץ: אין אַ אָנגעפּודערטע פּערוקע, דריי עקיגען הוט, הימעל-בלויען ראָק, אַ שווערט אין גאַרטעל.

די קעפּ פון דעם הונד און פון דער קאַץ זאָלען אויסזעהן נאָר אַביסעל ווי חיות.

ברויט: אין אַ רייכען אַנצוג פון אַ פּאַשאַ, אַ גרויסען מאַנטעל פון סאַמעט, אָדער ליכטיג-רויטע זייד, אַ גאָלדענע שפּיעז, זעהר גרויסער טורבאַן, קרומער זעבעל, אונגעהויער גרויסער מאָגען, אַ רויט פּנים און שטאַרק אָנגעבלאָזענע באַקען.

צוקער: אין אַ זיידענעם מאַנטעל, ווי פון עוונעאוכען; האַלב בלוי און האַלב ווייס ווי דאָס פּאַפּיר, אין וועלכען ס'איז איינגעוויקעלט אַ היטעל צוקער. דער קאָפּ איז בעדעקט ווי ביי אַ וועכטער פון סולטאַנס האַרעם.

פייער: אין רויטע צוגעפּאַסטע הינטער קליידער, אַ שאַרלאַך-רויטען מאַנטעל, וואָס שטראַהלט אין פערשיעדענע קולירען, בעציהרט מיט גאָלד, איינגעהילט אין פערשיעדענ-קולירענדיגע פלאַמען.

וואַסער: אין אַ בלאַס-בלויע אָדער בלוילאַך-גרינע קלייד, מיט פערשיעדענע דורכזיכטיגע שטראַהלען פון געקרייזעלטע און פליסענדע טולען, ניי-גריכישען אָדער אַנגלאָ גריכישען סטיל, נאָר גרעסער און געקרייזעלטער, ווי דאָס פון ליכט. די קאָפּ ציהרונג: וואַסער בלומען און ים גראָז.

די חיות: אין פּאָפּולערע אָדער פּויערישע קליידער.

די בוימער: אין מאַנטלען פון פערשיעדענע גרינע קולירען אָדער פון דער פאַרב, ווי עס איז דער קערפּער פון אַ בוים. ספּעציעלע צווייגען און בלעטער, נאָך וועלכע מען זאָל זיי דערקענען.

## קליידער.

טילטיל: אין אַן אַנצוג ווי דער קליינער דוימלינג אין פּעראולס געשיכ־טען: שאַרלאַך רויטע קורצע הויזלאַך, אַ קורצע בלאַס־בלויע וועסט, ווייסע זאָקען, האַלבע שטיוועלאַך פון הירשען־לעדער.

מיטיל: אין אַ קלייד ווי גרעטכען אָדער ווי ראָט־קעפּפּכען.

ליכט: אין אַ קלייד פון לבנה־קוליר, דאָס הייסט בלאַס גאָלד בעשפּריצט מיט זילבער, פון שימערענדע טולען, וועלכע פינקלען, און אַזוי ווייטער; ניי־גריכישען אָדער אַלט־גריכישען סטיל נאָך דעם מאָדעל פון וואַלטער קריין, אָדער, מעהר אָדער ווייניגער, אַ אימפּעריאַלען סטיל. אַ לאַנגע טאַליע, נאַקעטע אָרמס, א.אַז.וו. — די קאָפּ־ציהרונג: אַ מין דיאַדעם, אָדער אַ לייכטע קרוין.

צויבערין בערילון, שכנה בערלינגאָ: אין קלאַסישע קליי־דער ווי פון דער אָרימער פרוי אין די צויבער־געשיכטען. מען קען אַרויסלאָזען, אויב מען וויל, אין ערשטען אַקט די ענדערונג פון דער צויבערין אין אַ פּרינצעסין.

פאָטער טיל, מוטער טיל, זיידע טיל, באָבע טיל: אין די לעגענדאַרע קליידער פון די דייטשע האָלצהעקער און פּויערים פון גרים׳ס מעשה׳לאַך.

טילטיל׳ס ברידערלאַך און שוועסטערלאַך: אין פער־שיעדענע קליידעלאַך פון דעם קליינעם דוימלינג.

די צייט: אין דאָס קלאַסישע קלייד פון דער צייט: אַ ברייטער שוואַר־צער אָדער טונקעל־בלויער מאַנטעל, אַ געקרייזעלטע ווייסע באָרד, אַ קאָסע און אַ שטונדען־גלאָז.

די נאַכט: אין גרויסע שוואַרצע־קליידער, בעדעקט געהיימניספול מיט שטערן, וועלכע פינקלען רויטלאַך־ברוין. אין שלייערס, שוואַרצע מאָהן־קעפּלעך א.אַז.וו.

דער שכנה׳ס קליינע טאָכטער: ליכטיגע בלאָנדע האָר, אַ לאַנגע ווייסע קלייד.

קלאסישע און מאדערנע ביבליאטעק.

מארים מעטערלינק.

# דער
# בלויער פויגעל

(L'OISEAU BLEU par MAURICE MAETERLINCK)

צויבערשפיעל אין 5 אַקטען און 10 בילדער.

איבערזעצט פון פראַנצויזישען אריגינאַל

פון

מאררים מייער.

ארויסגעגעבען פון

ענגליש יודישען פערלאג,

לאָנדאָן.

1910

געדרוקט ביי י. נאַראָריצקי, 48 מייל ענד רויד, א,

פֿאָלגענדע ביכער זיינען ערשיענען אין

פערלאג און בוכהאנדלונג „פּ־אגרעס“, מ. זוסמאן,

לאָנדאָן—

# די פרוי פון ים

פון היינריך איבסען.

א דראַמאַ אין 4 אַקטען. מיט'ן בילד פֿון פֿערפֿאַסער.

איבערזעצט פֿון ס. דאבריק.

פרייז 1 שילינג, 25 סענט, 50 קאָפּיקעס.

---

# סאלאמע

א טראַגעדיע אין איין אַקט, פֿון אסקאר ווײלד,

מיט'ן בילד פֿון פֿערפֿאַסער.

איבערזעצט פֿון י. ענטין.

פרייז 6 פּענס, 15 סענט, 30 קאָפּיקעס.

---

# מאנא וואנא

א דראַמאַ אין 3 אַקטען, פֿון מארים מעטערלינק.

איבערזעצט פֿון א. פרומקין.

מיט'ן בילד פֿון פֿערפֿאַסער. פרייז 9 פּ., 20 סענט, 40 קאָפּ.

---

עס דרוקט זיך און וועט אין קורצען ערשיינען

# דע פראפונדיס

פֿון אסקאר ווײלד.

אָסקאַר ווײלד'ס לעבענס־בעשרייבונג געשריבען פֿון איהם אליין אין דער תפיסה פֿון רעדינג, מיט אַ פֿאָררעדע און בריעף פֿון איהם אליין.

איבערזעצט פֿון די 8-טע ענגלישע אויפלאגע פֿון ק. מרמר.

מיט אַ פֿאָררעדע און ביאָגראַפֿיע איבער אָסקאַר ווײלד פֿון בעל מחשבות (דר. עליאשאָוו).

זיך צו ווענדען צו—

**M. SUSSMAN, 90, New Road, Whitechapel, LONDON. E.**

איז פֿערגעסען צוליעב דער זיסער ראַכע... ס'איז געווען אַ מיאוס'ער חלום...

וואַנאַ (מאַכט אויף די אויגען, מיט אַ זעהר שוואַכער שטימע). וואו איז ער? יאָ, איך ווייס... נאָר גיט מיר דעם שליסעל... דעם שליסעל פֿון זיין קערקער... קיינער זאָל ניט אַריינקומען צו איהם...

גידאָ. די סאָלדאַטען קומען גלייך צוריק... זיי וועלען דיר איהם ברייננגען...

וואַנאַ. איך וויל איהם האָבען פֿאַר זיך אַליין, כדי איך זאָל וויסען... כדי קיין אַנדערער... יאָ, ס'איז נעווען אַ מיאוס'ער חלום... דער שעהנער פֿאַנגט איצט אָן... דער שעהנער פֿאַנגט איצט אָן...

(דער פֿאָרהאַנג פֿאַלט.)

ענדע.

זיך און זי האַלט זיך אָן אָן אַ זייל.) גיט אַכטונג, איך פֿאַל!... די פֿרייד וואַרפֿט מיך אום!... (מיט אַ פֿערשטיקטער שטימע, צו מאַרקאָ'ן.) מיין פֿאָטער, אייך גיב איך איהם איבער, ביז מיינע קרעפֿטען... פֿיהרט איהם אָב, איידער... זוכט אוים אַ קערקער, אַ גוטען קערקער, אַזוי טיעף, אַז קיינער זאָל איהם... און איך וויל האָבען דעם שליסעל! איך וויל האָבען דעם שליסעל!... איך וויל איהם האָבען גלייך אויף'ן שטעל!... קיינער זאָל איהם ניט אָנריהרען!... ער געהערט צו מיר, ער געהערט צו מיר אַליין; איך וויל איהם האָבען אין גאַנצען און אונבעריהרט!... גידאָ, ער געהערט צו מיר! (זי גיט אַ טראָט צו מאַרקאָ'ן.) מיין פֿאָטער, ער איז מיינער, און איהר זייט מיר ערב פֿאַר איהם!... (נעהמט דורך מאַרקאָ'ן מיט בליצענדע אויגען.) מיין פֿאָטער, איהר פֿערשטעהט וואָס איך זאָג?... איהר זייט זיין וועכטער. קיין שאָטען פֿון אַ שימפֿוואָרט זאָל ניט קומען איבער זיין געזיכט; איך וויל איהם האָבען צוריק, ווי איך גיב איהם אייך... (פּרינצייוואַלי ווערט אַרויסגעפֿיהרט פֿון זאַאַל.) זייט געזונד, מיין פּרינצייוואַלי!... אָה, מיר וועלען זיך נאָך ווידער זעהן!...

(אין דער צייט, וואָס גידאָ שטעהט צווישען די סאָלדאַטען, וועלכע פֿיהרען אַוועק פּרינצייוואַלי'ן, לאָזט וואַנאַ אַרויס אַ געשריי און פֿאַלט אַריין אין די אָרעמס פֿון מאַרקאָ'ן, וועלכער איז צוגעלאָפֿען, זי אויפֿצוכאַפּען.)

מאַרקאָ (זעהר שנעל און מיט אַ נידעריגער שטימע, בעת ווען ער בויגט זיך אָן איבער איהר און האַלט זי.) יאָ, איך פֿערשטעה, וואַנאַ... כ'פֿערשטעה דיין ליגען... דו האָסט דערגרייכט דאָס אונמעגליכע... ס'איז גערעכט און זעהר אונגערעכט, ווי אַלצדינג, וואָס מיר טהוען... און דאָס לעבען בלייבט גערעכט... קום צו זיך, וואַנאַ... דו מוזט נאָך ווייטער ליגען זאָגען, וואָרים מען גלויבט אונז נאָך ניט... (רופֿט גידאָ'ן.) גידאָ, זי רופֿט דיך... גידאָ, זי וואַכט אויף...

גידאָ (לויפֿט צו און נעהמט אַרום וואַנאַ'ן אין זיינע אָרעמס). מיין וואַנאַ!... זי שמייכעלט... מיין וואַנאַ, ענטפֿער מיר... איך האָב קיינמאָל ניט געצווייפֿעלט... אַצונד איז עס פֿערביי, און אַלעס

וועט זיין מיינע ריכטער... איך האָב געטהאָן אַט וואָס: דער מאַן האָט מיך אויסגענוצט, ווי אַ פּייגלינג, אויף דעם נידעריגסטען אופן האָט ער מיך אויסגענוצט, ווי איך האָב אייך שוין געזאָגט... כ'האָב איהם געוואָלט טויטען און מיר האָבען זיך געראַנגעלט צווישען זיך... נאָר ער האָט מיר אַרויסגעריסען דאָס געוועהר פון דער האַנד... דאַן איז מיר אַרויף אויף'ן זינען אַ גרינדליכערע נקמה ווי די, און איך האָב איהם צוגעשמייכעלט... ער האָט געגלויבט מיין שמייכעל... אַך, די מענער זיינען גרויסע שוטים!... ס'איז ניט מעהר ווי רעכט, אַז זיי זאָלען אָבגענאַרט ווערן!... זיי פערליעבען זיך אין דעם ליגען!... אַז מען ווייזט זיי דאָס לעבען, מיינען זיי, ס'איז דער טויט! און באַט מען זיי אָן דעם טויט, האַלטען זיי איהם פאַר דאָס לעבען!... ער האָט געמיינט, אַז ער האָט מיך אין זיין מאַכט, און אַט איז ער ביי מיר אין די הענד!... אַט איז ער דאָ אין זיין קבר, און איך וועל איהם אַליין פערשיטען!... כדי איהם אַהער צו ברייגנען, האָב איך איהם געמוזט גלעטען און קושען און איהם פערנאַרען ווי אַ פרום שעפּעלע... אַצונד איז ער ביי מיר אין די הענד, און איך וועל זיי קיינמאָל ניט עפענען!... אָה, מיין שעהנער פרינציוואַלי! מיר וועלען זיך נאָך קושען, ווי קיינמאָל ניט ביז אַהער!...

ג י ד אָ (לויפט צו צו איהר). וואַנאַ!...

וו אַ נ אַ. קוק איהם פאָרט אָן!... ער איז געווען אַזוי פרעה־ליך, אַזוי פול מיט האָפנונג!... ער האָט מיר גלייך געגלויבט, ווען איך האָב איהם געזאָגט: „פרינציוואַלי, איך ליעב דיך!"... האַ, ער וואָלט מיר נאָכגעגאַנגען ביז אין סאַמע האַרץ פון גיהנום!... איך האָב איהם געקושט אַזוי... (זי קושט איהם ליידענשאַפטליך.) רושאַנעלאָ, כ'האָב דיך ליעב... פאַרוואָס ענטפערסט דו ניט אויף מיינע קושען?... (צו גידאָ'ן.) נישקשה, ער וועט זיי מיר נאָך אָבגעבען!... איצט איז ער מיין מאַן!... ליעבער הערר, ער געהערט צו מיר פאַר גאָט און פאַר לייטען!... איך וויל איהם און איך וועל איהם האָבען!... ער איז דער איינציגער איינטראָג פון מיין נאַכט, אַן אונשעצבאַרער געווינס!... (איהרע קניע בויגען

געגאַנגען אַהין, ניין, דאַן האָב איך ניט געטראַכט דערפון... נאָר דערנאָך, שפּעטער האָט זיך דאָס אויסגעאַרבייט ביי מיר אין מוח... יאָ, יאָ, דו זאָלסט עס וויסען... דער שלייער איז צוריסען!... דאָס וועט נאָך פערגרעסערן דיין שמערץ, נאָר דו האָסט עס אַליין געוואָלט... אַך, איך האָב מורא געהאַט פאַר דיר... כ'האָב מורא געהאַט פאַר דער ליעבע און איהר פערצווייפלונג... אַצונד ווילסט דו עס אַליין... גוט, איך וועל עס דיר זאָגען. (מיט א רוהיגערער און פעסטערער שטימע.) ניין, ניין, איך האָב ניט געהאַט די אַבזיכט, וואָס דו האָסט פריהער דערמאָנט. כ'האָב איהם ניט געבראַכט צו פיהרען אַהער אין מיטען פון די תלינים, כדי מיר זאָלען זיך אַלע קענען נוקם זיין אין איהם... דער געדאַנק, וואָס האָט מיך בעהערשט, איז טאַקע ניט אַזוי שעהן געווען ווי דיינער, נאָר דערפאַר איז ער געווען מעהר דורכדרונגען מיט ליעבע צו דיר... צו אַ גרויזאַמען טויט האָב איך איהם געוואָלט פיהרען, נאָר אין דערזעלבער צייט האָב איך אויך געוואָלט, אַז דער עקעלהאַפטער אָנדיינקען פון אָט דער שענדליכער נאַכט זאָל ניט בלייבען אין דיין זכרון ביז'ן סוף פון אונזער לעבען... איך וואָלט זיך אַליין נוקם געווען אין איהם שטילערהיים, אין דער פינסטער, כ'וואָלט איהם לאַנגזאַם געמוטשעט און דערמוטשעט צום טויט, פערשטעהסט וואָס איך מיין? ביסלעכווייז, ביז זיין בלוט, אַרונטער־רינענדיג טראָפּען פאַר טראָפּען, וואָלט אָבגעוואַשען זיין שאַנד־טהאַט... דו וואָלסט קיינמאָל ניט דערגאַנגען דעם עקעלהאַפטען אמת, און די שרעקליכע עראינערונג וואָלט זיך ניט יעדעס מאָל אַריינגעשפאַרט צווישען אונזערע קושען... איך בין זיך מודה, כ'האָב מורא געהאַט, אַז ביים אָנבליק פון אָט דער שרעק-געשטאַלט וועסט דו מיך מעהר ניט קענען ליעבען... כ'ווייס, דאָס איז געווען נאַריש פון מיר; כ'האָב צופיעל פערלאַנגט... דאָס אונ־מעגליכע האָב איך געוואָלט... נאָר איצט וועסט דו אַלעס וויסען. (זיך ווענדענדיג צום עולם.) אַזוי ווי מיר האַלטען שוין אַזוי וויים, און ס'איז מעהר קיין צייט ניטאָ צו שווייגען אונזער ליעבע, מוזט איהר דאָס אויך וויסען... איך מוז אייך אַלעס זאָגען, און איהר

זי לייגט! זי זאָגט ליגען, כדי מיך צו ראַטעווען פֿון טויט, נאָר
קיין פּייניגונג...

וואַנאַ. שווייגט!... (זיך ווענדענדיג צום פֿאָלק.) ער האָט
מורא!... (צוגעהענדיג צו פּרינציוואַלי'ן, ווי איהם צו בינדען די הענד.)
גיט מיר אַהער די שטריק, די קייטען און די אייזענס!... אַצונד,
אַז מיין האַס האָט מעהר קיין אָבהאַלט ניט, וועל איך איהם אַליין
שליסען אין קייטען, וואָרים דאָס האָב איך דאָך איהם אַליין
אַהער געבראַכט!... (שטילערהיים צו פּרינציוואַלי'ן, בעת ווען זי בינדט
איהם די הענד.) שווייג, ער ראַטעוועט אונז! שווייג, זאָג איך דיר,
ער פֿעראייניגט אונז!... איך בין דיינע, דיך האָב איך ליעב!...
לאָז זיך שליסען אין קייטען... איך וועל דיך בעפֿרייען!... איך
וועל זיין דיין וועכטערין!... מיר וועלען אַנטלויפֿען פֿון דאַנען...
(זי שרייט, אַזוי ווי זי וואָלט געוואָלט צווינגען פּרינציוואַלי'ן צו שווייגען.)
שווייג שטיל!... (זיך ווענדענדיג צום עולם.) ער בעט זיך ביי מיר
שטילערהייט... (דעקט אויף פּרינציוואַלי'ס געזיכט.) קוקט נאָר אָן אָט
דעם פּנים!... ער טראָגט נאָך די שפּורען פֿון דער דאָזיגער נאַכט
פֿון שאַנדע!... (עפֿענט איהר מאַנטעל איבער דער בלוט-בעדעקטער
שולטער.) איך טראָג אויך איהר צייכען!... אָה, די שווידערליכע
ליעבעס-נאַכט! קוקט איהם אָן, דאָס איז ער!... ער איז פֿייג און
עקעלהאַפֿט!... (בעמערקענדיג, אַז די וואַך-לייט מאַכען זיך גרייט אַוועק-
צופֿהרען פּרינציוואַלי'ן.) — ניין, ניין, לאָזט איהם מיר! — ער
געהערט צו מיר! ער איז מיין אייגענס; איך האָב איהם געקויפֿט,
און איך וויל איהם האָבען פֿאַר זיך אַליין!... בעוואַכט איהם גוט!
האַלט איהם פֿעסט!... איהר זעהט, ער וויל אַנטלויפֿען!...

גידאָ. נאָך וואָס איז ער געקומען?... פֿאַרוואָס האָסט דו
באַלד אין אָנהויב ניט געזאָגט די וואַהרהייט?...

וואַנאַ (שטאַמלענדיג און זוכענדיג ווערטער). פֿאַרוואָס איך האָב
ניט געזאָגט די וואַהרהייט?... איך ווייס ניט... כ'האָב עס ניט
געוואָלט זאָגען... הער מיך צו, דאָס איז עס... יאָ, יאָ, דו וועסט
פֿערשטעהן... מען ווייס ניט, וואָס מען טהוט... מען זעהט קיינ-
מאָל ניט פֿאָראויס, וואָס שפּעטער וועט זיין... אַז איך בין

בלומען אויף זייער וועג, אויב איהר ווילט... זיי וועלען געהן, וואוהין די ליעבע וועט זיי טראָגען; נאָר אַפּריהער זאָל מיר אָט די פרוי זאָגען דעם אמת, דעם איינציגען מעגליכען אמת; דאָס איז דאָס איינציגע, וואָס איך ליעב נאָך אין איהר און וואָס זי איז מיר שולדיג פאַר דעם, וואָס איך גיב איהר... — דו פערשטעהסט, וואַנאַ? האָט אָט דער מאַן געהאַט צו טהאָן מיט דיר ווי מיט אַ פרוי?... — יאָ צי ניין, ענטפער; דאָס איז אַלעס, וואָס איך פערלאַנג... ס'איז ניט קיין פראָבע און אויך ניט קיין פאַסטקע דיך אַריינצונאַרען. איך האָב געגעבען אַ שבועה. — זיי זיינען אַלע עדות דערויף...

וואַנאַ. איך האָב געזאָגט דעם ריינעם אמת... ער האָט מיך ניט אָנגעריהרט...

גידאָ, גוט, איהר האָט גערעדט. — איהר האָט איהם פערטהיידיגט. — אַצונד איז אויס. — איצט ווייס איך, וואו איך בין אין דער וועלט... (געהט צו צו די וואַך-לייט און ווייזט זיי אָן אויף פרינציוואַלי'ן.) אָט דער מאַן געהערט צו מיר. נעהמט איהם, בינדט איהם; פיהרט איהם אַראָב אין דעם טיעפסטען קערקער אונטער דעם דאָזיגען זאַאַל. — איך געה מיט אייך. (צו וואַנאַ'ן.) איהר וועט איהם מעהר ניט זעהן; און איך וועל אייך זאָגען די לעצטע וואַהרהייט, וואָס זיינע לעצטע ווערטער וועלען באַלד אויפדעקען...

וואַנאַ (טהוט זיך אַ וואָרף אַנטקעגען די וואַך-לייט, בעת זיי ווילען נעהמען פרינציוואַלי'ן). ניין! ניין! ער איז מיינער!... איך האָב געזאָגט אַ ליגען! כ'האָב געזאָגט אַ ליגען!... איך בין געוועזען זיינע!... ער האָט מיט מיר געטהאָן, וואָס ער האָט געוואָלט!... (שטופּט אָב די וואַך-לייט אָן אַ זייט.) אַוועק, איהר אַנדערע! אַוועק פון דעם, וואָס איז מיינס!... ער געהערט צו מיר!... איך וויל, אַז מיינע הענד אַליין... ער האָט מיך געהאַט אין זיין מאַכט... ווי אַ פיינגלינג, שענדליך האָט ער מיך אויסגענוצט!...

פרינציוואַלי (סטאַרעט זיך איהר אַריבערצושרייען). זי ליגט!

מיר וועלען זיין אַליין... דאַן וואָלסט דו מיר געזאָגט דעם ריינעם אמת... נאָר אַך, איך ווייס איהם דאָך, און די אַנדערע ווייסען איהם אויך... נאָך וואָס טויג זיך בעהאַלטען מיט דער וואַהרהייט, וואַנאַ? ס'איז צו שפּעט... אַצונד מוזט דו זי אַרויסזאָגען; זאָל די שעהמעדיגקייט איצט זיך אַליין בעזיעגען... דו וועסט ניט זיין בייז אויף מיר דערפאַר... דו וועסט אויך פערשטעהן... אין אַזעלכע מאָמענטען ווייס די פערנונפט ניט וואָס...

וואַנאַ. קוק מיך אָן, גידאָ. — איך לייג אַריין מיין גאַנצע קראַפט, מיין גאַנצע עהרע, אַלעס, וואָס איך בין דיר שולדיג, אין אָט דעם לעצטען בליק... ס'איז ניט די שעהמעדיגקייט, נאָר די וואַהרהייט... אָט דער מאַן האָט מיך ניט אָנגעריהרט...

גידאָ. גוט, דאָס איז גוט, זעהר גוט... אַצונד בלייבט מיר גאָרנישט איבער... איך ווייס אַלזאָ אַלץ, וואָס איך דאַרף... יאָ, יאָ, ס'איז די וואַהרהייט, אָדער בעסער געזאָגט, די ליעבע... איצט פערשטעה איך... דו האָסט איהם געוואָלט רעטען... כ'האָב ניט געוואוסט, וואָס איין נאַכט קען מאַכען פון אַ פרוי, וועלכע איך האָב אַזוי געליעבט... אָבער אַזוי קען ער ניט גערעטעט ווערן... (הויך אויף'ן קול.) — הערט מיך אַלע אוים! ס'איז דאָס לעצטע מאָל!... איך וויל דאָ נעהמען אויף זיך אַ שבועה!... איך בין נאָך ניט ענטשלאָסען, כ'שטעה ווי ביים ראַנד פון אַ טיעפען, אונגעהייער טיעפען אָבגרונד... איין רגע בלייבט מיר נאָך איבער, ביז מיינע הענד וועלען זיך עפענען... איך וויל אָט די פרוי ניט אונגליקליך מאַכען... איהר הערט וואָס איך רייד?... מיין שטימע ווערט שוואַך... קומט אַהער, נעהענטער, נעהענטער... איהר זעהט אָט די פרוי און אָט דעם מאַן?... ס'איז זיכער ווי דער טאָג, אַז זיי האָבען זיך ליעב... — נו גוט, פערגעסט ניט אָט וואָס: איך וועג יעדעס וואָרט אַזוי גענוי, ווי מען צעהלט די טראָפּענס פון דער רפואה ביים בעט פון אַ גוסס. — זיי וועלען אַוועקגעהן פון דאַנען מיט מיין צושטימונג, פריי, אָהן אַ שלעכט וואָרט און אָהן א שום קריינקונג. זיי וועלען מיטנעהמען אַלעס, וואָס זיי געפעלט... מאַכט פלאַץ פאַר זיי און שפּרייט זיי אוים

דער מענשליכער פערנונפט צום שפאָט!... איך וויל זיי זעהן און קענען, וואָס פאַר מענשען זיי זיינען!...

(מאַרקאָ טרעט אַרויס פון דער מאַסע; ווייטער הערט מען בלויז אַ מורא'דיגע און אונדייטליכע מורמלעריי.)

מאַרקאָ (געהט צו ביז אין מיטען זאַאַל). איך גלויב איהר!...

גידאָ. דו, איהר העלפער, איהר מיטשולדיגער...— אָבער די אַנדערע, די אַנדערע!... וואו זיינען זיי, וואָס גלויבען?... (צו וואַנאַ'ן.) — וואָס זשע, האָסט זיי געהערט?... די, וועמען דו האָסט געראַטעוועט פון טויט, ציטערן פאַר'ן געלעכטער, וואָס וואָלט פערהילכט אָט דעם זאַאַל, און אפילו די, וואָס שעפטשען דאָרט צווישען זיך, האָבען אויך קיין מוטה ניט צוצוקומען אַהער... און איך, איך זאָל...

וואַנאַ. זיי דאַרפען ניט גלויבען. אָבער דו, דו האָסט דאָך מיך ליעב...

גידאָ. אַזוי!... ווייל איך האָב דיך ליעב, מוז איך זיין דער נאַר!... ניין, ניין, הער מיך אויס... מיין שטימע איז שוין ניט אַזוי ווי פריהער... דער צאָרן האָט זיך איינגעשטילט... אַזוי וואָס ברעכט די גאַנצע קראַפט, און איך בין מיט איין קלאַפ אַן אַלטער מאַן... מיין צאָרן איז טויט... ניין, עפּעס אַנדערש פערנעהמט זיין שטעל... די עלטער און דער וואַהנזינן... כ'ווייס נאָך דערווייל ניט... איך זוך, איך קוק זיך צו, איך טאַפּ אין מיר אַליין, צו געפינען דאָס, וואָס בלייבט מיר נאָך איבער פון מיין אָרעמען גליק... איין האָפנונג האָב איך נאָך, איין איינציגע האָפנונג... זי זעהט מיר אויס אַזוי שוואַך, זי האַלט זיך אויף אַ האָר, און איך האָב כמעט מורא זי אָנצוריהרען... איין וואָרט קען זי צושטערן, און דאָך מוז איך עס אין מיין אַנגסט אַרויסזאָגען...— וואַנאַ, ס'איז געווען אַ גרויס אונרעכט פון מיר, וואָס איך האָב צוריקגערופען דעם עולם, איידער איך האָב עס געוואוסט... כ'האָב זיך גאָר פערגעסען אָן דער שעהמעדינקייט, וועלכע קען ניט ריידען... —דו האָסט קיין מוטה ניט זיי צו זאָגען, וואָס אָט די ווילדע חיה האָט דיר אָנגעטהאָן... יאָ, יאָ, איך האָב געדאַרפט וואַרטען, ביז

גידאָ. די וואַהרהייט, גרויסער גאָט!... דאָס זוך איך דאָך אַליין!... די וואַהרהייט און קיין אַנדער זאַך ווי די וואַהרהייט!... אָבער זי מוז זיך דאָך לייגען אויף'ן שכל!...— וואָס ושע, אַ מאַן בעגעהרט דיך אַזוי שטאַרק, אַז ער פֿערראַטה זיין לאַנד, אַז ער פֿערקויפֿט זיין גאַנצע האָב און גוטס פֿאַר אײן נאַכט, מאַכט פֿון זיך אַ תל און ערנידעריגט זיך אויף אייביג; אַ מאַן טהוט אָב אַ זאַך, וואָס איז נאָך קיינמאָל ניט געשעהן, און מאַכט זיך די גאַנצע וועלט פֿאַר שונאים! ווי, דער מאַן, וואָס האַלט דיך אַליין און נאַקעט ביי זיך אין געצעלט, וואָס האָט בלויז די איינע נאַכט, וועלכע ער האָט געקויפֿט פֿאַר אַזאַ פּרייז, — אָט דער מאַן זאָל זיך בענוגענען מיט איין קוש אויף'ן שטערן און נאָך דאַן קומען אַזש אַהער, כדי דאָס אונז איינצורעדען!... ניין, די גערעכטיגקייט נעהמט איהר וועג, און ניט לאַנג נאָך זאָל ער זיך אויסלאַכען פֿון אונזער אונגליק... אַז ער האָט ניט מעהר געוואָלט ווי דאָס, נאָך וואָס האָט ער געדאַרפֿט אַריינוואַרפֿען אַ גאַנץ פֿאָלק אין אַ ים פֿון עלענד און נויט און מיך אין אַ פֿערצווייפֿלונג, וואָס האָט מיך כמעט פֿון זינען אַראָבגעפֿיהרט און מיט צעהן יאָהר עלטער געמאַכט?... האַ, אַז ער וואָלט מעהר ניט געוואָלט ווי אַ קוש אויף'ן שטערן, וואָלט ער אונז געקענט רעטען אָהן אַזויפֿיעל יסורים!... ער האָט בלויז געדאַרפֿט קומען צו אונז און מיר וואָלטען איהם אויפֿגענומען, ווי אַ בעפֿרייענדען גאָט... נאָר ניט אַזוי פֿערלאַנגט מען און זוכט מען אַ קוש אויף'ן שטערן!... דער אמת ליגט אין אונזערע נויט-געשרייען און אין אונזער פֿערצווייפֿלונג... ניין, איך משפּט ניט, וואָרים איך בין אַליין פֿערמישט אין דעם און איך זעה ניט קלאָהר... נאָר די אַנדערע זאָלען פֿאַר מיר משפּט'ן און געבען אַן ענטפֿער דערויף!... (ווענדעט זיך צום עולם.) — האָט איהר געהערט?... איך ווייס ניט, פֿאַרוואָס זי רעדט אַזוי צו אונז... נאָר וואָס זי זאָגט, איז געזאָגט, און איהר זאָלט זיין די ריכטער... איהר מוזט איהר גלויבען, וואָרים אייך האָט זי דאָך געראַטעוועט פֿון טויט! — זאָגט, גלויבט איהר דאָס? ווער עס גלויבט איהר, דער זאָל אַרויס פֿון דער רייה און צוקומען אַהער,

גלויבען דאָס אונגלויבליכע... אָט דער מאַן האָט מיך ניט אָנגע־ריהרט... ער האָט אַלעס געקענט טהאָן, וואָרים איך בין געװעזן ביי איהם אין די הענד... ער האָט מיך ניט אָנגעריהרט, און איך האָב פֿערלאָזען זיין געצעלט, ווי דאָס הויז פֿון אַ ברודער...

גידאָ. פֿאַרוואָס?

וואַנאַ. וועיל ער האָט מיך ליעב...

גידאָ. אַה! דאָס איז עס אַלזאָ געװעזן, וואָס דו האָסט אונז געװאָלט זאָגען... דאָס איז געװעזן דער נס!... נו יאָ, איך האָב שוין ביי די ערשטע ווערטער געהערט עפּעס, וואָס איז מיר פֿאָרגעקומען אונפֿערשטענדליך... ס'איז געװעזן בלויז ווי אַ בליץ, כ'האָב זיך ניט אומגעקוקט דערויף... כ'האָב געמיינט, עס קומט פֿון צורודערטקייט און פֿון שרעק... נאָר איצט זעה איך, אַז מען מוז די זאַך בעטראַכטען בעסער און קלאָהרער... (פלוצלינג מיט א רוהיגער שטימע.) אַלזאָ, ווי איז דאָס? דיך האָבענדיג כמעט אַ נאַקעטע ביי זיך אין געצעלט, די גאַנצע נאַכט אַליין, האָט אָט דער מאַן דיר גאָרנישט געטהאָן?...

וואַנאַ (מיט אַ פֿעסטען טאָן). ניין!...

גידאָ. וואָס זשע, ער האָט דיך גאָר ניט אָנגעריהרט, דיך ניט אומאַרעמט?...

וואַנאַ. איך האָב איהם געגעבען בלויז איין קוש אויף'ן שטערן; ער האָט איהם אפילו ניט צוריקגעגעבען...

גידאָ. אויף'ן שטערן!... קוק מיך אַקאָרשט אָן, וואַנאַ... זעה איך אוים ווי איינער, וועמען מען קען פֿערדרעהען דעם קאָפּ מיט אַלערליי נאַרישקייטען, אַז די שטערן זיינען אַזעלכע קליינע קערענדלאַך און די לבנה פֿערגעהט, ווען מען שפּייט אַריין אין אַ ברונען?... וועמען ווילסט דו דאָ איינריידען?... אָה, איך וויל ניט זאָגען... איך וויל נאָך ניט מאַכען אויף אייביג אַ סוף צווישען אונז... נאָר איך זעה ניט דיין ציעל, אָדער איז דאָס דער רויש פֿון אָט דער שרעקליכער נאַכט, וואָס האָט דיך אָדער מיך אַראָב־געפֿיהרט פֿון זינען...

וואַנאַ. ס'איז ניט קיין רויש, ס'איז די וואַהרהייט...

איינפאַך און צו שטיל!... וואַנאַ הרג׳עט קיינעם ניט אין אַ פערשלאָסענעם געצעלט, נאָר זי ברייננט די אָפּפער־חיה לעבע־דיגערהייט, זי ברייננט די אָפּפער־חיה צו פיהרען אהער פאַר אַלעמען אין די אויגען... מיר אַלע וועלען דעם שאַנד־פלעק פערניכטען... ווי אַזוי זי האָט דאָס דורכגעפיהרט?... זי וועט עס אייך דערצעהלען...

וואַנאַ. יאָ, איך וועל עס אייך דערצעהלען, נאָר ס׳איז געווען גאַנץ אַנדערש!...

גידאָ (שלאָגט איבער וואַנאַ׳ן די רייד און וויל איהר אַ קוש טהאָן). אַפריהער לאָמיך דיך אומאַרמען, כדי אַלע זאָלען וויסען...

וואַנאַ (שטויסט איהם אָב מיט געוואַלט פון זיך). ניין, ניין, ניין, נאָך ניט!... ניין, ניין, ניין, קיינמאָל ניט, אויב דו וועסט מיך ניט אויסהערען! הער מיך אויס, גידאָ!... עס געהט דאָ אין אַן אמת׳ערער עהרע און אין אַן אַנדער גליק, איידער דאָס, וואָס פערבלענדט דיר אַזוי די אויגען!... אַך, איך בין גליקליך, וואָס אַלע זיינען צוריקגעקומען... זיי וועלען מיך פיליכט גיכער אויס־הערען, איידער דו... הער אויס, גידאָ... איך וויל ניט אומאַרעמט ווערן פון דיר, איידער דו ווייסט...

גידאָ (שלאָגט איהר איבער די רייד און סטאַרעט זיך ווידער זי אַרומצונעהמען). איך וועל עס וויסען; איך וועל עס וויסען, נאָך פריהער פון אַלצדינג וויל איך...

וואַנאַ. הער מיך אויס, זאָג איך דיר!... כ׳האָב קיינמאָל קיין ליגען ניט געזאָגט; נאָר היינט זאָג איך די טיעפסטע וואַהר־הייט, וועלכע מען זאָגט בלויז איין מאָל, די וואַהרהייט, וואָס ברייננט טויט אָדער לעבען... הער מיך אויס, גידאָ, און קוק מיך אויך אָן אַצונד אין אָט דער שטונדע, אויב דו האָסט מיך ביז אַהער ניט געזעהן; ס׳איז די ערשטע און די איינציגע שטונדע, ווען דו קענסט מיך ליעבען, ווי איך וויל זיין געליעבט... איך רעד איצט אין נאָמען פון אונזער צוזאַמענלעבען, אין נאָמען פון אַלעם דעם, וואָס איך בין, און וואָס דו ביסט פאַר מיר... זיי פעהיג צו

אַנדערע ליסטיגקייט, נאָך שעהנער ווי די גערעכטיגקייט, כדי צו קריגען פֿון מיר דעם איינציגען לוין, וואָס איך קען איהם געבען... וואָס זשע, בין איך ניט גערעכט, ווען איך רופֿ דאָס אָן אַ נס?... קומט צו נעהענטער, האָט קיין מורא ניט; ער וועט ניט אַנטלויפֿען... נאָר דאָך, שליסט צו די טהירען!... עס קען נאָך אַ צווייטער נס איהם אַוועקרויבען ביי אונז!... אָבער מיר דאַרפֿען איהם נאָך דערוויל ניט אָנריהרען... לאָמיר איהם לאָזען אויף לאַנגזאַמערע פֿריידען... אָה, מיינע אָרעמע ברידער, וועמען ער האָט אַזוי געמוטשעט, וועמען ער האָט געוואָלט אָבשלאַכטען, וועמעס פֿרויען און קינדער ער האָט פֿערקויפֿט: קוקט איהם אַקאָרשט אָן, אָט שטעהט ער דאָ פֿאַר אייך; ער איז מיינער, ער איז אייערער, ער איז אונזערער, זאָג איך אייך!... נאָר אייך האָט ער ניט אַזוי געמוטשעט, אַזוי געפּלאָגט ווי מיך... איך גיב איהם גלייך איבער צו אייך אין די הענד... מיין וואַנאַ האָט איהם געבראַכט צו אונז, כדי אונזער שאַנד זאָל אָבגעמעקט, אויסגעלאָשען ווערן דורך אונזער נקמה!... (זיך ווענדענדיג דירעקט צום עולם.) איהר אַלע, זייט עדות!... עס מוז אייך קלאָהר ווערן... האָט איהר ריכטיג פֿערשטאַנען, וואָס פֿאַר אַ נס דאָ איז געשעהן, וואָס פֿאַר אַ נס פֿון העלדענמוטה?... אָט דער מענש האָט צוגענומען וואַנאַ'ן צו זיך. איך האָב גאָרנישט געקענט טהאָן געגען דעם; איהר האָט עס אַלע געוואָלט, איהר האָט זי פֿערקויפֿט... איך פֿערפֿלוך קיינעם ניט פֿון אייך; וואָס עס איז געשעהן, דאָס איז געשעהן, און איהר זייט גערעכט געווען, וואָס איהר האָט בעסער אויסגעקליבען אייער לעבען, איידער מיין אָרעם גליק... אָבער האָט איהר וואָס געטהאָן, כדי פֿון טויט לעבעדיג צו מאַכען די ליעבע, זי לעבעדיג צו מאַכען טאַקע דורך דאָסזעלבע מיטעל, וואָס האָט זי געטויטעט?... איהר האָט בלויז געוואוסט צו צושטערען, אַצונד געהט עס אין דעם צוריק אויף דאָס ניי אויפֿצובויען!... נו גוט, וואַנאַ האָט עס געטהאָן... זי האָט אויסגעפֿונען עפּעס בעסערס, איידער לוקרעציאַ אָדער יהודית!... לוקרעציאַ האָט זיך אַליין גע'הרג'עט, יהודית האָט גע'הרג'עט האָלאָפֿערנעס'ן... אָה, דאָס איז ווירקליך צו

פֿערלאָרען! אַצונד קענט איהר בעגריסען מיין וואַנאַ'ן!... איך בעגרים זי מיט אייך און נאָך העכער ווי איהר אַלע!... (ער שטופּט אַריין דעם עולם, וואָס קלייבט זיך צוריק אָן אויף'ן באַלקאָן, אין זאַאל אַריין.) דאָס מאָל ווערט איהר האָבען אַ ספּעקטאַקעל!... עס איז דאָ אַ גערעכטיגקייט!... אַך, איך האָב עס געוואוסט, נאָר דאָך האָב איך זיך ניט געגלויבט, אַז זי ווערט אַזוי שנעל קומען!... כ'האָב געדיינקט, יאָהרען און יאָהרען ווערען מוזען פֿערבייגעהן, ביז איך וועל זי געפֿינען... כ'האָב געמיינט, איך וועל דאַרפֿען פֿערברייגגען מיין גאַנץ לעבען זי צו זוכען, איהר נאָכצושפּירען איבעראַל, אויף די וועגען, אין וועלדער, אויף די גאַסען... און מיט אַמאָל שטעהט זי גאָר דאָ אין מיטען זאַאַל, זי שטעהט פּלוצלינג פֿאַר מיר, פֿאַר אונז אויף די דאָזיגע טרעפּ!... אָה, וואָס פֿאַר אַ גרויסער נס דאָס איז!... ווי אַזוי ס'איז געשעהן?... דאָס ווערען מיר גלייך וויסען: וואַנאַ האָט עס דורכגעפֿיהרט... נאָר אַזוי ווי זי איז דאָ, מוז זי אַליין ענדיגען איהר אַרבייט... (צו מאַרקאָ'ן, ווענדען ער נעהמט אָן פֿאַר'ן אָרם.) דו זעהסט דעם מאַן?...

מאַרקאָ. יאָ, ווער איז דאָס?...

גידאָ. דו האָסט דאָך איהם געזעהן; דו האָסט דאָך גערעדט מיט איהם, דו, זיין געפֿעליגער פֿערמיטלער...

(פּרינציוואַלי קוקט אָן מאַרקאָ'ן, וועלכער דערקענט איהם.)

מאַרקאָ. פּרינציוואַלי!... (עס ווערט אַ שוואַכער גערודער אין דער מאַסע.)

גידאָ. נו יאָ, דאָס איז ער, ער אַליין, ס'איז גאָר קיין צווייפֿעל ניט... געה דאָך צו נעהענטער, גיב איהם די האַנד, רייד מיט איהם... אפשר האָט ער עפּעס נאָך אַ נייע שליחות דורך דיר איבערצוגעבען?... יאָ, ווירקליך, ס'איז שוין ניט מעהר דער גלענצענדער פּרינציוואַלי, נאָר פֿאַר איהם איז קיין שום מיטלייד ניטאָ!... דורך אַן אונגעהייערע, אונערהערטע ליסטיגקייט האָט ער ביי מיר אַוועקגערויבט דאָס איינציגע אויף דער וועלט, וואָס איך וואָלט קיינעם ניט געקענט געבען... און ער איז אַליין געקומען, דורך דער גערעכטיגקייט אַהערגעבראַכט, און דורך אַן

דער טריאומף איז גלענצענד!... ער איז נאָכגעגאַנגען דיינע קושען זאַנפּט, צערטליך, אַזוי ווי אַ שעפּעלע, וואָס לויפט נאָך אַ בלומען־צווייגעל!... וואָס פאַר אַ בעטרעף האָבען די קושען, וואָס דער האָס האָט גענעבען!... דערפאַר האָסט דו דאָך איהם אַריינגע־קראָגען אין פּאַסטקע... יאָ, דו האָסט געהאַנדעלט ריכטיג; ווען דו וואָלסט איהם גע'הרג'עט דאָרט אַליין ביי איהם אין געצעלט, נאָך דעם שוידערליכען פערברעכען זיינעם, וואָלט דאָס ניט גענוג געווען; אַ צווייפעל וואָלט געבליבען; קיינער וואָלט עס ניט געזעהן... יעדער איינער איז בעקאַנט מיט דעם שענדליכען מסחר; זאָל אַלזאָ אויך יעדער איינער זעהן דעם לוין פאַר אַזאַ זינד געגען די נאַטור... נאָר ווי אַזוי האָסט דו דאָס דו פאָרט געמאַכט?... דאָס איז דער גרעסטער טריאומף פון דער פרויען־עהרע... אַך, דו ווילסט עס זיי זאָגען!... (לויפט צום באַלקאָן און שרייט הויך אויף'ן קול.) פּרינ־ציוואַלי! פּרינציוואַלי!... דער פיינד איז ביי אונז אין די הענד!...

וואַנאַ (לויפט איהם נאָך און סטאַרעט זיך איהם אָבצוהאַלטען). ניין, ניין; הער מיך אויס... ניין, ניט אַזוי איז דאָס... גידאָ, איך בעשווער דיך... ניין, גידאָ, דו נאַרסט זיך אָב...

גידאָ (רייסט זיך אויס פון איהרע הענד און שרייט מיט דאָפּעלטער קראַפט). לאָז מיך, דו ווערסט שוין זעהן... זיי מוזען עס אַלע וויסען... (שרייט אַרויס צום עולם.) איצט קענט איהר, איצט זאָלט איהר אַריינקומען צוריק!... דו אויך, מיין פאָטער, וועמעס גרויז־גראָער קאָפּ זעהט זיך אַרויס דאָרט צווישען די זיילען; דו, וואָס דו שטעהסט דאָרט און לויערסט אויף מיין שיקזאַל, אָקוראַט ווי דו וואָלסט געוואַרט אויף אַ נאָט, וואָס זאָל ענדליך קומען און צוריק גוט מאַכען דאָס, וואָס דו האָסט פערזינדיגט, און אונז ווידער ברייננען דעם פריעדען! קום אַריין צוריק! דער פריעדען איז דאָ און אַ גרויסער נס איז געשעהן!... און וואָס עס וועט נאָך געשעהן, דאָס זאָלען זאָגאַר די שטיינער הערען און זעהן... איך בעהאַלט זיך שוין מעהר ניט פאַר קיינעם, און מיין שאַנד פער־שווינדעט!... ריין געה איך אַרויס דערפון, ריינער איידער די ריינסטע, און גליקליכער איידער די, וועלכע האָבען גאָרנישט

ער דיך גערעטעט... ווען עס איז שוין געווען צו שפּעט... אַ פּיינע מהאַט, כ'לעבען... נאָך בעסער וואָלט געווען...

וואַנאַ (פּיבערהאַפּט). לאָמיך דיר ענדליך זאָגען... גידאָ, איך בעט דיך... איין וואָרט, און דו ווייסט אַלעס... ער האָט מיך גערעטעט, זאָג איך דיר! געשוינט, געאַכטעט... ער האָט מיך ניט אָנגעריהרט... קיינער האָט מיך ניט אָנגעריהרט... אונטער מיין שוץ קומט ער אַהער... כ'האָב איהם געגעבען מיין וואָרט, דיין וואָרט און אונזער אַלעמענס... האַלט איין דיין צאָרן... לאָמיך דיר זאָגען... ער האָט קיין וואָרט ניט גערעדט, ער האָט גאָרנישט געטהאָן, וואָס...

גידאָ. אָבער ווער איז דאָס פּאָרט? ווער איז דאָס?

וואַנאַ. פּרינציוואַלי...

גידאָ. ווער?... ער?... ווער? אָט דער דאָ?... דאָס איז פּרינציוואַלי?...

וואַנאַ. יאָ, יאָ; ער איז דיין גאַסט... ער האָט צוטרוי צו דיר!... ער איז אונזער רעטער...

גידאָ (נאָך אַ רגע פון פערגלייוערטקייט, מיט אַ געוואַלטיגער, וואָס ווייטער אַלץ גרעסערער אויפרעגונג, אין וועלכער ער לאָזט וואַנאַ'ן ניט קומען צום וואָרט). אָה! דאָס! דאָס, מיין וואַנאַ!... אָה, דאָס פאַלט ענדליך ווי אַ צניעות'דיגער טוי פון'ם הימעל פון אַלע הימלען!... אָה, וואַנאַ, מיין וואַנאַ!... דו ביסט גרויס; איך ליעב דיך און איך פערשטעה ענדליך!... נו יאָ, דו ביסט גערעכט; אַז עס האָט געמוזט זיין, האָט עס געמוזט זיין אַזוי!... אָה, איך בעגרייף דיין כיטרעקייט, וועלכע איז געווען שטאַרקער, איידער זיין פערברעכען! נאָר איך האָב ניט געוואוסט, ס'איז מיר גאָר אויף'ן זינען ניט אַרויף... אַן אַנדערע וואָלט איהם געטויט, ווי יהודית האָט גע'הרג'עט האָלאָפערנעס'ן... נאָר זיין פערברעכען איז גרעסער ווי האָלאָפערנעס'עס און פאָדערט אַ גרעסערע ראַכע... איהם האָט מען געמוזט ברייננגען אַהער, און דו האָסט עס דורכגעפיהרט... ער האָט געמוזט געבראַכט ווערן דאָ אין מיטען פון די אַלע אָפּפער, וועלכע וועלען אַצונד זיין זיינע תלינים... אַה,

זוויניגסטען לאָזט מיר מיין שמערץ... געהט זיך אייער וועג, עסט! געהט זיך אייער וועג, טרינקט!... איך האָב אַנדערע זאָרגען, און איך וועל זיך היטען, איהר זאָלט מיינע טרעהרען ניט זעהן... געהט זיך אייער וועג, זאָג איך אייך!... (שווייגענדע בעוועגונג אין דער מאַסע, וועלכע פערשווינדט ביסלעכווייז.) קיינער זאָל דאָ ניט בלייבען!... (פאַקט זיין פאַטער ביים אָרם.) דו אויך! דו פאַר אַלע־מען! דו נאָך מעהר איידער די אַנדערע, וואָרים ס'איז דיין שולד!... דו זאָלסט נים זעהן, ווי אָט די טרעהרען פליסען!... אַך, איינזאַם וויל איך זיין, איינזאַמער ווי אין קבר, כדי איך זאָל ענדליך דערגעהן דאָס, וואָס איך מוז וויסען!... (ער בעמערקט פרינציוואַלי'ן, וועלכער האָט זיך ביז אַהער ניט גערירט פון אָרט.) און איהר?... ווער זייט איהר, וואָס שטעהט דאָ ווי אַ פערשלייערט בילד?... זייט איהר די שאַנד אָדער דער טויט, וועלכע וואַרטען אויף מיר?... וואָס זשע, איהר פערשטעהט ניט וואָס מען רעדט צו אייך? אַרויסגעהן זאָלט איהר פון דאַנען!... (כאַפּט די פיקע פון אַ וואַך־מאַן.) זאָל איך אייך אַרויסיאָגען מיט אָט דער פיקע?... אָה, איהר נעהמט זיך צו אייער שווערד?... איך האָב אויך אַ שווערד; נאָר איך וועל עס צו דעם צוועק ניט ציהען... עס זאָל מיר בלויז נאָך געגען איינעם דיענען; בלויז געגען איינעם נאָך... און דער... נאָר וואָס בעדייט דאָס דאָזיגע טוך, וואָס בעדעקט אייער קאָפּ?... איך בין ניט אויפגעלייגט צו מאַסקען־שפּאַסען... איהר ענטפערט ניט? איך וויל זעהן, ווער איהר זייט; קומט אַהער... (ער געהט צו צו איהם, כדי איהם אַרונטערצורייסען דעם באַנד פון געזיכט. וואַנאַ טהוט זיך אַ וואָרף צווישען איהם און פרינציוואַלי'ן און לאָזט איהם ניט.)

וואַנאַ. ריהרט איהם ניט אָן!...

גידאָ (מיט אַ טאָן פון ערשטוינונג). אָה, וואַנאַ?... דו, וואַנאַ?... פון וואַנען נעהמט זיך צו דיר אַזאַ קראַפט?...

וואַנאַ. דאָס האָט ער מיך דאָס געראַטעוועט...

גידאָ. האַ, האַ, ער האָט דיך געראַטעוועט!... דערנאָך האָט

שרעקליכער פֿיינד האָט ניט געקענט רויבען ביי דיר קיין איין שטראַהל פֿון דיינע אויגען, קיין איין שמייכעל פֿון דיינע ליפּען!...

וואַנאַ. פֿאָטער, איך וועל אייך זאָגען... נאָר וואו איז ערגעץ גידאָ?... איהם מוז איך פֿאַר אַלעמען ערלייזען... ער וויים דאָך נאָך ניט...

מאַרקאָ. קום, וואַנאַ, דאָ איז ער... קום... מיך פֿער־שטויסט ער, און פֿילייכט מיט רעכט, נאָר דיר פֿערצייהט ער פֿאַר דיין נאָבעלער שולד; און איך וויל דיך אַריינפֿיהרען אין זיינע אָרעמס, כדי מיין לעצטער גרוס און מיין לעצטער בליק זאָלען אייך ווידער געפֿינען פֿעראייניגט אין ליעבע... (אין דער רגע קומט גידאָ צו צו וואַנאַ'ן. זי וויל ריידען און מאַכט אַ בעוועגונג, אַזוי ווי זי וואָלט זיך וועלען אַריינוואַרפֿען אין זיינע אָרעמס, נאָר גידאָ גיט פּלוצלינג אַ מאַך מיט דער האַנד און שטויסט זי אָב פֿון זיך.)

גידאָ (צו די אַרומיגע, מיט אַ קורצער, שאַרפֿער און בעפֿעהלענ־דער שטימע). לאָזט אונז אַליין!

וואַנאַ. ניין, ניין!... בלייבט אַלע!... גידאָ, דו וויסט ניט... איך וויל דיר זאָגען... איך וויל זיי אַלעמען זאָגען!... גידאָ, כ'קום צוריק ריין, און קיינער קען ניט...

גידאָ (שלאָגט איהר איבער די רייד, שטויסט זי נאָך אַמאָל אָב פֿון זיך און שרייט מיט אַ שטימע פֿול מיט צאָרן). דו, קום ניט צו נאָהענט צו מיר; ריהר מיך נאָך ניט אָן... (זיך אַ לאָז טהאָנדיג צו דער מאַסע, וועלכע הויבט אָן אָנפֿילען דעם זאַאַל און וועלכע טרעט איצט אָב צוריק פֿאַר איהם.) האָט איהר מיך פֿערשטאַנען?... איך בעט אייך, געהט אַרויס און לאָזט אונז אַליין. איהר זייט בעלי־בתים ביי זיך אין דערהיים, דאָ בין איך בעל הבית. באָרסאָ און טאָרעלאָ, רופֿט אַריין די וואַך. אַה, איך פֿערשטעה!... אייך פֿעהלט דער ספּעקטאַקעל נאָך דעם גרויסען יום טוב, נאָך דער זאַטער מאָהלצייט, וואָס איהר האָט געהאַט!... נאָר איהר וועט עס ניט האָבען; ס'איז ניט פֿאַר אייך בעשטימט, איהר פֿערדיענט עס ניט... איהר האָט פֿלייש און ווין; איך האָב פֿאַר אייך אַלעמען בעצאָהלט; אויף וואָס וואַרט איהר נאָך?... צום

זייטען, כדי צו פֿערשפּאַרען דעם אַריינגאַנג... איך וועל זיי הייסען אָבהאַלטען דאָס פֿאָלק און צושליסען די טויערן, אויב ס'איז נאָך ניט צו שפּעט...

מאַרקאָ. ניין! ניין! זאָל די פֿרייד זיך פֿונאַנדערקאָכען דאָ, ווי זי קאָכט ביי זיי אין האַרצען!... ווען די ליעבע איז אַזוי מעכטיג, וואָס מאַכט עס אויס, אַז זי צושטערט!... זיי האָבען געגנוג געליטען; זיי האָבען אַזויפֿיעל געליטען, אַז זייער בעפֿריי־אונג שטייגט אַריבער אַלע גרענעצען!... אָה, מיין אָרעם, גוט פֿאָלק!... איך בין אויך שכור פֿאַר פֿרייד און איך פֿרעה זיך מיט דיר!... אָה, וואַנאַ, מיין וואַנאַ!... דאָס ביסט דו דאָס, ווען איך זעה דאָ אונטען ביי די טרעפּ?... (ער לאָזט זיך אַנטקעגען וואַנאַ'ן, נאָר באָרסאָ און טאָרעלאָ האַלטען איהם צוריק.) קום!... קום, וואַנאַ!... זיי האַלטען מיך צו... זיי האָבען מורא פֿאַר דער פֿרייד... קום, וואַנאַ, קום... דו, וואָס דו ביסט שעהנער איידער יהודית און ריינער איידער לוקרעציאַ!... קום אַרויף, וואַנאַ, קום אַרויף אונטער בלומען! (ער לויפֿט צו צו די בלומען-טעפּ, רייסט אָן פֿולע הענד מיט בלומען און וואַרפֿט זיי אויף די טרעפּ.) אויך איך האָב בלומען צו בעגריסען דאָס לעבען... אויך איך האָב ליליען און רויזען צו בעקרוינען דיין גרויסען נאָמען!

(—י הוראה-געשרייען ווערן אַלץ ווילדער, אין דער צייט וואָס וואַנאַ, בעגלייט פֿון פּרינציוואַלי'ן, געהט אַרויף אויף די טרעפּ און אויבען אויף'ן לעצטען טרעפּעל פֿאַלט זי אַריין אין מאַרקאָ'ס אָפֿענע אָרעמס. דער עולם פֿילט אָן די טרעפּ, דעם באַלקאָן און די זיילען-גייַנג, אָבער אַלע בלייבען זיי פֿונדעסטוועגען שטעהן עטליכע טריט ווייט פֿון דער גרופּע, וועלכע בעשטעהט פֿון וואַנאַ, פּרינציוואַלי, מאַרקאָ, באָרסאָ און טאָרעלאָ.)

וואַנאַ (זיך אַריינוואַרפֿענדיג אין מאַרקאָ'ס אָרעמס). מיין פֿאָטער, איך בין גליקליך...

מאַרקאָ (זי אַרומנעהמענדיג). און איך אויך, מיין קינד, איך האָב דיך ווידער!... לאָמיך דיך אָנקוקען דורך מיינע טרעהרען... ווי דו שטראַהלסט! גלייך דו וואָלסט געקומען פֿון די קוואַלען פֿון'ם הימעל, וועלכער בעלייכט איצט דיין אָנקומען!... און דער

דערקענען!... אָה, מיינע אויגען זיינען בלינד, זיי זעהען שוין גאָרנישט!... צום ערשטען מאָל פערשעלט איך די אַלטע יאָהרען, וועלכע האָבען מיר אַזויפיעל זאַכען ענטפּלעקט און נור די איינע פערבאָרגען זיי פון מיר!... נאָר איהר זעהט זי דאָך, טאָ זאָגט, ווי זעהט זי פאָרט אויס?... איהר זעהט איהר געזיכט?

באָרסאָ. מיט טריאומף קומט זי צוריק. עס זעהט אויס, עפּעס אַזוי ווי איהר פּנים וואָלט בעלויכטען דעם בעגייסטערטען עולם...

טאָרעלאָ. אָבער ווער איז דער מאַן, וואָס געהט מיט איהר ביי דער זייט?...

באָרסאָ. איך ווייס ניט... איך קען איהם ניט... זיין געזיכט איז פערדעקט...

מאַרקאָ. הערט נור, ווי זיי ליאַרעמען דאָס פאַר פרייד!... דער גאַנצער פּאַלאַץ ציטערט, און די בלומען פאַלען אַרוים פון די גרויסע וואַזען אויף די טרעפּ... עס זעהט אויס, עפּעס אַזוי ווי די מאַרמאָר־שטיינער און די טרעפּ וואָלטען זיך פונאַנדער־געלאָזט אונטער אונזערע פיס, כדי אונז אַרונטערצושלעפּען אַהין, צו דער קאָכעדיגער פרייד!... אַה, אַצונד ערשט הויב איך אָן זעהן!... די מאַסע איז שוין באַלד ביים טויער פון פּאַלאַץ... אָט דאָרט אויף'ן פּלאַץ, זעה איך, ווי זי טהיילט זיך פונאַנדער...

באָרסאָ. יאָ, די מאַסע געהט זיך פונאַנדער און עפּענט אַ וועג פאַר וואַנאַ'ס טריט; זי בילדעט אַ מויער פון טריאומף און פון ליעבע... בלומען און פּאַלמען־בלעטער שפּרייטען זיי איהר אויס און ציערונג וואַרפען זיי אויף איהר וועג... די מאַמעס טראָגען איהר אַנטקעגען די קינדער זייערע, כדי זי זאָל זיי אָנריהרען, און די מענער פאַלען אויף די קניע און קושען די שטיינער, אויף וועלכע איהרע פיס זיינען אַריבער... גיט אַכטונג... זיי קומען אַלץ נעהענטער צו אונז... זיי זיינען אויסער זיך פאַר פרייד... זיי קענען זיך ניט בעהערשען... מיר וועלען אַרונטער־געריסען ווערן, ווען זיי וועלען זיך אַ לאָז טהאָן אויף די טרעפּ... ס'איז נאָך אַ גליק, וואָס די וואַך־לייט לויפען אַפיהער פון אַלע

דאָס דאָזיגע גערויש נאָך גרעסער, קומט אַלץ נעהענטער און ווערט דייט־ליכער. באַלד הערט מען דורך דעם ים פון קולות און דעם אונבעשטימטען ליאַרם אַלץ דייטליכער און דייטליכער דעם טויזענד-פאַכען געשריי: „וואַנאַ! וואַנאַ! אונזער מאָנאַ וואַנאַ!... לעבען זאָל מאָנאַ וואַנאַ!... וואַנאַ! וואַנאַ! וואַנאַ!“... א. א. וו.).

מאַרקאָ (לויפט צו צום זיילען-גאַנג, וואָס פיהרט אַרויס אויף׳ן באַלקאָן). זי איז דאָס, וואַנאַ!... זי קומט צוריק!... זי איז דאָ... זיי בעגעגענען זי מיט פרייד! זיי בעגעגענען זי מיט פרייד! הערט, הערט!...

(באָרסאָ און טאָרעלאָ געהען איהם נאָך אויף׳ן באַלקאָן אַרויס, בעת ווען גידאָ בלייבט שטעהן אַליין, אָנגעשפּאַרט אָן אַ זייל, און קוקט אַרויס אין דער ווייטענס. די געשרייען אויף דרויסען ווערן אַלץ העכער און קומען שנעל צו.)

מאַרקאָ (אויף׳ן באַלקאָן). אָה, דער פּלאַץ, די גאַסען, די בוימער, די פענסטער, אַלעס איז פול מיט קעפּ און מיט בעוועג־טענדע אָרעמס!... מען וואָלט געקענט מיינען, אַז די שטיינער און די בלעטער און די ציגעל האָבען זיך פערוואַנדעלט אין מענשען!... נאָר וואו איז וואַנאַ?... איך זעה בלויז אַ וואָלקען, וואָס טהיילט זיך פונאַנדער און שליסט זיך ווידער צונויף?... באָרסאָ, מיינע אָרעמע אויגען פערראַטהען מיין ליעבע... די אַלטקייט, די טרעהרען, די מורא פערבלענדען זיי... זיי געפינען ניט די איינציגע, וועמען זיי זוכען!... וואו איז זי ערגעץ?... דו זעהסט זי? וואוהין זאָל איך איהר אַנטקעגען געהן?...

באָרסאָ (האַלט איהם אָב). ניין, געהט ניט אַראָב... דאָס געדריינג איז צו געדיכט, און דער עולם איז ווילד און אויסער זיך פאַר פרייד... זיי קוקען אויף קיין זאַך ניט; זיי טרעטען אויף די פרויען און וואַרפען אום די קינדער... דערצו איז דאָך דאָס גאָר ניט נייטיג; וואַנאַ וועט זיין דאָ, נאָך איידער איהר... אָט קומט זי, זי איז שוין דאָ... זי קוקט אַרויף, זי האָט אונז דערקענט... זי שפּאַנט שנעלער, זי קוקט אַהער און שמייכעלט...

מאַרקאָ. זעהט איהר זי, הייסט עס, און איך קען זי ניט

מענשען־לעבענס, איז ביי דיר אין די אויגען אַ זינד, וואָס קען ניט פֿערגעבען ווערן, דאַן פֿאַלט די שולד אויף מיר אַליין, די העלדענטהאַט בלייבט פֿאַר די אַנדערע... מיין ראַטה איז געוועזען גוט, נאָר בעקוועם, וואָרים איך האָב דאָך קיין אָנטהייל ניט גענומען אין׳ם אָפּפֿער... היינט, ווען ער רויבט ביי מיר אַוועק דאָס טהייערסטע, וואָס איך האָב נאָך אין לעבען, — היינט קומט ער מיר פֿאָר נאָך בעסער... דו האָסט געאורטהיילט נאָך דיין געוויסען נאָך, ווי איך וואָלט עס אַליין אויך געטהאָן, ווען איך בין יונגער... איך געה, מיין זוהן, דו וועסט מיך מעהר ניט זעהן; איך פֿערשטעה, אַז מיין אָנבליק דאַרף זיין שמערצליך פֿאַר דיר; נאָר דאָך האָף איך, אַז איך וועל דיך ווידערזעהן, אָהן דעם דו וואָלסט מיך האָבען פֿאַר די אויגען... און ווייל איך געה אַוועק פֿון דיר אָהן האָפֿנונג, אַז איך וועל דערלעבען די שעה, ווען דו וועסט מיר מוחל זיין פֿאַר דאָס בייז, וואָס איך האָב דיר געטהאָן,— וואָרים איך ווייס גאַנץ גוט פֿון מיין אייגענער פֿערגאַנגענהייט, אַז די פֿערצייהונג קומט לאַנגזאַם, ווען מען געפֿינט זיך ווי דו אין סאַמע מיטען לעבען, — ווייל איך געה אַוועק פֿון דיר אָהן עפּעס, פֿאַר וואָס מען זאָל מיך מקנא זיין, וואָלט איך וויינינגסטענס געוואָלט זיין זיכער, אַז איך נעהם מיט זיך דעם גאַנצען האַס און צאָרן און אַלע גרויזאַמע עראינערונגען פֿון דיין האַרצען, און אַז דערפֿון וועט גאָרנישט איבערבלייבען פֿאַר א י ה ר, ווען זי וועט קומען צוריק... בלויז איין בקשה האָב איך צו דיר... לאָמיך צום לעצטען מאָל זעהן, ווי זי וואַרפֿט זיך אַריין אין דיינע אָרעמס... דאַן וועל איך אַוועקגעהן און זיך ניט בעקלאָגען, און דיך אויך ניט האַלטען פֿאַר אונגערעכט... אין דעם יאָמער פֿון אונזער מענשען־לעבען איז ניט מעהר ווי רעכט, אַז דער עלטסטער זאָל נעהמען אַלצדינג אויף זיינע פּלייצעס, וואָס ער קען דערטראָגען, וואָרים איהם בלייבען דאָך נאָך איבער אַזוי וויניג טריט צו מאַכען, ביז די לאַסט ווערט אַרונטערגענומען פֿון איהם...

(שוין ביי מאַרקאָ׳ס לעצטע ווערטער הערט מען, ווי אויף דרויסען הויבט זיך אויף אַ שטאַרק, טומעלדיג גערויש. אַז ער בלייבט שטיל, ווערט

איז מעהר ניט מיינע, אַזוי לאַנג ווי דער דאָזיגער מאַן לעבט. איך האַלט מיך ביי אַנדערע רעגלען, ווי די רעגלען פֿון דער גראַמאַטיק. איך פֿאָלג דעם גרויסען געזעץ, וואָס בעהערשט יעדען מאַן, וועמעס האַרץ לעבט נאָך אין איהם... פּיזאַ האָט איצט געגוג צו עסען און צו קעמפּפֿען. זי האָט וואַפֿען; איך פֿערלאַנג מיין טהייל דערפֿון, פֿון היינט אָן געהערען איהרע קריעגס־לייט צו מיר, וויניגסטענס די בעסטע, וועלכע איך האָב אַליין געדונגען און בעצאָהלט פֿון מיין טאַש. איך האָב בעצאָהלט פּיזאַ'ן וואָס איהר האָט געקומט, מעהר בין איך איהר גאָרנישט שולדיג, און איך פֿאָדער איצט מיין האָב און גוטס צוריק. אָט די קריגס־לייט איהרע זאָלען זיך ערשט דאַן אומקעהרען צו איהר, ווען זיי וועלען האָבען געטהאָן דאָס, וואָס איך האָב אַ רעכט צו פֿערלאַנגען... ווייטער, וועגען אַלעס איבעריגע איז אָט וואָס: וואַנאַ'ן... פֿערצייה איך אָדער וועל איך פֿערצייהען, ווען יענער וועט מעהר ניט לעבען... זי איז פֿערפֿיהרט געוואָרען; זי האָט שרעקליך געזינדיגט, אָבער ווי אַ העלדין געזינדיגט... מען האָט זיך אויף אַ שענדליכען אופן געשפּיעלט מיט איהר מיטלייד און מיט איהר גרויסער זעעלע... נו גוט, אויב דאָס פֿערגעסט זיך ניט, טאָ קען עס דאָך אַזוי ווייט צוריקבלייבען אין דער פֿערגאַנגענהייט, אַז די ליעבע, ווען זי וועט עס זוכען, זאָל עס מעהר ניט געפֿינען... נאָר איינער איז דאָ, וועמען איך קען פֿון היינט אָן ניט אָנקוקען אָהן אַ געפֿיהל פֿון שאַנד און פֿון עקעל... דאָ איז פֿאַרהאַן אַ מענש, וועמעס איינציגע אויפֿגאַבע איז געוועזען צו זיין דער היטער און בעשיצער פֿון אַ גרויסען, איידעלען גליק... ער אָבער איז געוואָרען אַ דם שונא דעם דאָזיגען גליק; און דו וועסט דאָ זעהן אַ זאַך, וואָס איז שרעקליך און דאָך גערעכט... דו וועסט זעהן, ווי אַ זוהן אין אַן אויגענבליקליך פֿערקעהרטער וועלט משפּט זיין אייגענעם פֿאָטער, פֿערפֿלוכט, פֿערלייקענט איהם און פֿעריאָגט איהם פֿון זיינע אויגען, האַסט איהם און פֿעראַכט איהם אויף אייביג!...

מאַרקאָ. מיין זוהן, מעגסט מיך פֿערפֿלוכען, אַבי דו ביסט איהר מוחל... אויב אַ העלדענטהאַט, וועלכע רעטעט אַזויפֿיעל

וואָס מען קען דערנאָך אויף קיין פֿאַל ניט צוריקרופֿען... וואַנאַ וועט באַלד זיין צוריק... משפּט זי ניט היינט, פֿערשטוים קיינעם ניט, טהוּ ניט קיין זאַך, וואָס לאָזט זיך דערנאָך ניט איבערמאַכען... ווארים אַלעס, וואָס מען טהוט און מען רעדט אין אַ מאָמענט פֿון אַן אונגעהייער גרויסען שמערץ, איז פֿון דער נאַטור אַזוי גרויזאַם, אַז מען קען עס דערנאָך באין אופן ניט צוריקנעהמען!... וואַנאַ קומט באַלד צוריק, פֿערצווייפֿעלט און גליקליך... מאַך איהר ניט קיין פֿאָרווירפֿע... אויב דו פֿיהלסט ניט אין זיך די קראַפֿט צו ריידען צו איהר, ווי דו וואָלסט געוועדט אין עטליכע טעג אַרום, טאָ וואַרט בעסער אָב ביז דאַן; זאָל אַריבערגעהן אַ שטיקעל ציים, ביז דו וועסט זיך קענען זעהן מיט איהר... מיר אָרעמע מענשען זיינען די שפּיעלצייג פֿון אַזויפֿיעל מורא'דיגע קרעפֿטען, און וויפֿיעל גוטסקייט, וויפֿיעל גערעכטיגקייט און קלוגשאַפֿט ליגט פֿאַר אונז אין אַ פּאָר שטונדען, וואָס געהען פֿערביי!... און די איינציגע ווערטער, וועלכע האָבען אַ ווערטה, וועלכע מען מוז ניט פֿערגעסען, ווען דאָס אונגליק פֿערבלענדעט אונז די אויגען, — אָט די ווערטער רעדט מען ערשט דאַן, ווען מען האָט פֿערשטאַנען, ווען מען האָט פֿערגעבען און ווען מען האָט ווידער אָנגעהויבען צו ליעבען...

גידאָ. האָסט נאָך וואָס צו זאָגען?... נאַ, איצט איז נים די שטונדע פֿון האָניג־זיסע ווערטער, און עס איז ניטאָ קיינער, וועמען זיי זאָלען נאָך קענען נאַרען!... איך האָב דיך צום לעצטען מאָל געלאָזט אַרויסזאָגען דאָס, וואָס דו האָסט מיר געהאַט צו זאָגען, ווארים וויסען האָב איך געוואָלט, וואָס דיין חכמה קען מיר געבען אין אויסטויש פֿאַר מיין לעבען, וואָס זי האָט אַזוי שעהן צושטערט... און דאָס גיט זי מיר אַלזאָ! אָבוואַרטען, דולדען, אַריבערטראָגען, פֿערגעסען, פֿערגעבען און וויינען!... אָה ניין! דאָס איז צו ווייניג!... אויף אַזאַ'ן אופן וויל איך בעסער ניט זיין קלוג, און איך מוז האָבען עפּעס אַנדערש ווי ווערטער, כדי צו פֿערניכטען מיין שמאַך און שאַנד! וואָס איך וועל טהאָן, דאָס איז זעהר איינפֿאַך. פֿאַר עטליכע יאָהרען וואָלסט דו עס מיר אַליין געהייסען טהאָן. אַ מאַן האָט צוגענומען וואַנאַ'ן ביי מיר; וואַנאַ

האָבען געמוזט בעצאָהלט ווערן! דער קונה האָט געמוזט אָט די אײדעלע נאַכט געניסען ביז אויף דער לעצטער מינוט! האַ, דאָס איז אפשר גאָר ניט געווען צו טייער בעצאָהלט פאַר אַזויפיעל תבואה, פאַר אַזויפיעל רינדער און גרינוואַרג!... נו האָב איך בעצאָהלט, און איהר האָט גענעסען... איצט בין איך פריי, אַצונד בין איך ווידער בעל הבית און איך וואַרף אַראָב מיין שמאַך און שאַנד פון מיר...

מאַרקאָ. איך וויים ניט, וואָס דו דיינקסט צו טהאָן, און קיינער האָט ניט קיין רעכט זיך אַריינצומישען אין אַ שמערץ, וואָס איז אַזוי גרוים ווי דיינער... אויך קען איהם קיינער ניט פערקלענערן, און דאָס אונענדליכע גליק, וואָס ער האָט אונז געבראַכט און וואָס רינגעלט דיך אַרום פון אַלע זייטען, אויך דאָס דאָזיגע גליק אפילו, דאָס פערשטעה איך גאַנץ גוט, וועט דעם ווייטאָג דיינעם נאָך מעהר פערשאַרפען, וועט די ערשטע טרערען, וואָס דו האָסט געוויינט, נור הייסער, זודיגער מאַכען... אַצונד, אַז די שטאָדט איז גערעטעט, בעדויערן מיר כמעט אַליין די ערלייזונג, וועלכע האָט דיך געקאָסט אַזויפיעל; און מיר בויגען דעם קאָפּ פאַר דעם, וואָס האָט אויף אַזאַ אונגערעכטען אופן אַליין בעצאָהלט די גאַנצע שולד... און דאָך, ווען עס וואָלט נאָך אַמאָל געווען נעכטען, וואָלט איך ווידער אַמאָל געמוזט האַנדלען ווי איך האָב געהאַנדעלט, ווידער אַמאָל אָנווייזען אויף דיזעלבע אָפּפער און פאָדערן דיזעלבע אונגערעכטיגקייט; וואָרים דער, וואָס וויל זיין גערעכט, האָט קיין אַנדער ברירה ניט, נאָר זיין לעבען לאַנג כסדר אויסקלייבען צווישען צוויי אָדער דריי ניט גלייכע אונגערעכטינקייטען... איך וויים ניט, וואָס איך זאָל דיר זאָגען; נאָר אויב מיין שטימע, וועלכע דו האָסט אַמאָל ליעב געהאַט, קען נאָך צום לעצטען מאָל אַריינדרינגען אין דעם דאָזיגען האַרצען, וואָס האָט זיך שטענדיג צוגעהערט צו איהר, בעט איך דיך, מיין זוהן: פאָלג ניט בלינדערהייט די ערשטע עצות פון צאָרן און שמערץ... וואַרט וויינינגסטענס אָב, ביז עס וועט אַריבער די געפעהרליכע שטונדע, אין וועלכער מען רעדט אַזעלכע ווערטער,

# דריטער אקט.

## פראַכט־זאַאַל ביי גידאָ קאָלאָנאַ'ן אין פּאַלאַץ.

הויכע פֿענסטער, מאַרמאָר-זיילען, זיילען-גיינג, טעפּיכער א. אַ. וו. לינקס אין הינטערגרונד אַ ברייטער באַלקאָן; אויף די פּאַרענטשעס שטעהען גרויסע וואַזען מיט בלומען. אין מיטען זאַאַל צווישען די זיילען פֿיהרען גרויסע מאַרמאָרנע טרעפּ אַרויף צום באַלקאָן, פֿון וואַנען מען קען זעהן אַ גרויסען טהייל פֿון דער שטאָדט.

## ערשטע סצענע.

גידאָ, מאַרקאָ, באָרסאָ און טאָרעלאָ קומען אַריין.

גידאָ. כ'האָב געטהאָן וואָס איהר האָט געוואָלט, וואָס זי האָט געוואָלט, וואָס אַלע האָבען געוואָלט; אַצונד איז ניט מעהר ווי רעכט, אַז מיין ווילען זאָל געשעהן. כ'האָב געשוויגען, כ'האָב זיך בעהאַלטען, כ'האָב איינגעהאַלטען דעם אָטהעם מיינעם, אַזוי ווי אַ טרום, ווען גנביםליידיגען איהם אוים דאָס הויז... און איך בין געווען עהרליך אין מיין ערנידעריגונג!... איהר האָט מיך געמאַכט פֿאַר אַן עהרליכען, פֿאַר אַ געוויסענהאַפֿטען סוחר... נאַ, איצט טאָגט עס... איך האָב זיך ביז איצט פֿון אָרט ניט געריהרט... כ'האָב געוואויגען און בערעכענט אויף אַ האָר די שמאַך און שאַנד... דער האַנדעל האָט געמוזט צוגעהן ראַיעל און אויף אַן עהרענהאַפֿטען אופן, און אַלע אונזערע לעבענס־מיטלען

אַרויף צו די שטערען!... די גאַסען זעהען אויס ווי ליכט־וועגען אויף'ן הימעל!... איך דערקען זיי פֿון דאַנען, איך זעה זיי אין דער הימעל־בלויקייט, ווי איך האָב זיי געזעהן היינט אין דערפֿריה פֿאַר זיך!... אָט איז די פּיאַצאַ מיט איהר ריעזיגער קירכע פֿון פֿייער, דאָרט דער „קאַמפּאָ סאנטאָ", וואָס בילדעט אַן אינזעל פֿון שאָטענס... עס זעהט אויס, עפּעס אַזוי ווי דאָס לעבען, וואָס איז שוין גאָר געווען פֿערלאָרען, קעהרט זיך אין איילעניש, מיט אימפּעט אום צוריק, פֿלאַקערט זיך פֿונאַנדער אויף די שפּיצען פֿון די טהו־עמס, פּלאַצט אַרויס פֿון די שטיינער, צוגיסט זיך איבער די מויערן, פֿערפֿלייצט די פֿעלדער און לויפֿט אונז אַנטקעגען, כדי אונז צו רופֿען צוריק... הער! הער זיך צו... הערסט ניט, ווי עס רופֿט און רוישט און טומעלט, אָקוראַט ווי דער ים וואָלט אַריינ־געבראָכען אין פּיזאַ?... הערסט ניט די גלאָקען, וואָס קלינגען אַזוי ווי אין דעם טאָג פֿון אַ חתונה?... אַך, איך בין איבער־גליקליך, דאָפּעלט איבער־גליקליך מיט דעם גליק, וואָס איך האָב צו פֿערדאַנקען דעם, וועלכער ליעבט מיך אַזוי שטאַרק!... קום, דזשאַנעלאָ. (זי גיט איהם אַ קוש אויף'ן שטערן.) — נעהם דעם איינ־ציגען קוש, וועלכען איך קען דיר געבען...

פּרינציוואַלי. אָה, דזשיאָוואַנאַ!... ער איז דער שעהנ־סטער, אויף וועלכען די ליעבע האָט ווען געקענט האָפֿען!...— נאָר וואָס איז דיר?... דו ציטערסט און דיינע קניע בויגען זיך... קום, שפּאַר זיך אָן אָן מיר? לייג אַוועק דיין אָרם אַרום מיין האַלז...

וואַנאַ. ס'איז גאָרנישט. איך געה מיט דיר... איך בין געזען פֿערבלענדעט... כ'האָב צופֿיעל געבויט אויף דער קראַפֿט פֿון אַ פֿרוי... האַלט מיך צו, טראָג מיך אַרויס! זאָל קיין זאַך ניט שטערן מיינע ערשטע גליקליכע טריט...— אָה, ווי שעהן איז די נאַכט אין דער אויפֿגעהענדער מאָרגען־רויטקייט!... קום שנעל, מיר טאָרען ניט פֿערלירען קיין צייט... מיר מוזען זיין דאָרטען, נאָך איידער די פֿרייד איז פֿערלאָשען...

(ביידע אָב, איינג אַרומגענומען. — פֿאָרהאַנג.)

וואַנאַ. דאָס איז דער שעהנסטער בעוויז פֿאַר דיין ליעבע... קום...

פרינציוואַלי. און דיין וואונד?...

וואַנאַ. דיינע איז פיעל ערגער...

פרינציוואַלי. זיי רוהיג... ס'איז ניט די ערשטע וואונד אין מיין לעבען... אָבער דיינע... עס זעהט אויס, אַזוי ווי דאָס בלוט וואָלט... (ער וויל אוועקרוקען דעם מאַנטעל מיט דער האַנד.)

וואַנאַ (אַריינפֿאַלענדיג צו איהם אין אָרם און זיך נאָך איינגער איינהילענדיג אין מאַנטעל). ניין... ניין, דזשאַנעלאָ... מיר זיינען איצט ניט מעהר קיין פֿיינד...— אָה, ווי קאַלט מיר איז!...

פרינציוואַלי. אַך, איך האָב גאָר פֿערגעסען, דו ביסט כמעט הויל און נאַקעט דאָ אין דער קעלט; און איך בין דאָס דער באַרבאַר, וואָס האָט עס געוואָלט...— אָט דאָ אין די גרויסע קאַסטענס ליגען אָנגעזאַמעלט פֿאַר דיר די טייערסטע זאַכען, וואָס איך האָב מיטגעבראַכט פֿון קריעג... דאָ זיינען פֿאַרהאַן גאָלדענע מלבושים, מאַנטלען פֿון בראָקאַט...

וואַנאַ (נעהמט אַ שלייער און וויקעלט זיך איין אין דעם). ניין, אָט דעם שלייער בלויז... די צייט פֿערגעהט, איך טאָר קיין מינוט ניט פֿערלירען; איך מוז דיך רעטען... קום, עפֿען מיר דאָס געצעלט...

(פרינציוואַלי געהט צו מיט וואַנאַ'ן צו דעם אַריינגאַנג פֿון געצעלט, הויבט אויף דעם פֿאָרהאַנג און פֿערוואַרפֿט איהם אָן אַ זייט. עס הערט זיך אַ פֿערשטיקטער גערויש פֿון שטימען און געוועהר, און פֿון דער וויי‍טענס קומט אַ פֿרעהליכער גלאָקען-קלאַנג, וועלכער דרינגט דורך די שטילקייט פֿון דער נאַכט. אַנטקעגען ביים האָריצאָנט זעהט זיך די שטאָדט פיזאַ, בעגאָסען מיט ליכט און מיט פֿריידען-פֿייערס, וועלכע וואַרפֿען אַ ריעזיגען פֿייער-שיין אויף דעם דונקעלן הימעל.)

פרינציוואַלי. וואַנאַ! וואַנאַ!... זעה נאָר!...

וואַנאַ. וואָס איז דאָס, דזשאַנעלאָ?...— אָה, איך פֿערשטעה!... דאָס זיינען די פֿריידען-פֿייערס, וואָס זיי האָבען אָנגעצונדען, צו פֿייערן דיין גרויסע טהאַט... די מויערן גליהען פֿון זייער שיין, די גראָבענס זיינען אין פֿלאַמען, דער קאַמפּאַנילע ברענט ווי אַ פֿריידען-פֿאַקעל!... אָט די אַלע טהורעמס פֿונקלען

וואַנאַ. און דו, וואָס וועט זיין מיט דיר?...

פרינציוואַלי. איך וויים ניט; וואָס מאַכט עס אויס? די וועלט איז גרוים גענוג, איך וועל ווי עס איז געפינען אַן אָרט, וואו זיך צו בעהאַלטען...

וועדיאָ. אָה, מיין הערר, זייט פאָרזיכטיג... זיי האָבען בעזעצט די גאַנצע געגענד אַרום דער שטאָדט, און גאַנץ טאָסקאַנאַ קישעט מיט שפּיאָנען!...

וואַנאַ. קום מיט קיין פּיזאַ.

פרינציוואַלי. מיט דיר?...

וואַנאַ. יאָ.

פרינציוואַלי. איך קען ניט...

וואַנאַ. בלויז אויף עטליכע טעג... אויף אַזאַ'ן אופן וועסט דו זיך אויסדרעהען פון די ערשטע פערפאָלגונגען...

פרינצינציוואַלי. וואָס וועט דיין מאַן טהאָן?...

וואַנאַ. ער ווייסט אַזוי גוט ווי דו, וואָס ער איז שולדיג אַ גאַסט...

פרינציוואַלי. וועט ער דיר גלויבען, ווען דו וועסט איהם זאָגען?...

וואַנאַ. יאָ. — ווען ער זאָל מיר ניט גלויבען... נאָר דאָס קען דאָך ניט זיין...— קום...

פרינציוואַלי. ניין.

וואַנאַ. פאַרוואָס ניט? — וואָס האָסט דו מורא?...

פרינציוואַלי. כ'האָב מורא, דיר זאָל וואָס ניט געשעהן...

וואַנאַ. מיר? פאַר מיר בלייבט די געפאַהר דיזעלבע, צי איך וועל זיין אַליין, צי דו וועסט זיין מיט מיר. — פאַר דיר, פאַר דיין זיכערהייט איז דאָ וואָס מורא צו האָבען. — דו האָסט גערעטעט פּיזאַ, איז ניט מעהר ווי רעכט, אַז זי זאָל דיך אַצונד רעטען... דו קומסט אונטער מיין שוץ, איך נעהם דיך אויף מיינע אחריות...

פרינציוואַלי. אַלזאָ גוט; איך געה מיט דיר...

איך טאָר זיך דאָ ניט פֿערזאַמען!... ס'הויבט אודאי באַלד אָן צו טאָגען, און עס ציהט מיך, איך מוז וויסען, וואָס דאָרט טהוט זיך... נאָר איך הער טריט... אימיצער דרעהט זיך אַרום געצעלט... מען שושקעט זיך דאָרט ביי דער טהיר... הער, הער... וואָס איז דאָס?...

## פערטע סצענע.

### די פֿריהערדיגע, ווערדיאָ.

(מען הערט אַ שושקעריי און האַסטיגע טריט אַרום געצעלט. דאַן קלינגט אָב ווערדיאָ'ס שטימע פֿון דרויסען.)

ווערדיאָ (פֿון דרויסען). מיין הערר!...

פרינציוואַלי. ס'איז מיין סעקרעטאַר... קום אַריין!... וואָס איז דאָרטען?...

ווערדיאָ (ביי דער טהיר פֿון געצעלט). קוים וואָס איך בין געקומען צו לויפֿען... שנעל, מיין הערר, אַנטלויפֿט!... ס'איז די העכסטע צייט... מעסער מאַלאַדוראַ, דער צווייטער קאָמיסאַר פֿון פֿלאָרענץ...

פרינציוואַלי. ער איז דאָך געווען אין ביביענאַ...

ווערדיאָ. ער איז דאָ צוריק... ער קומט מיט זעקס הונדערט מאַן... דאָס זיינען פֿלאָרענטינער... כ'האָב זיי געזעהן אָנקומען... ס'טהוט זיך חושך אין לאַגער... ער ברייננגט בעפֿעהלען... ער ערקלעהרט אייך פֿאַר אַ פֿעררעטהער... ער זוכט טריוואולציאָ'ן... כ'האָב מורא, ער זאָל איהם ניט געפֿינען, איידער איהר...

פרינציוואַלי. קום, וואַנאַ...

וואַנאַ. וואוהין זאָל איך געהן?...

פרינציוואַלי. ווערדיאָ וועט דיך מיט צוויי זיכערע לייט אָבפֿיהרען קיין פיזאַ...

די גראַטעס זיינען בעדעקט מיט בלומען און בלעטער; דער הימעל גלאַנצט, דאָרט ווייט אין דעם האָריצאָנט צוגעהט דער שנעע, און מיין ליעבע באָדט זיך אין דער ריינער מאָרגען־לופט...

וואַנאַ. איך האָב זיך אויך פערענדערט... איך האָב זיך אַליין געמוזט וואונדערן, ווי קומט צו מיר אַזאַ ריידען, ווי איך האָב פון אָנהויב אָן מיט דיר גערעדט... געוועהנליך בין איך אַ שווייגעדיגע... כ'האָב קיינמאָל ניט גערעדט אַזוי מיט קיין אַנדערן, אַחוץ מיט מאַרקאָ'ן, גידאָ'ס פאָטער... און אפילו מיט איהם איז עס אויך עפּעס אַנדערש... ער האָט טויזענד טרוימען, אין וועלכע ער איז כסדר פערזונקען, און מיר האָבען בלויז דריי, פיער מאָל גערעדט צווישען זיך... ביי די אַנדערע אין די אויגען ליגט שטענדיג אַ תאוה, וועלכע דערלאָזט ניט זיי זאָגען, אַז מען האָט זיי ליעב, און אַז מען וואָלט וועלען ויסען, וואָס עס טהוט זיך ביי זיי אין הארצען...— און אויך ביי דיר אין בליק ליגט אַ תאוה, אָבער דאָס איז גאָר אַן אַנדערע, זי שרעקט מיך ניט... איך האָב גלייך געפיהלט, אַז דו ביסט מיר בעקאַנט, און דאָך האָב איך זיך ניט געקענט . ערמאָנען, צי איך האָב דיך ווען עס איז געזעהן.

פרינציוואַלי. וואָלסט דו מיך געקענט ליעבען, אַז מיין שלעכטער מזל וואָלט מיך ניט אומגעקעהרט צו דיר, ווען ס'איז שוין געווען צו שפּעט?

וואַנאַ. דזשאַנעלאָ, ווען איך קען דיר זאָגען, אַז איך וואָלט דיך געליעבט, וואָלט עס דען ניט געהייסען, אַז איך האָב דיך ליעב? און דו ווייסט דאָך אַזוי גוט ווי איך, אַז דאָס קען ניט זיין... אָבער מיר ריידען דאָ, אָקוראַט ווי מיר וואָלטען געלעבט אויף אַ וויסטען אינזעל... וואָלט איך געווען אַליין אויף דער וועלט, וואָלט גאָר קיין פראַגע ניט געקענט זיין... נאָר מיר פערגעסען גאָר אין גאַנצען אָן די יסורים, וואָס אַ דריטער ליידט אין דער צייט וואָס מיר ביידע זיינען דאָ פערטיעפט אין די עראינערונגען פון דער פערגאַנגענהייט... ווי מורא'דיג האָט ער דאָס געליטען, ווען איך האָב פערלאָזען פיזאַ! ווי זיין שטימע האָט דאָס געציטערט, ווי בלייך זיין געזיכט איז דאָס אַביסעל געווען!... אָה,

האָב געוואָלט!... כ׳האָב זיך געפֿיהלט פֿערניכטעט, און איך האָב געוואָלט אַלצדינג פֿערניכטען... און איך האָב דיך געהאַסט אויס ליעבע... יאָ, איך וואָלט עס געטהאָן, ווען דו וואָלסט ניט געווען דו... נאָר יעדע אַנדערע אַחוץ דיר וואָלט מיר אויסגעקוקט מיאוס... דו אַליין האָסט שוין מעהר ניט געדאַרפֿט זיין דאָס, וואָס דו ביסט אַמאָל געווען... איך געה פֿון זינען אַראָב, ווען איך טראַכט דערפֿון... איין וואָרט, וואָס וואָלט געווען אַנדערש ווי דיינע ווערטער, איין בעוועגונג, וואָס וואָלט ניט געווען דיינע, — אַ גאָרנישט וואָלט געוועג געווען אויפֿצופֿלאַקערן דעם האַס און אַרויסרופֿען די ווילדע חיה אין מיר... נאָר ווי איך האָב דיך נור דערזעהן, האָב איך גלייך געפֿיהלט, אַז דאָס איז אונמעגליך...

וואַנאַ. איך האָב עס אויך געזעהן און האָב מעהר קיין מורא ניט געהאַט פֿאַר דיר, וואָרים מיר האָבען זיך פֿערשטאַנען, אָהן אַ וואָרט אויסצורײדען... ס׳איז מערקווירדיג, ווען איך דיינק דערפֿון... איך גלויב, איך וואָלט געטהאָן אַלץ וואָס דו האָסט געטהאָן, ווען איך וואָלט אַזוי געליעבט ווי דו... צייטענווייז קומט מיר פֿאָר, עפעס אַזוי ווי איך וואָלט געווען אויף דיין אָרט, אַזוי ווי דו וואָלסט זיך צוגעהערט צו מיר און איך וואָלט געזאָגט אַלע דיינע ווערטער...

פּרינציוואַלי. און איך אויך, וואַנאַ, איך האָב פֿון דער ערשטער רגע אָן געפֿיהלט, אַז די וואַנד, וועלכע טהיילט אָב איין מענשען פֿון צווייטען, איז געוואָרען דורכזיכטיג, און מיר האָט זיך אָבגעדוכט, אַזוי ווי איך וואָלט איינגעטונקט די הענד אין פֿריש וואַסער און זיי דערנאָך אַרויסגענומען, אָבגעבאָדען פֿון ליכט און דורכגעזאַפּט מיט טרייהייט און איבערגעבענהייט... אויך איז מיר פֿאָרגעקומען, עפעס אַזוי ווי די מענשען וואָלטען זיך פֿערוואַנדעלט און אַלץ, וואָס איך האָב ביז היינט וועגען זיי געדיינקט, איז געווען אַ טעות... נאָר פֿריהער פֿון אַלצדינג האָט זיך מיר אָבגעדוכט, אַז איך אַליין האָב זיך פֿערוואַנדעלט, אַז איך בין ענדליך אַנטלאָפֿען פֿון דער תפיסה, וואו איך האָב אַזוי לאַנג געשמאַכט. מיר איז פֿאָרגעקומען, אַזוי ווי די טויערן וואָלטען זיך געעפֿענט מיט אימפעט,

וואַנאַ. איך אויף דיין אָרט וואָלט אויך אַזוי געהאַנדעלט, פֿילייכט בעסער, פֿילייכט ערגער...

פרינציוואַלי. אָבער אַז דו האָסט איינגעוויליגט צו קומען צו מיר אין געצעלט, האָסט דו געוואוסט, ווער איך בין געווען?...

וואַנאַ. דאָס האָט קיינער ניט געוואוסט. מאָרנע קלאַנגען זיינען אַרומגעגאַנגען וועגען דעם קאָמאַנדיר פֿון דער פֿיינדליכער אַרמעע... ביי די איינע ביסט דו געווען אַן עקעלהאַפֿטער אַלטער מאַן, ביי די אַנדערע אַ יונגער פרינץ פֿון וואונדערבאַרער שעהנקייט...

פרינציוואַלי. אָבער גידאָ'ס פֿאָטער האָט דאָך מיך געזעהן; האָט ער דיר גאָרנישט געזאָגט?...

וואַנאַ. ניין.

פרינציוואַלי. דו האָסט איהם גאָרנישט געפֿרעגט?

וואַנאַ. ניין.

פרינציוואַלי. און דאַן, ווען דו ביסט אין מיטען נאַכט, אָהן שוץ אַרויסגעגאַנגען, כדי זיך איבערצוגעבען צו אַן אונבעקאַנטען באַרבאַר אין די הענד, איז דיין בלוט ניט פֿערגליווערט געוואָרען אין דיר? האָט דיין האַרץ ניט געציטערט פֿאַר שרעק?...

וואַנאַ. ניין; ס'האָט דאָך געמוזט זיין אַזוי...

פרינציוואַלי. און אַז דו האָסט מיך דערזעהן: ביסט דו ניט געוואָרען אַ פֿערציטערטע?...

וואַנאַ. דו האָסט שוין פֿערגעסען?... אין אָנהויב האָב איך דאָך גאָרנישט געזעהן, צוליעב דעם באַנד, וואָס האָט פֿערדעקט דיין געזיכט...

פרינציוואַלי. יאָ, אָבער דערנאָך, אַז איך האָב דעם באַנד אַוועקגערוקט?...

וואַנאַ. דאַן האָט זיך אַלעס געביטען, און איך האָב שוין געוואוסט... נאָר דו, אַז דו האָסט מיך געזעהן אַריינקומען אַהער אין געצעלט, וואָס איז דיין פלאַן געווען?... האָסט דו ווירקליך געוואָלט מיסברויכען אונזער שרעקליכע נויטה?...

פרינציוואַלי. האַ, כ'האָב דען געוואוסט, וואָס איך

פרינציוואַלי. קודם כל האָב איך ניט קיין פּאָטער־לאַנד... וואָלט איך געהאַט איינס, ווי גרויס מיין ליעבע וואָלט ניט געווען, פאַר דער דאָזיגער ליעבע, דיינק איך, וואָלט איך עס ניט פערראַטהען... אָבער איך בין ניט מעהר ווי אַ געדונגענער סאָלדאַט, געטריי, אַזוי לאַנג ווי מען איז מיר געטריי, און אַ פער־רעטהער, אַזוי גיך ווי מען פעררעטה מיך... די קאָמיסאַרען פון פלאָרענץ האָבען מיך אויף אַ פאַלשען אופן אָנגעקלאָגט און אָהן רעכט און אָהן אַ שום געריכט בין איך פעראורטהיילט געוואָרען דורך אַ קרעמער-שטאַאַט, וועמעס געוואוינהייטען איהר קענט אַזוי גוט ווי איך. איך האָב געוואוסט, אַז איך בין פערלאָרען. דאָס, וואָס איך האָב היינט אָבענד געטהאָן, וועט מיך אויף קיין פאַל ניט אונגליקליך מאַכען, ס'וועט מיך פיליכט רעטען, אויב אַ צופאַל קען מיך נאָך רעטען...

וואַנאַ. האָט איהר מיר, הייסט עס, ווינציג וואָס געאָפּ־פערט ?

פרינציוואַלי. גאָרנישט. דאָס האָב איך אייך געמוזט זאָגען... איך וואָלט ניט געוואָלט אַרויסקריגען ביי אייך קיין איין איינציגען שמייכעל דורך אַ ליגען...

וואַנאַ. נאַ, דזשאַנעלאָ, דאָס איז בעסער, איידער די ליעבע און איהרע שעהנסטע בעווייזע... דו דאַרפסט מעהר ניט זוכען די האַנד, וועלכע האָט דיך אויסגעמיעדען. אָט איז זי...

פרינציוואַלי. אָה, וואָלט די ליעבע זי בעסער ערא־בערט!... נאָר וואָס מאַכט עס אויס ?... זי איז מיינע, וואַנאַ, איך האַלט זי אין מיינער, איך שפּיגעל זיך אין איהר גלאַנץ, איך אָטהעם איין איהר לעבען, איך שכור זיך אָן אויף אַ רגע מיט אַ צו שעהנעם חלום; איך דריק זי אין איהר מילדער פרישקייט, איך עפען און מאַך זי צו, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט מיט מי־נערעדט אין דער געהיימער צויבער־שפּראַך פון דער ליעבע; איך בעדעק זי מיט קושען, און דאָך געהמסט דו זי ניט צו פון מיר... דו ביסט אַלזאָ ניט בייז אויף מיר פאַר דער דאָזיגער גרוויזאַמער פראָבע ?...

וועלכע האָט זיך אַזוי געשפּיעלט מיט אַ געטליכען געפיהל, און איהר געבען צו פיהלען, וואָס עס זיינען די רעכטע און די פליכטען פון דער אמת'ער ליעבע... אַזעלכע פראָבען פאָדער איך ניט פון אייך; אַלעס וואָס איך וויל איז, אייך קענען גלויבען... נאָר צו אייער און צו מיין גליק וואָלט איך נאָך געוואָלט צווייפלען... אין אַ ליעבע, וועלכע איז אַזוי שטאַנדהאַפט ווי אייערע, ליגט עטוואָס הייליגעס, וואָס קען פערפיהרען זאָגאַר די קאַלטסטע און טוגענדהאַפסטע פרוי... דערום פרעג איך אייך, וואָס איהר האָט געטהאָן, און איך וואָלט כמעט גליקליך געוועזען, ווען איך געפין קיין סימן ניט פון אָט דער טויטליכער און דאָס רוב אַזוי אונגליקליכער ליידענשאַפט... און איך וואָלט כמעט איבערצייגט געוועזען, אַז דאָ איז גאָרנישט דאָ, ווען ניט די לעצטע טהאַט אייערע, דורך וועלכער איהר האָט פערניכטעט אייער פערגאַנגענהייט, אייער צוקונפט, אייער גרויסען נאָמען, אייער לעבען, מיט איין וואָרט, אַלעס וואָס איהר פערמאָגט, בלויז כדי מיך צו האָבען פאַר אַ שעה צייט דאָ ביי אייך אין געצעלט, — ווען אָט די טהאַט וואָלט מיך ניט געצוואונגען צו גלויבען, אַז איהר נאַרט זיך פיליייכט דאָך ניט אָב אין אייער ליעבע...

פרינציוואַלי. אָט די לעצטע טהאַט איז די איינציגע, וועלכע בעווייזט גאָרנישט...

וואַנאַ. ווי אַזוי?...

פרינציוואַלי. איך וויל אייך ליעבערשט זאָגען דעם ריינעם אמת... דערמיט וואָס איך האָב אייך געלאָזט קומען אַהער, כדי צו רעטען פיזאַ דורך אייך, האָב איך גאָרנישט געאָפּפערט...

וואַנאַ. איך פערשטעה אייך ניט... וואָס זשע, איהר האָט ניט פערראַטהען אייער פאָטערלאַנד? ניט פערלאָרען אייער פערגאַנגענהייט? ניט פערניכטעט אייער צוקונפט? האָט איהר זיך דען אַליין ניט פעראורטהיילט צו פערשיקונג, פיליייכט גאָר צום טויט?...

גלויבט מיר, און איהר מוזט מיר גלויבען, וואָרים גערן גלויבט מען די, וואָס האָפען אויף גאָרנישט און פערלאַנגען גאָרנישט... איהר זייט דאָ ביי מיר אין געצעלט און אין גאַנצען ביי מיר אין די הענד... איך דאַרף נור זאָגען איין וואָרט, איך דאַרף בלויז אויסשטרעקען די אָרעמס, און איך האָב אַלעס, וואָס אַ געוועהנ־ליכע, געמיינע ליעבע קען האָבען... אָבער איך מיין, איהר ווייסט אַזוי גוט ווי איך, אַז די ליעבע, פון וועלכער איך רייד, שטרעבט נאָך עפּעס אַנדערעס, און דערום פאָדער איך, אַז איהר זאָלט מעהר ניט צווייפלען אין דעם... אייער האַנד האָב איך אָנגענו־מען, ווייל איך האָב געמיינט, איהר וועט מיר גלויבען; איך וועל זי מעהר ניט אָנריהרען ניט מיט די פינגער און ניט מיט די ליפּען, אָבער דערפאַר, וואַנאַ, אַז מיר וועלען זיך צושיידען, כדי זיך ווי־דער קיינמאָל ניט צו זעהן, נעהמט וויניגסטענס מיט די איבער־צייגונג, אַז עס איז געווען בלויז אָט די ליעבע, מיט וועלכער איך האָב אייך אַזוי הייס געליעבט, און אַז נור דאָס אונמעגליכע האָט מיך אָבגעהאַלטען פון איהר!...

וואַנאַ. גראָד דערפאַר וואָס ביי אייך איז נאָך געוועזן עפּעס אונמעגליכעס, האָף איך נאָך, אַז איך קען צווייפלען... מיינט ניט, אַז מיך וואָלט געפרעהט, ווען אייער ליעבע וואָלט בייגעקומען די גרויסע, שרעקליכע הינדערניסען, וואָס זי האָט בעגעגענט אויף איהר וועג, אָדער אַז איך וואָלט געוואָלט האָבען איבער־מענשליכע בעווייזע פון אייך... אין פּיזאַ דערצעהלט מען וועגען אַ פרוי, וועלכע האָט אַריינגעוואָרפען איהר האַנדשוה אין דער לייבען־גרוב אויף'ן קאַמפּאַנילע און געבעטען איהר געליעבטען, ער זאָל איהם אַרויסברייגנגען. דער ליעבהאָבער האָט ניט געהאַט קיין אַנדער געוועהר, אַחוץ אַ לעדערנע בייטש. דאָך איז ער אַרונטערגעגאַנגען, האָט פערטריבען די לייבען, גענומען דעם האַנדשוה און אויף די קניע איהם איבערגעגעבען דער דאַמע. דערנאָך, ניט אויסריידענדיג קיין איין וואָרט, האָט ער זי פער־לאָזען אויף אייביג... איך מיין, ער איז געווען צו מילד; ער האָט שוין אין איין וועגס געקענט די בייטש זיינע בענוצען אויף דער

די נאַרישע חלומות, וועלכע זיינען אַפּנים ניט צוגעפּאַסט צו אונזער מענשען־לעבען... און איהר, האָף איך, וועט אויך צוגעב־בען, אַז מען קען זיין גליקליך, ניט וואַרטענדיג דאָס לעבען לאַנג אויף אַ גליק, וואָס קיינער האָט נאָך קיינמאָל ניט דערגרייכט... מיין ליעבע צו גידאָ'ן איז טאַקע ניט אַזוי זאָנדערבאַר ווי די, וועלכע איהר מיינט, אַז איהר פּיהלט, נאָר דערפּאַר איז זי גלייכ־מעסיגער, געטרייער און שטאַנדהאַפּטיגער... ס'איז די ליעבע, וואָס דאָס שיקזאַל האָט פאַר מיר בעשטימט; איך בין ניט געווען בלינד, ווען איך האָב זי אָנגענומען; איך וועל קיין אַנדערע ניט האָבען; און ווען אימיצער וועט זי צובּרעכען, איך וועל עס יעדענפאַלס ניט זיין... איהר זעהט אַלזאָ, אַז איהר האָט מיך ניט פערשטאַנען... ווען איך האָב געפּרואווט אייך ערקלעהרען אייער טעות, האָב איך ניט גערעדט ניט פאַר אייך און ניט פאַר אונז, נאָר אין נאָמען פון אַ ליעבע, וואָס דאָס האַרץ דערפּיהלט אין די סאַמע פריהעסטע יאָהרען; אַ ליעבע, וואָס עקזיסטירט אפשר, וועלכע איז אָבער ניט מיינע און ניט אייערע, וואָרים איהר האָט ניט געטהאָן, וואָס אַזאַ ליעבע וואָלט געטהאָן...

פּרינציוואַלי. איהר פעראורטהיילט מיך צו שנעל, וואַנאַ, און איהר ווייסט ניט, וואָס איך האָב געליטען און וואָס האָט געמוזט געשעהן, כדי זיך צו דערשלאָגען צו דעם גליקליכען מאָמענט, וואָס וואָלט אַריינגעבראַכט אַלע אַנדערע ליעבענדע אין אַ פערצווייפלונג... אָבער אפילו ווען איך וואָלט גאָרנישט גע־טהאָן, גאָרנישט געפּרואווט טהאָן, וויים איך דאָך, אַז זי איז דאָ, און איך בין איהר אָפּפער, איך, וואָס איך טראָג זי ביי מיר אין בוזים, ביי וועמען זי רויבט אַוועק דאָס לעבען און אַלעס, וואָס ברייננט דעם מענשען כבוד און פרייד... זינט זי האָט מיך גענו־מען אַ געפאַנגענעם אין איהרע הענד, האָב איך קיין איין טריט ניט געטהאָן, קיין איין וואונק ניט גענעבען, וואָס האָט ניט געהאַט דעם צוועק מיך צו דערנעהנטערן צו איהר, און זאָל עס זיין בלויז אויף איין רגע, כדי צו שטעלען דעם שיקזאַל מיינעם אַ פראַגע און איך זאָל דערפון קיין שאָדען ניט אַרויסקומען... אַך וואַנאַ,

כדי ווידער צו קומען, איז נייטיג געווען אסך מעהר מוטה ווי איהר מיינט... נאָר ס'איז געווען צו שפעט...

וואַנאַ. ווען איהר האָט פערלאָזען ווענעציאַ, איז נאָך ניט געווען צו שפעט. ס'איז קיינמאָל ניט צו שפעט פאַר אַ ליעבע, וועלכע פילט אויס אַ גאַנץ לעבען... זי טרעט ניט אָב. אַז זי האָט שוין מעהר גאָרנישט צו ערוואַרטען, האָפט זיך נאָך אַלץ... און אַז זי הערט אפילו אויף צו האָפען, קעמפפט זי דאָך... ווען איך וואָלט געליעבט ווי איהר, וואָלט איך... אָה, מען קען קיינמאָל ניט זאָגען, וואָס מען וואָלט געקענט... נאָר דאָס ווייס איך, אָהן קאַמפף וואָלט מיר דער צופאַל ניט אַוועקגערויבט די האָפנונג מיינע!... טאָג און נאַכט וואָלט איך איהר נאָכגעגאַנגען... איך וואָלט גערעדט צום שיקזאַל און איהם געזאָגט: מאַך פלאַץ, איך קום... די שטיינער אפילו וואָלט איך געצוואונגען, זיך איינצושטעלען פאַר מיר, און דער, וועמען איך וואָלט ליעב געהאַט, וואָלט מיך געמוזט הערען; ער אַליין וואָלט געמוזט ריידען — און מעהר ווי איינמאָל ריידען!...

פרינציוואַלי (וויל איהר אָננעהמען ביי דער האַנד). וואָס זשע, דו ליעבסט איהם ניט, וואַנאַ?...

וואַנאַ. וועמען?

פרינציוואַלי. דיין מאַן...

וואַנאַ (ציהט צוריק איהר האַנד). לאָזט אָב מיין האַנד. איך גיב זי אייך ניט. איך זעה, מיינע ווערטער מוזען זיין קלאָרער. אַז גידאָ האָט מיך גענומען, בין איך געווען אַליין און אָרעם. אַן אָרעם מיידעל, וואָס האָט קיינעם ניט ווער עס זאָל זיך פאַר איהר אָננעהמען, און דער עיקר, ווען זי איז נאָך שעהן אויך און פערשטעהט ניט, ווי זיך צו פערשטעלען, — אַזאַ מיידעל ליגט געוועהנליך ביי מענשען אין די מיילער און עס שיטען זיך אויף איהר פערלוימדונגען אָהן אַ שיעור... גידאָ האָט זיך ניט צוגעהערט צו זיי; ער האָט געהאַט צוטרוי צו מיר, און אָט דער גלויבען האָט מיר גוט געטהאָן. ער האָט מיך גליקליך געמאַכט, אַזוי ווייט ווי מען קען ווערען גליקליך, ווען מען זאָגט זיך אָב פון

ווען איהר זייט צוריקגעקומען קיין ווענעציאַ, און איהר האָט אויסגעפֿונען מיין שפּור, וואָס איז דאַן געשעהן?... איהר האָט גאָר ניט געמאַכט קיין פֿערזוך זיך צו זעהן מיט דער, וועמען איהר האָט אַזוי געליעבט?...

פּרינציוואַלי. אין ווענעציאַ האָב איך זיך דערוואוסט, אַז אייער מוטער איז פֿעראָרעמט געוואָרען און געשטאָרבען, און אַז איהר האָט בדעה חתונה צו האָבען מיט אַ גרויסען שררה פֿון טאָסקאַנאַ, מיט דעם רייכסטען און מעכטיגסטען מאַן אין פּיזאַ, וועלכער וועט אייך מאַכען פֿאַר אַ קעניגין... איך בין געוועזן אַן אָרעמער וואַנדערער, אָהן אַ היים און אָהן אַ פֿאָטערלאַנד—וואָס האָב איך אייך געקענט אָנבאָטען?... ס'האָט אויסגעזעהן, אַזוי ווי דאָס שיקזאַל גופא וואָלט פֿון מיין ליעבע פֿערלאַנגט אָט דעם קרבן... אָפּט האָב איך אַרומגעבלאָנדזשעט אַרום דער דאָזיגער שטאָדט, כ'האָב זיך אָנגעהאַנגען אָהן איהרע מויערן, זיך פֿעסט אָנגעהאַלטען אָן די קייטען פֿון איהרע טויערן, כדי ניט בעזויגט צו ווערן פֿון דער בייִנקעניש נאָך אייער אָנבליק, כדי ניט צו שטערען אייער גליק און אייער ליעבע... — כ'האָב פֿערדונגען מיין שווערד, צוויי אָדער דריי מלחמות האָב איך געפֿיהרט, מיין נאָמען איז געוואָרען בעריהמט צווישען די געדונגענע זעלנער... כ'האָב געוואַרט אויף אַנדערע, בעסערע טעג, כאָטש איך האָב ניט געהאַט אויף וואָס צו האָפֿען, ביז פֿלאָרענץ האָט מיך ענדליך אַרויסגעשיקט געגען פּיזאַ...

וואַנאַ. ווי שוואַך און ווי פֿייג די מענער זיינען דאָס, ווען זיי ליעבען!... האָט אַקאָרשט קיין טעות ניט, איך ליעב אייך ניט, און איך קען ניט זאָגען, צי איך וואָלט אייך ווען ליעב געהאַט... אָבער דאָ קאָכט די ליעבע אַליין אויף ביי מיר אין האַרצען, ווען איך זעה, ווי אַ מאַן, וועלכער ליעבט מיך כלומר'שט אַזוי שטאַרק און אַזוי היים, ווי איך וואָלט איהם געקענט ליעבען, האָט פֿונדעסטוועגען געהאַט אַזוי וויניג מוטה פֿאַר זיין ליעבע!...

פּרינציוואַלי. קיין מוטה האָט מיר ניט געפֿעהלט...

זיי ווידער דערזעהן, אָט דעם שטערן, אָט די אויגען און אָט די האָר; איך האָב ווידער געפֿונען די זעלעע פֿון דעם דאָזיגען פֿערגעטערטען געזיכט, נאָר זיין שעהנקייט האָט פֿערשעהמט יענע, וועלכע איז זיך שטיל געוואַקסען ביי מיר אין האַרצען, טאָג פֿאַר טאָג און מאָנאַט פֿאַר מאָנאַט און יאָהר נאָך יאָהר; יענע שעהנ־קייט, וועלכע האָט איהר ליכט גענומען פֿון דער עראינערונג, וואָס איז געגאַנגען צו לאַנגזאַם און איז געבליבען אַזוי הינטער־שטעליג אַנטקעגען דער ווירקליכקייט...

וואַנאַ. יאָ, איהר האָט מיך געליעבט, ווי מען ליעבט אין יענעם עלטער, אָבער צייט און אָבוועזענהייט פֿערשעהנערן די ליעבע...

פּרינציוואַלי. די מענשען זאָגען אָפֿט, אַז זיי האָבען אָדער האָבען געהאַט אין לעבען בלויז איין ליעבע, און דאָס איז זעלטען וואַהר... זיי פֿערפוצען זייער פֿערלאַנג אָדער זייער גלייכ־גילטיגקייט מיט דעם וואונדערבאַרען אונגליק פֿון יענע, וועלכע זיינען געשאַפֿען געוואָרען פֿאַר איין איינציגער ליעבע; און ווען איינער פֿון אָט די אונגליקליכע זאָגט אַרויס די טיעפֿע און שמערצליכע וואַהרהייט, וואָס צושטערט זיין לעבענס־גליק, ווען ער זאָגט זי אַרויס מיט ריזעלבע ווערטער, וועלכע זיינען אויף די ליפען פֿון די אַנדערע געוועזען בלויז אַ קלינגענדער ליגען, — דאַן האָבען אָט די ווערטער אין גאַנצען פֿערלאָרען זייער קראַפֿט דורך די גליקליך־ליעבענדע, וועלכע האַלטען זיי כסדר אין מויל, און ווער עס הערט זיי, ערנידעריגט אונבערעכענטערהייט אָט די אָרעמע, הייליגע און אָפֿט אַזוי שמערצליכע ווערטער צו דעם וואָכעדיגען ווערטה און דעם נאַרישען זינן, וואָס זיי האָבען ביי די מענשען אין מויל...

וואַנאַ. דאָס וויל איך ניט טהאָן. איך פֿערשטעה די דאָ־זיגע ליעבע, וועלכע מיר ערוואַרטען אַלע, בעת מיר טרעטען אַריין אין לעבען; אָבער דאָס געהט דאָך אַריבער, וואָרים די יאָהרען, — כאָטש מיינע זיינען ניט גרויס אין צאָהל — זיי מעקען אָב אַסך זאכען ביי אונז אין מוח... נאָר זאָגט מיר, איך בעט אייך,

געפאַנגענער אין די הענד פון די טערקען, אַראַבער און שפּאַניער, וואָס ווייס איך... אַז איך בין צוריקגעקומען קיין ווענעציאַ, איז אייער מוטער שוין געווען טויט, דער גאָרטען איז געווען צו־שטערט... כ'האָב פערלאָרען אייער שפור, נאָר איך האָב זי באַלד צוריק געפונען, וואָרים אייער שעהנקייט האָט איבעראַל איבער־געלאָזט אַ שפור, וועלכע האָט זיך ניט געקענט פערגעסען...

וואַנאַ. האָט איהר מיך גלייך דערקענט, ווען איך בין אַריינגעקומען אַהער?...

פרינציוואַלי. און ווען צעהן טויזענד וואָלטען אַריינ־געקומען צו מיר אין געצעלט, אַלע גלייך געקליידעט, איינע פונקט אַזוי שעהן ווי די אַנדערע, ווי צעהן טויזענד שוועסטער, וועלכע די מוטער אפילו קען ניט אונטערשיידען — וואָלט איך אויפגע־שטאַנען, כ'וואָלט אייך אָנגענומען פאַר דער האַנד, כ'וואָלט געזאָגט: אָט די איז דאָס... ס'איז זעלטען, — ניט אמת? — אַז אַ געליעבט בילד זאָל קענען אַזוי לעבען ביי איינעם אין האַרצען... וואָרים אייער בילד האָט אויף אַזאַ'ן אופן געלעבט ביי מיר אין האַרצען, אַז עס האָט זיך טאָג־טעגליך פערענדערט, פונקט ווי אין דער ווירקליכקייט. דאָס היינטיגע האָט פערנומען דעם פלאַץ פון'ם נעכטיגען... ס'איז געוואַקסען און געוואָרען אַלץ שעהנער און שעהנער; די יאָהרען האָבען עס פערציערט מיט אַלעם דעם, וואָס זיי שיינקען דער בליהענדער יונגפרוי... נאָר אַז איך האָב אייך אַצונד דערזעהן, האָט זיך מיר תחילת אָבגערוכט, עפעס אַזוי ווי מיינע אויגען וואָלטען מיך גענאַרט... מיינע עראינערונגען זיינען געווען אַזוי שעהן און אַזוי טריי... נאָר זיי זיינען געווען צו לאַנגזאַם און צו איינגעהאַלטען... זיי האָבען ניט געוואַגט אייך צו געבען דעם גאַנצען גלאַנץ, וועלכער האָט מיר מיט אַמאָל פערבלענדט די אויגען... איך בין זיך פאָרגעקומען ווי איינער, וועלכער דיינקט וועגען אַ בלום, וואָס ער האָט געזעהן איין איינציג מאָל, בשעת ער איז דורכגעגאַנגען פאַרנאַכט אין האַלב־דונקעל דורך אַ גאָרטען, און פלוצלינג דערזעהט ער הונדערט טויזענד אַזעלכע בלומען אויף אַ פעלד פול מיט זונען־שיין... איך האָב

וואַנאַ. ס'איז געווען אַ בלאָנד אינגעל, דזשאַנעלאָ האָט ער געהייסען...— דאָס ביסט דו דאָס דזשאַנעלאָ?...

פרינציוואַלי. יאָ...

וואַנאַ. איך וואָלט אייך ניט דערקענט, דערצו איז אייער געזיכט דאָך פערדעקט מיט אָט דעם לייווענטענעם באַנד... איך זעה בלויז אייערע אויגען...

פרינציוואַלי (אַוועקרוקענדיג דעם באַנד אַביסעל אָן אַ זייט). דערקענט איהר מיך, ווען איך רוק עס אָב?

וואַנאַ. יאָ... פיליכט... מיר דוכט, אַז יאָ... וואָרים איהר האָט נאָך דעם קינדער־שמייכעל אויף'ן פנים... אָבער אויך פון אייך רינט בלוט, איהר זייט פערוואונדעט...

פרינציוואַלי. אָה, מיר מאַכט עס גאָרנישט אויס... נאָר ביי אייך איז דאָס אַן אונרעכט...

וואַנאַ. אָבער דאָס בלוט דרינגט דורך איבעראַל... לאָמיך אייך פעסטער איינציהען דעם באַנד... ער האָט זיך אָבגעלאָזט... (זי מאַכט איהם צורעכט דעם באַנד.) איך בין אין דעם דאָזיגען קריעג אָפט אַרומגעגאַנגען אַרום די פערוואונדעטע... יאָ, יאָ, איצט דערמאָן איך זיך... דער גאָרטען שטעהט מיר ווידער פאַר די אויגען מיט זיינע מילגרוים־בוימער, מיט זיינע לאָרבערן און רויזען... מיר האָבען זיך מעהר ווי איין נאָכמיטאָג געשפּיעלט דאָרטען, ווען די זונן האָט געבאַקען אויף'ן זאַמד...

פרינציוואַלי. צוועלף מאָל, כ'האָב זיי געצעהלט... איך וואָלט נאָך איצט געקענט אָנרופען אַלע אונזערע שפּיעלען און איבערזאָגען אַלע אייערע ווערטער...

וואַנאַ. דאַן, איין טאָג, געדיינק איך, האָב איך געוואַרט אויף אייך, וואָרים איך האָב אייך ליעב געהאַט; איהר זייט געווען ערנסט און מילד ווי אַ קליין מיידעלע און איהר פלעגט מיך אָנקוקען ווי אַ יונגע קעניגין... אָבער איהר זייט ניט געקומען...

פרינציוואַלי. מיין פאָטער האָט מיך מיטגענומען מיט זיך... ער איז אַוועק קיין אַפריקאַ... מיר האָבען זיך פערלאָרען דאָרט אין דער וויסטע... דאַן בין איך אַריינגעפאַלען אַלס

שטאַרק... ניין, איך בין אייך גאָרנישט... איך בין נור אַן אָרעמער מענש, וואָס בעטראַכט אַ רגע זיין לעבענס־ציעל... איך בין אַן אונגליקליכער, וואָס פֿערלאַנגט גאָרנישט, וועלכער ווייסט אפילו ניט, וואָס ער זאָל פֿערלאַנגען, און וועלכער וואָלט אייך נור געוואָלט זאָגען, כדי איהר זאָלט עס וויסען, איידער איהר געהט אַוועק פֿון איהם, וואָס איהר זייט פֿאַר איהם געוועזן און וואָס איהר וועט פֿאַר איהם זיין ביז'ן סוף פֿון זיין לעבען...

וואַנאַ. איהר קענט מיך אַלזאָ?... ווער זשע זייט איהר פֿאָרט?...

פּרינציוואַלי. וואָס זשע, איהר האָט איהם טאַקע קיינמאָל ניט געזעהן, דעם, וואָס קוקט אייך איצט אָן, ווי מען וואָלט אין אַ צויבער־וועלט אָנגעקוקט דעם קוואַל פֿון פֿרייד און פֿון לעבען?... ווי איך האָב קיינמאָל ניט געהאָפּט אייך אָנצוקוקען?...

וואַנאַ. ניין... איך קען זיך ניט דערמאָנען...

פּרינציוואַלי. נו יאָ, איהר האָט אַלעס פֿערגעסען, אַך, און איך בין זיכער געוועזן, אַז איהר האָט פֿערגעסען אַלצדינג... איהר זייט אַלט געוועזן אַכט יאָהר, און איך צוועלף, ווען איך האָב אייך צום ערשטען מאָל געזעהן...

וואַנאַ. וואו איז דאָס געוועזן?...

פּרינציוואַלי. אין ווענעציאַ, אַ זונטאָג אין יוני. — מיין פֿאָטער, דער אַלטער גאָלדשמיעד, האָט געבראַכט אייער מוטער אַ האַלז־באַנד פֿון פּערל. — זי האָט בעוואונדערט די פּערל... איך בין ארומגעלאָפֿען איבער'ן גאָרטען... מיט אַמאָל, אונטער אַ הויפֿען פֿון מירטען־בוימעלאַך, ביי אַ וואַסער־בעקען, האָב איך אייך געפֿונען... אַ דינער גאָלדענער רינג איז אייך אַריינגעפֿאַלען אין וואַסער... איהר זייט געזעסען ביים ברעג און האָט געוויינט. איך בין אַריינגעשפּרונגען אין בעקען... איך בין שיער, שיער ניט דערטרונקען געוואָרען, נאָר איך האָב געפֿונען דעם רינג און האָב איהם אייך אָנגעטהאָן אויף'ן פֿינגער... דאָ האָט איהר מיר אַ קוש געטהאָן און זייט געוועזן אַזוי גליקליך...

אויך איך, איך פֿלעג אייך אַזוי רופֿען... איצט האָב איך ניט די קראַפֿט אַרויסצורײדען אָט דעם נאָמען... ער איז אַזוי לאַנג געבליבען פֿערשלאָסען ביי מיר אין האַרצען, אַז ער קען מעהר ניט אַרויסגעהן, ניט צובּרעכענדיג דערביי די תפיסה, וואו ער איז געלעגען איינגעשפּאַרט... ער איז מיין האַרץ אַליין, ס'איז אַלעס, וואָס איך פֿערמאָג... יעדע איינע פֿון זיינע זילבען ענטהאַלט אין זיך מיין גאַנץ לעבען, און אַז איך רייד זיי אַרויס, פֿיהל איך, ווי מיין לעבען שטראָמט אַרויס פֿון מיר... איך בין געוועזען אַזוי צוגע־וואוינט צו איהם, כ'האָב געמיינט, איך קען איהם, כ'האָב קיין מורא ניט געהאַט פֿאַר איהם, און יאָהרען־לאַנג, יעדען טאָג און יעדע שטונדע, האָב איך איהם ווידערהאָלט, ווי אַ גרויס וואָרט פֿון ליעבע, צו וועלכען מען מוז האָבען האַרץ, כדי עס ענדליך אַמאָל אַרויסצורײדען פֿאַר דער איינער, וועמען מען רופֿט און מען זוכט אומזיסט... כ'האָב געמיינט מיינע ליפּען האָבען אָנגענומען זיין געשטאַלט, און אין דער לאַנג ערוואַרטעטער רגע וועלען זיי איהם אַרויסריידען אַזוי זאַנפֿט און עהרפֿירכטיג, אַזוי עניוות'דיג און אַזוי טיעף איבערגעבען, אַז די, וואָס וועט איהם הערען, וועט מוזען בעגרייפֿען, וויפֿיעל יסורים און ליעבע עס ליגט אין איהם... נאָר זעה, אָט האָב איך איהם אַרויסגערעדט, און ער מאַכט קיין שום רושם ניט... ס'איז גאָר ניט דערזעלבער נאָמען. איך דערקען איהם שוין גאָר ניט, ווען ער קומט אַרויס פֿון מיינע ליפּען, אַזוי פֿערשטיקט איז ער פֿון שלוכצען, און אַזוי פֿערקלעמט פֿון מורא... איך האָב אין איהם צופֿיעל אַריינגעלייגט, און די גאַנצע ליידענ־שאַפֿט, די גאַנצע ליעבע, וועלכע איך האָב אין איהם איינגעשלאָסען, צובּרעכט אַצונד מיין קראַפֿט און טויטעט מיין שטימע...

וואַנאַ. ווער זייט איהר?...

פּרינציוואַלי. וואָס זשע, איהר קענט מיך ניט?... איהר דערקענט מיך שוין ניט?... אָה, ווי די צייט ווישט עס אָב די גרעסטע וואונדער אפילו!... נאָר יענע וואונדער האָב איך אַליין געזעהן... פֿילייכט איז בעסער, וואָס זיי זיינען פֿערגעסען... איך האָב מעהר קיין האָפֿנונג ניט, כ'וועל שוין מעהר ניט בייַנקען אַזוי

שוועל פֿון געצעלט און קוקען, ווי דער ריעזיגער צוג פֿאָהרט אָב ביים שיין פֿון די פֿאַקעלען אין דער אויסגעשטערנטער נאַכט.) פֿון דער נאַכט אָן וועט פּיזאַ מעהר ניט הונגערן. אונבעזויגליך וועט זי זיין; און מאָרגען וועט זי זיין אויסער זיך פֿאַר פֿרייד און שטאָלץ מיט אַ זיעג, וואָס קיינער האָט שוין ניט געהאַלטען פֿאַר מעגליך. דאָס אַלעס האָט זי אייך צו פֿערדאַנקען... איז דאָס גענוג פֿאַר אייך?...

וואַנאַ. יאָ.

פּרינציוואַלי. גיט מיר די האַנד, און לאָמיר צומאַכען דעם געצעלט. — דער אָבענד איז נאָך וואַרימלאַך, אָבער די נאַכט וועט זיין קאַלט. — איהר זייט געקומען אָהן געוועהר, אָהן פֿער־באָרגענעם גיפֿט?...

וואַנאַ. איך האָב בלויז מיינע שיך און דעם מאַנטעל אויף זיך. טהוט מיך אויס נאַקעט, אויב איהר האָט מורא...

פּרינציוואַלי. ניט פֿאַר מיר האָב איך מורא, נאָר פֿאַר אייך...

וואַנאַ. ביי מיר שטעהט איצט קיין זאַך ניט העכער ווי דאָס לעבען פֿון מיין פֿאָלק.

פּרינציוואַלי. גוט, איהר זייט גערעכט...— קומט, זעצט זיך אַנידער דאָ...— ס'איז דאָס געלעגער פֿון אַ קריעגער: האַרט און גראָב, איינג ווי אַ קבר און גאָר ניט פּאַסיג פֿאַר אייך. — לייגט זיך דאָ אויף אָט די שאָפֿען־ און אָקסען־פֿעלען, וועלכע ווייסען נאָך ניט, ווי צאַרט און ווי ליעבליך פֿרויען־לייבער זיינען... שפּאַרט אָן אייער קאָפּ אויף דעם דאָזיגען וואָליגען פֿוטער... ס'איז אַ לוקסען־פֿעל, וואָס אַן אַפֿריקאַנישער קעניג האָט מיר געגעבען אין דער נאַכט נאָך אַ זיעג... (וואַנאַ זעצט זיך אַנידער, איינג איינגעהילט אין איהר מאַנטעל.) — דאָס ליכט בלענדט אייך אין די אויגען... זאָל איך עס צונעהמען פֿון דאַנען?...

וואַנאַ. ווי איהר ווילט...

פּרינציוואַלי (לאָזט זיך אַראָב אויף די קניע לעבען געלעגער און נעהמט אָן וואַנאַ'ס האַנד). דזשיאָוואַנאַ!... (וואַנאַ כאַפּט זיך אויף איבערראַשט און קוקט איהם אָן.) אָה, וואַנאַ! מיין וואַנאַ!... וואָרים

פרינציוואַלי. האָט איהר נים קיין אַנדער גרונד?...

וואַנאַ. וואָס פֿאַר אַן אַנדער גרונד קען דאָ זיין?...

פרינציוואַלי. איך קען בעגרייפֿען, אַז אַ טוגענדהאַפֿטע פֿרוי...

וואַנאַ. יאָ.

פרינציוואַלי. וועלכע האָט ליעב איהר מאַן...

וואַנאַ. יאָ.

פרינציוואַלי. אמת ליעב?

וואַנאַ. יאָ.

פרינציוואַלי. איהר האָט מעהר נים ווי אָט דעם מאַנטעל אויף זיך?...

וואַנאַ. בלויז דעם מאַנטעל. (זי מאַכט אַ בעוועגונג, אַראָבצואוואַרפֿען דעם מאַנטעל פֿון זיך.)

פרינציוואַלי (גיט איהר אַ וואונק איינצוהאַלטען). איהר האָט געזעהן לעבען דעם געצעלט די רייהען פֿון וואַגאָנען און די סטאַרעם?...

וואַנאַ. יאָ.

פרינציוואַלי. דאָרט שטעהען צוויי הונדערט וואַגאָנען פֿול מיט די בעסטע תבואה פֿון טאָסקאַנאַ, צוויי הונדערט אַנדערע מיט לעבענס-מיטלען, פֿרוכטען און וויין פֿון סיענאַ, דרייסיג וועגען פולווער פֿון דייטשלאַנד און צוועלף קלענערע, אָנגעלאָדען מיט בליי. לעבען זיי שטעהען זעקס הונדערט רינדער און צוועלף הונדערט שאָף. זיי וואַרטען אויף אייער בעפֿעהל, כדי אָבצוגעהן קיין פיזאַ. ווילט איהר זעהן, ווי זיי פֿאָהרען אָב?...

וואַנאַ. יאָ.

פרינציוואַלי. קומט צו דער טהיר פֿון געצעלט. (ער הויבט אויף דעם פֿאָרהאַנג פֿון דער געצעלט-טהיר, גיט אַ בעפֿעהל און ווינקט מיט דער האַנד. עס הויבט זיך אויף אַ שטאַרקער גערויש. פֿאַקלען ווערן אָנגעצונדען און אַרומגעוואָרפֿען אַהין און אַהער, בייטשען קנאַקען. די וועגען פֿאָהרען אָב, די שאָף מעקען, די אָקסען רעווען און קלאַפּען מיט די פֿיס אָן דער ערד. וואַנאַ און פרינציוואַלי שטעהען אַ ווײַלע אויף דער

פרינציוואַלי (געהט צו נעהענטער). איך זעה בלוט בײ אײך אויף דער האַנד. וואָס זשע, איהר זײט פֿערוואונדעט? —

וואַנאַ. אַ קויל איז אַריבערגעלאָפֿען איבער מײן שולטער...

פרינציוואַלי. ווען און וואו?... דאָס איז שרעקליך...

וואַנאַ. ווען איך בין צוגעקומען נאָהענט צום לאַגער.

פרינציוואַלי. אָבער ווער האָט עס געשאָסען?...

וואַנאַ. כ'ווײס ניט. אַ מאַן; ער איז אַנטלאָפֿען געוואָרען.

פרינציוואַלי. װײזט מיר די וואונד.

וואַנאַ (עפֿענענדיג איהר מאַנטעל פֿון אויבען). דאָ...

פרינציוואַלי. איבער דער לינקער ברוסט... זי איז ניט טיעף... בלויז די הויט איז אַביסעל צוריסען... ס'טהוט אײך וועה?...

וואַנאַ. נײן.

פרינציוואַלי. זאָל איך הײסען אײך פֿערבינדען די וואונד?

וואַנאַ. נײן. (שטיל-שווײגען.)

פרינציוואַלי. איהר זײט ענטשלאָסען?...

וואַנאַ. יאָ.

פרינציוואַלי. זאָל איך אײך נאָך אַמאָל איבערזאָגען די בעדינגונגען?...

וואַנאַ. ניט נײטיג, זײ זײנען מיר בעקאַנט.

פרינציוואַלי. וואָס זשע, איהר בעקלאָגט זיך גאָר ניט?...

וואַנאַ. ווי קען דאָס זײן, איך זאָל זיך ניט בעקלאָגען?...

פרינציוואַלי. דער מאַן אײערער וויליגט אײן?...

וואַנאַ. יאָ.

פרינציוואַלי. איך וואָלט אײך געוואָלט פֿרײלאָזען... ס'איז נאָך צײט; ווילט איהר געהן צוריק?...

וואַנאַ. נײן.

פרינציוואַלי. פֿאַרוואָס טהוט איהר עס?...

וואַנאַ. ווײל מען שטאַרבט אין פיזאַ פֿאַר הונגער און מען וועט נאָך מאָרגען גיכער שטאַרבען...

פֿון מיר ווערט ווערן... אַליין וועסט דו גאַנץ לייכט קענען אַנט־לויפֿען, קיינער וועט זיך ניט יאָגען נאָך דיר; אָבער מיט דיין הערר אינאיינעם... דאָ אין אָט די קופֿערס האָב איך גאָלד, נעהם עס דיר, ס'איז דיינס, איך דאַרף עס ניט... זיינען די וועגען געשפּאַנט, אַלעס אינאיינעם?...

וועדיאָ. אַלעס שטעהט גרייט דאָ ביים געצעלט.

פּרינציוואלי. זעהר גוט. אַז איך וועל געבען דעם צייכען, וועסט דו טהאָן, וואָס דאַרף געטהאָן ווערן... (מען הערט אַ שאָס פֿון דער ווייטענס.) וואָס איז דאָס?...

וועדיאָ. דאָס האָט מען אויסגעשאָסען ביי די ווייטע וואַך־פּאָסטען, דאָרט הינטערן לאַגער.

פּרינציוואלי. ווער האָט עס געהייסען?... דאָס מוז זיין אַ טעות... נאָר פֿילייכט האָט מען דאָס געשאָסען אין איהר?... וואָס זשע, האָסט ניט אָנגעזאָגט?...

וועדיאָ. יאָ... — דאָס איז ניט מעגליך... כ'האָב אויס־געשטעלט עטליכע וואַכען, וועלכע וועלען זיי אייך ברייננגען, אַזוי גיך ווי זי קומט...

פּרינציוואַלי. געה און זעה, וואָס דאָרט איז געשעהן...
(וועדיאָ געהט אַרויס. פּרינציוואַלי בלייבט אַ ווײַלע אַליין.)

## דריטע סצענע.

### פּרינציוואַלי, וואַנא.

(וועדיאָ קומט צוריק, הויבט אויף דעם פֿאָרהאַנג, אַרויסזאָגענדיג דערביי שטילערהייט דאָס וואָרט „הערר", און ציהט זיך גלייך צוריק. עס בעוויזט זיך מאָנאַ וואַנאַ, איינגעהילט אין אַ לאַנגען מאַנטעל; זי בלייבט שטעהן אויף דער שוועל. פּרינציוואַלי טהוט אַ ציטער און געהט איהר אַנטקעגען אַ טריט.)

וואַנאַ (מיט אַ פֿערשטיקטער שטימע). איך קום, ווי איהר האָט געוואונשען...

אָבגעהאַלטען, וואָרים איך האָב עס געמוזט האָבען און ס'איז מיינס געווען; און אַצונד, אַז מיין גליקליכער שטערן דערלאַנגט עס מיר ענדליך אויף זיינע זילבער־שטראַהלען, אין נאָמען פון גערעכ־טיגקייט און פון מיטלייד, — אַצונד זאָגט איהר: „ער מאַכט אַ תל פון זיך!"... אָה, אָרעמע מענשען אָהן גלוטה און פייער! אָרעמע מענשען אָהן ליעבע!... וואָס זשע, דו פיהלסט דען ניט, אַז מיין מזל ווערט איצט אין דער דאָזיגער שעה געוואויגען אויי־בען אין הימעל און אַ הונדערטפאַכעס גליק, אַזויפיעל וויפיעל עס וואָלט גענוג געווען פאַר טויזענד ליעבענדע, איז צוגעטהיילט פאַר מיר איינעם!... אָה, איך זעה עס גאַנץ גוט, איך שטעה פאַר דעם אויגענבליק, ווען די, וואָס זיינען פון פאָראויס בע־שטימט פאַר אַן איידעלען זיעג אָדער פאַר אַ גרויס אונגליק, געפינען זיך פלוצלינג אויף דעם סאַמע שפיץ פון זייער לעבען, וואו אַלעס הויבט זיי אַרויף אַהין, וואו אַלעס פאַלט דאָרט צו זייערע פיס!... ווער קוקט אויף אַלעס אַנדערע, ווער טראַכט פון דעם, וואָס קומט דערנאָך?... מיר ווייסען גאַנץ גוט, אַז דער מענש איז ניט געשאַפען פאַר די זאַכען, און ווער עס יאָגט זיך דאָך נאָך זיי, דער פאַלט אונטער זייער לאַסט...

וועדיאָ (געהט צו נאָהענט צו איהם מיט ווייסען לייווענט אין דער האַנד). דאָס בלוט רינט נאָך אַלץ... לאָמיך אייך פערבינדען דאָס געזיכט...

פרינציוואַלי. טהו עס, ווייל עס מוז זיין אַזוי... אָבער זעה, אַז דיין באַנד זאָל מיר ניט פערדעקען די אויגען און די ליפען... (קוקט זיך אָן אין שפיגעל.) אָה, כ'זעה אויס ווי אַ קראַנ־קער, וועלכער אַנטלויפט פון דעם וואונד־דאָקטאָר, אַצונד, ווען איך וויל אַלס ליעבענדער לויפען דער ליעבע אַנטקעגען... ניט אַזוי, ניט אַזוי... און דו, מיין וועדיאָ, מיין אָרעמער וועדיאָ, וואָס וועט ווערן פון דיר?...

וועדיאָ. מיין הערר, איך געה מיט אייך...

פרינציוואַלי. ניין, דו מוזט מיך פערלאָזען... ניט איך וויים, וואוהין איך וועל זיך קעהרען און ווענדען, און ניט וואָס

אין די הענד... זייט געזונד, טריוואולציאָ, מיר געהען אויף פֿער־שידענע וועגען... גיט מיר אייער האַנד...

טריוואולציאָ. נאָך ניט... איך וועל זי אייך געבען, ווען די שטראָף...

פּרינציוואַלי. זעהר שעהן, היינט מיר און מאָרגען דיר... (ער רופֿט.) ווערדיאָ!... (ווערדיאָ קומט אַריין.)

ווערדיאָ. הערר!... וואָס? איהר זייט פֿערוואונדעט?... דאָס בלוט רינט...

פּרינציוואַלי. דאָס מאַכט גאָרנישט אויס... רוף די צוויי וואַך-לייט. זאָלען זיי אָבפֿיהרען אָט דעם מאַן, אָבער זיי זאָלען איהם ניט אָנטהאָן קיין שום געוואַלט, קיין שום לייד... ס'איז אַ שונא, ווענען איך האָב ליעב... זאָלען זיי איהם בעהאַל־טען אין אַ זיכערן פּלאַץ, וואו קיינער זאָל איהם ניט זעהן... זיי וועלען מוזען זיין פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר אַלעס, וואָס איהם וועט געשעהן; און זיי זאָלען איהם אַרויסלאָזען פֿריי, ווען איך וועל עס בעפֿעהלען... (ווערדיאָ פֿיהרט אָב טריוואולציאָ'ן.)

פּרינציוואַלי (שטעהט פֿאַר אַ שפּיגעל און בעטראַכט זיין וואונד). ווירקליך, דאָס בלוט רינט, אָקוראַט ווי די פּולס־אָדער וואָלט געפּלאַצט... דער זעץ איז ניט טיעף, נאָר ער האָט מיר צוריסען אַ העלפֿט געזיכט... ווער וואָלט זיך דאָס געקענט ריכטען אויף דעם שוואַכען, בלייכען בחור... (ווערדיאָ קומט אַריין צוריק.) נו, ס'איז געשעהן?...

ווערדיאָ. יאָ. — אָבער מיין הערר, איהר מאַכט פֿון זיך אַ תל...

פּרינציוואַלי. איך מאַך פֿון זיך אַ תל!... אָה, ווען איך וואָלט אַזוי מיין לעבען לאַנג געקענט מאַכען אַ תל פֿון זיך! איך מאַך פֿון זיך אַ תל, ווערדיאָ!... אָבער קיינמאָל אויף דער גאַנצער ערד האָט נאָך אַ מענש אויף אַזאַ אופֿן דורך געדעכטער נקמה ניט ערהאָבערט דאָס איינציגע גליק, פֿון וואָס ער האָט געטרוימט, זינט ער קען טרוימען... איך האָב געוואַרט און געלויערט דערויף, קיין פֿערברעכען וואָלט מיך דערפֿון ניט

טריוואולציאָ. זי האָט געקענט קומען, דאָס איז געווען גענוג...

פרינציוואַלי. וואָס! אויפּאָפּפּערן אַן אונשולדיגען מענ־שען סתם אַזוי אין דער וועלט אַריין, איינפאַך דערפאַר וואָס ער קען פּילייכט ווערן געפּעהרליך...

טריוואולציאָ. איין מענש האָט קיין בעטרעף ניט, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען פּלאָרענץ.

פרינציוואַלי. דאַן גלויבט איהר, הייסט עס, אין פּלאָ־רענץ, אין איהר שיקזאַל, איהר ווערק און איהר לעבען? דאָס איז עפּעס, וואָס איך הויב ניט אָן פערשטעהן...

טריוואולציאָ. יאָ, איך גלויב נור אין דעם; אַלעס איבעריגע איז ביי מיר גאָרנישט...

פרינציוואַלי. נאָך אַלעם דעם, וואָס עס איז געשעהן, איז געשעהן... און איהר האָט אויך אַ רעכט געהאַט דערצו, מחמת איהר גלויבט דאָך אין דעם... איך האָב ניט קיין פאָטער־לאַנד... איך קען עס ניט וויסען... צייטענווייז פּערדריסט מיר, וואָס איך האָב קיין היים־לאַנד ניט... דערפאַר אָבער האָב איך עפּעס אַנדערש, וואָס איהר וועט קיינמאָל ניט האָבען, און וואָס קיין מענש האָט קיינמאָל ניט געהאַט אין אַזאַ מאָס ווי איך!... איך וועל עס גלייך האָבען, אין אַ רגע, דאָ אויף'ן שטעל. דאָס וועגט אַריבער אַלצדינג פאַר מיר... געהט, לאָמיר זיך צושיידען, מיר האָבען ניט קיין צייט צו דערגרונטעווען דאָס דאָזיגע רעטע־ניש... מיר זיינען צוויי היפכים, צוויי קאָנטראַסטען און דאָך ריהרען מיר זיך כמעט אָן איינער אַן אַנדערן... יעדער איינער פון אונז האָט זיך זיין שיקזאַל. פאַר דעם איינעם איז עס אַ געדאַנק, פאַר דעם אַנדערן אַ וואונש... און אייך וואָלט עס געווען פונקט אַזוי שווער צו בייטען אייער געדאַנק, ווי מיר צו ענדערן מיין וואונש... מען געהט זיי נאָך ביז'ן סאַמע סוף, ווען מען האָט מעהר פייער אין זיך, איידער די איבעריגע מענשען... און וואָס מען טהוט, איז רעכט, וואָרים מען איז דאָך אַזוי ווייניג ביי זיך

האָב איך געדיענט די, וועלכע האָבען מיך אויסגעוועהלט, און ניט איין שלעכטער געדאַנק איז מיר אַרויף אויף'ן זינען. דאָס מוזט איהר אַודאי וויסען, וואָרים איהר האָט דאָך געלויערט אויף מיינע טריט... און דאָך האָט איהר אין אייערע בריעף, מחמת שנאה, קנאה אָדער קאַרגקייט, פֿערדרעהט און געפֿעלשט אַלעס, וואָס איך האָב געטהאָן פֿון אייער נוצען וועגען; איהר האָט מיך פֿערליימדעט און בעשאָטען פֿון קאָפּ ביז די פֿיס מיט ליגענס...

טריוואולציאָ. די פֿאַקטען זיינען ניט געווען קיין ריכ־טיגע — דאָס האָט ווינציג וואָס אויסגעמאַכט. דער עיקר איז דאָ געווען די שטונדע פֿון געפֿאַהר, ווען דער סאָלדאַט ווערט געשמייכעלט פֿון צוויי דריי זיעגען—די צאָהל שפּיעלט אַ קנאַפּע ראָלע — און ער הויבט אויף דעם קאָפּ און הערט אויף צו פֿאָלגען די, וועמען ער דיענט, און וועלכע דיענען אַליין אַ העכערע אויפֿגאַבע איידער ער. יענע שטונדע האָט געשלאָגען, דאָס בע־ווייזט מיר די איצטיגע שעה... דאָס פֿאָלק פֿון פֿלאָרענץ האָט אייך שוין צו שטאַרק געליעבט. אונזער פֿליכט איז עס, צו בע־זייטיגען די געצען, וועלכע דאָס דאָזיגע פֿאָלק מאַכט זיך. אויף'ן מאָמענט, קען זיין, איז מען אַביסעל ברוגז אויף אונז, נאָר דאָס פֿאָלק האָט אונז אַליין בעשטעלט, איינצוהאַלטען זיינע געפֿעהר־ליכע קאַפּריזען. נישקשה, עס וועט גאַנץ גוט, וואָס עס מוז געשעהן, און ווען מיר פֿערניכטען עפּעס, וואָס איז דעם פֿאָלק געוואָרען צו שטאַרק בעליעבט, מוז עס, ווילענדיג אָדער ניט ווילענדיג, מאַכען אַ שוויינ, וויסענדיג, אַז מיר ערפֿילען בלויז זיין ווילען דערמיט. און דערום האָב איך געהאַלטען, אַז די שטונדע איז געקומען אָנצוּואווייזען אויף דעם אָבגאָט... כ'האָב געוואָרענט פֿלאָרענץ, און זי האָט אין פֿאָראויס געוואוסט, וואָס מיינע ליגענס בעדייטען...

פּרינציוואַלי. די שטונדע איז נאָך ניט געהאַט געקומען און וואָלט קיינמאָל ניט געקומען, ווען ניט אייערע שענדליכע בריעף...

האַנד מיינע איז מעהר ווערטה ווי איהר אין גאַנצען. אָט האָב איך אייער קינזשאַל... איך דאַרף איהם נור אַרונטערלאָזען... ס'זעהט אויס, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט פון זיך אַליין געזוכט אייער האַלז... וואָס זשע, איהר גיט גאָר ניט קיין פּינטעל מיט קיין אויג... איהר האָט, הייסט עס, קיין מורא ניט?...

טריוואולציאָ (קאַלט). ניין; שטעכט אַריין, איהר האָט אַ רעכט דערצו. מיין לעבען איז אויסגעשפּיעלט...

פּרינציוואַלי (לאָזט איהם אָב). אַך ווירקליך?... דאַן איז דאָך דאָס געווען מאָדנע, דאָס וואָס איהר האָט געטהאָן... ס'איז זאָגאַר זעלטען אויך... ניטאָ קיין סך צווישען אונזערע קריגס־לייט, וועלכע וואָלטען אַזוי דרייסט געקוקט דעם טויט אין די אויגען. איך וואָלט זיך גאָר ניט געגלויבט, אַז אין אָט דעם קליינעם קערפּער...

טריוואולציאָ. יאָ, איהר מענער פון'ם שווערד, איהר מיינט, אַז עס איז ניטאָ קיין אַנדער מוטה אַחוץ דעם, וואָס בלישטשעט אויף'ן שפּיץ פון אַ לאַנגער, שאַרפער קלינג...

פּרינציוואַלי. יאָ, איהר זייט אפשר גערעכט... געהט, איהר זייט ניט פריי, נאָר עס זאָל אייך גאָרנישט געשעהן... מיר דיענען פערשיעדענע געטער... (אָבווישענדיג דאָס בלוט, וואָס רינט אַראָב איבער'ן געזיכט.) אָה, דאָס בלוט שטראָמט... ס'איז געווען אַ גאַנץ היבשער זעץ... אַביסעל צו שנעל, נאָר שטאַרק געניט... יעדענפאַלס, ס'האָט בלויז געפעהלט איין האָר צום ציעל. און איהר, וואָס וואָלט איהר אַשטייגער געטהאָן, ווען איהר האָט פאַר אייך דעם מאַן, וואָס האָט אייך שיער, שיער ניט אָבגעשיקט אויף יענער וועלט, וואוהין קיינער האָט קיין חשק ניט צו געהן?...

טריוואולציאָ. איך וואָלט איהם ניט געשוינט.

פּרינציוואַלי. איך פערשטעה אייך ניט... איהר זייט אַ מאָדנער מענש... גיט צו, אַז עס איז געווען אַ נידערטרעכטיגקייט צו שרייבען די דאָזיגע בריעף. איך האָב פערגאָסען מיין בלוט אין דריי גרויסע שלאַכטען; כ'האָב געטהאָן אַלץ וואָס איז נור געווען אין מיינע כוחות, אַלעס איז אייך צוגעפאַלען; טריי־

מלאך... און דערום הויב איך זיך אויף און צוברעך אייערע שענדליכע קייטען; איך שפּיעל אויס די ערשטע קאָרטע... ביז איצט בין איך ניט געווען קיין פֿעררעטהער, נאָר זינט איך האָב איבערגענומען אייערע צוויי בריעף, טראַכט איך פֿון קיין אַנדער זאַך ניט, נור וועגען אייער חורבן... היינט ביינאַכט וועל איך אייך פֿערקויפֿען, אייך און אייערע קלעגליכע הערען, אַזוי גרוזאַם און אַזוי פֿערניכטענד ווי איך וועל נור קענען... איך גלויב, אַז קיינ־מאָל אין לעבען האָב איך ניט בעגאַנגען קיין בעסערע, קיין געבענשטערע טהאַט ווי איצט, ווייל אַזוי טיעף ווי איך קען נור, פֿעראַכט איך די איינציגע שטאָדט, וועלכע מאַכט פֿון דעם פֿערראַטה אַ טוגענד און וויל אָנפֿילען די גאַנצע וועלט מיט רשעות, צביעות, אונדאַנקבאַרקייט, נידערטרעכטיגקייט און ליגען!... פֿון היינט ביינאַכט אָן, דאָס האָט איהר מיר צו פֿערדאַנקען, וועט אייער אַלטע, ביטערע פֿיינדין, וועלכע האָט אייך תמיד געשטערט און וועט אייך שטערען, אַזוי לאַנג ווי זי וועט נור בעשטעהן, צו פֿערשפּרייטען רשעות און פֿערדאָרבענהייט איבער דער גאַנצער וועלט — פּיזאַ וועט, דאָס האָט איהר מיר צו פֿערדאַנקען, היינט ביינאַכט זיין געראַטעוועט און וועט ווידער אויפֿהויבען דעם קאָפּ געגען אייך... אָה, שפּרינגט ניט אויף, מאַכט ניט אַזעלכע העוויות, ס'וועט אייך גאָרנישט העלפֿען... מיינע מאָסרעגלען זיינען גענומען, דאָס שיקזאַל איז בעשטימט; איהר זייט אין מיין מאַכט; און מיט אייך, דוכט מיר, האַלט איך דאָס שיקזאַל פֿון פֿלאָרענץ ביי מיר אין די הענד...

טריוואולציאָ (ציהט אַרויס זיין קינזשאַל און דערלאַנגט פּרינציוואַלי'ן אַ שנעלען זעץ). נאָך ניט... אַזוי לאַנג ווי מיינע הענד זיינען פֿריי...

פּרינציוואַלי (כאַפּט דעם זעץ אויף אינסטינקטיוו מיט'ן אָרם, אַזוי אַז דאָס קלינגעל שפּרינגט אָב אין דער הויך און טרעפֿט איהם אין געזיכט. ער גיט אַ כאַפּ טריוואולציאָ'ס קינזשאַל). האַ! דאָס!... אויף אָט דעם פּלעצליכען שרעק האָב איך זיך ניט געריכט... נאַ זעהט, איהר זייט ביי מיר אין די הענד; איהר פֿיהלט, אַז איין

טריוואולציאָ. פֿיליכט... איך ווייס ניט... וואָס איז דאָ אין זיי?... כ'מוז דאָך צוערשט וויסען...

פרינציוואַלי. ניט נייטיג, איך ווייס.

טריוואולציאָ. זיינען עס אַפנים די צוויי בריעף, וועלכע איהר האָט אונטערגעשלאָגען, ווי איך האָב עס געוואונשען?... ווי איך זעה, האָט זיך די פראָבע איינגעגעבען...

פרינציוואַלי. איהר האָט דאָ ניט צו טהאָן מיט אַ קינד. לאָמיר אַוועקוואַרפֿען אַזעלכע קלעגליכע הינטער־שפּיצלאַך און מאַכען אַ סוף צו דעם דאָזיגען געשפּרעך, כדי איך זאָל ענדליך קריגען אַ בעלוינונג, וואָס קיין טריאומף אין פֿלאָרענץ קען זיך צו איהר ניט פֿערגלייכען!... איהר בעשמוצט דאָ אין אָט די בריעף אַלע מיינע טהאַטען, פֿאַלש, נידעריג, אָהן אַ שום ווירקליכען גרונד, בלויז אויס איינפֿאַכער רשעות און כדי שוין אין פֿאָראויס צו געבען פֿלאָרענץ דעם אויסרייד פֿאַר איהר קאַרגקייט און איהר אונדאַנקבאַרקייט; וואָרים ווידער אַמאָל האָט זי מורא, אַז דער דאַנק פֿאַר אַ זיעגרייכען גענעראַל קען איהר נאָך קאָסטען צו טייער... אַלעס איז דאָ מיט אַזאַ אָבגעטאָקטער כיטרעקייט צוזאַ־מענגעשטעלט, אַז צייטענווייז וואָלט איך אַליין געקענט צווייפֿלען אין מיין אייגענער אונשולד!... פֿערדרעהט איז אַלצדינג און אַרונטערגעריסען, פֿערפעסטעט דורך אייער שענדליכער קנאה און אייער פֿינסטערער, וויסטער שנאה, פֿון דער ערשטער וואָך אָן, זינט די דאָזיגע בעלאַגערונג האָט זיך אָנגעהויבען, ביז דער גע־בענשטער שעה, ווען די אויגען האָבען זיך מיר געעפֿענט, און איך האָב זיך געשוואָרען צו רעכטפֿערטיגען אייער פֿערדאַכט. אָט די בריעף האָב איך געלאָזט איבערשרייבען און איך האָב זיי אָבגעשיקט קיין פֿלאָרענץ. איך האָב איבערגענומען די ענטפֿערס. מען גלויבט אייך אויף'ן וואָרט. מען גלויבט אייך אַזוי ווייט, אַז מען האָט אייך אַליין געגעבען די געלעגענהייט מיך אָנצוקלאָגען. מען משפט מיך אָהן אַ פֿערהער און מען פֿערדאַמט מיך צום טויט... איך ווייס, נאָך דעם אַלעם קען איך גאָרנישט טהאָן אַנטקעגען די שווערע בעווייזע, זאָגאַר ווען איך וואָלט געוועזען ריין און אונשולדיג ווי אַ

איינגעגעבען, אַנטקעגען די בעווייזע, וועלכע מען האָט געבראַכט געגען אייך, צו ברייגגען אַנדערע פֿאַר אייך. איך האָב איינפֿאַך גוט געזאָגט פֿאַר אייך. איצט ליגט עס ביי אייך אין די הענד צו רעכטפֿערטיגען מיין פֿעלזען־פֿעסטען צוטרוי. וואָרים מיר זיינען פֿערלאָרען, אויב איהר וועט נאָך וואַרטען און ניט טהאָן גלייך, וואָס מוז געטהאָן ווערן. מיין קאָלעגע, מעסער מאַלאַדוראַ, ווערט אין ביביענאַ פֿערהאַלטען דורך די וועגעציאַנער טרופען. אַן אַנדער אַרמעע מאַרשירט פֿון נאָרדען אויף פֿלאָרענץ. די שטאָדט איז אין געפֿאַהר. נאָר אַלעס קען זיך נאָך ענדיגען גוט, ווען איהר בעפֿעהלט מאָרגען דעם שטורם, אויף וועלכען מיר וואַרטען אַזוי לאַנג. דאָס וועט אונז אָבגעבען צוריק אונזער בעסטע אַרמעע און דעם איינציגען גענעראַל, וועלכער איז דאָך פֿון אימער אָן געקרוינט געוואָרען מיט זיעג. שטאָלץ, מיט אַן אויפֿגעהויבענעם קאָפּ וועלען מיר קענען אַריינקומען אין פֿלאָרענץ, און דער גלאַנץ פֿון אייער טריאומף וועט אייערע שונאים פֿערוואַנדלען אין די גליהענדסטע בעוואונדערער און אָנהייגגער אייערע...

פּרינציוואַלי. איז דאָס אַלעס, וואָס איהר האָט מיר געהאַט צו זאָגען?...

טריוואולציאָ. כמעט אַלעס, אַחוץ די אויפֿריכטיגע צונייגונג צו אייך, וועלכע איז אין מיר געוואַקסען און געוואַקסען, זינט מיר האָבען זיך בעקענט... און דאָס, ניט קוקענדיג אויף די שוויריגקייטען, וועלכע נעהמען זיך דערפֿון, וואָס די מאַכט פֿון דעם גענעראַל מוז צייטענווייז, אין שטונדען פֿון געפֿאַהר, באַלאַנסירט ווערן דורך דער געהיימער מאַכט פֿון דער רעפּובליק, אין וועמעס נאָמען איך שטעה דאָ היינט פֿאַר אייך...

פּרינציוואַלי. אָט דער בעפֿעהל דאָ, וואָס איך האָב אָקאָרשט ערהאַלטען, דאָס האָט איהר איהם געשריבען?...

טריוואולציאָ. יאָ.

פּרינציוואַלי. מיט אייער אייגענער האַנד?

טריוואולציאָ. נו געוויס; פֿאַרוואָס צווייפֿעלט איהר?

פּרינציוואַלי. און אָט די צוויי בריעף, איהר דערקענט זיי?

טריוואולציאָ. איהר ווייסט, ווי איך שעץ אייך, פּרינציוואַלי. כ׳האָב אייך שוין מעהר ווי איינמאָל געגעבען דעם בעוויז דערצו, דאָס מוזט איהר ווויסען, און אָפֿטמאָל קענט איהר עס גאָר ניט וויסען, וואָרים די פּאָליטיק פֿון פֿלאָרענץ, וואָס מען רופֿט פֿאַלש, און וועלכע איז ניט מעהר ווי פֿערנינפֿטיג, פֿאָדערט, אַז אַסך זאַכען זאָלען אַ צייט־לאַנג בלייבען פֿערבאָרגען זאָגאַר פֿאַר די, וועלכע ווייסען איהרע טיעפֿסטע סודות. מיר אַלע פֿאָלגען איהרע אונערפֿאָרשליכע בעפֿעהלען, און אַ יעדער מוז מיט מוטה אַריבערטראָגען די לאַסט פֿון די דאָזיגע סודות, אין וועלכע עס ליגט דעם פֿאָטערלאַנד׳ס קלוגע קראַפֿט. — פֿאַר היינט וועט אייך זיין גענוג צו וויסען, אַז איך האָב געהאַט אַ גרויסען חלק אין דעם, וואָס ניט קוקענדיג אויף אייער יוגענד, אויף אייער פֿרעמדער אָבשטאַמונג, האָט מען אייך דאָך אויסגעקליבען אַלס פֿיהרער פֿון אונזער שעהנסטער אַרמעע... און עס איז אויך ניטאָ קיין שום אורזאַכע צו בעדויערן די דאָזיגע וואַהל... נאָר פֿון אַ שטיקעל צייט אָן האָט זיך געגען אייך געבילדעט אַ פּאַרטיי. איך ווייס ניט, צי איך דאַרף אייך אויפֿדעקען, וואָס דאָ טהוט זיך, ווייל אין דער אויפֿריכטיגער פֿריינדשאַפֿט, וואָס איך פֿיהל פֿאַר אייך, קומט מיר אוים אַריבערצוטרעטען דעם איינגען קרייז פֿון פֿליכט. — נאָר די איינג־בעגרענעצטע פֿליכט איז אָפֿטמאָל אַסך געפֿעהרליכער, איידער די אונבערעכענטסטע ברייט־האַרציגקייט. — איך וויל אַלזאָ ניט בעהאַלטען פֿון אייך, אַז מען בעשולדיגט אייך זעהר שטאַרק אין לאַנגזאַמקייט און אונענטשלאָסענקייט. אַ טהייל צווייפֿלען זאָגאַר אין אייער עהרליכקייט. געוויע מסירות האָבען אָט דעם חשד נאָך דערצו פֿערשטאַרקט. זיי האָבען געהאַט אַ שלעכטען איינפֿלוס אויף יענעם טהייל פֿון דעם שטאַאַט־ראַטה, וועלכער האָט אָהן דעם אויך געקוקט אויף אייך מיט פֿערדאַכט. מען איז געגאַנגען אַזוי ווייט, זיך צו בעראַטהען מכח דעם, צי מען זאָל אייך גלייך אַרעסטירען און אָב׳משפּט׳ן. צום גליק האָב איך זיך בעצייטענס דערוואוסט וועגען דעם. כ׳האָב קיין מינוט ניט פֿערלאָרען, בין אַוועק קיין פֿלאָרענץ און ס׳האָט זיך מיר לייכט

אַ ליכטיגערע, אַ הערליכערע בלום, אויף וועלכע מען האָט אַזוי לאַנג און מיט אַזוי ווייניג האָפֿנונג געוואַרט!... אָה, מיינע מוטהיגע פּיזאַנער, היינט ביינאַכט וועט איהר האָבען אַן אונפֿערגעסליכען יום טוב, און מיין פֿרייד וועט נאָך גרעסער זיין, ווי ווען איך וואָלט גערעטעט מיין אייגענע געבורטס-שטאָדט!...

וועדיאָ (נעהמט איהם אָן פֿאַר'ן אָרם). געהט אַריין צוריק אין געצעלט! אָן דאָרטען קומט מעסער טריוואולציאָ...

פּרינציוואַלי (אַריינגעהענדיג צוריק אין געצעלט). ריכטיג, עס געהט אַלזאָ צו גאַנץ שנעל... נאָר עס וועט ניט נעהמען לאַנג... (געהט צו צום טיש און זוכט צווישען די פּאַפּירען, וואָס ליגען דאָרט.) דו האָסט זיינע דריי בריעף?...

וועדיאָ. עס זיינען פֿאַרהאַן בלויז צוויי...

פּרינציוואַלי. די צוויי, וועלכע איך האָב אונטערגעשלאָגען, און דעם בעפֿעהל פֿון היינט אָבענד...

וועדיאָ. אָט זיינען די צוויי ערשטע, און אָט איז דער לעצטער, וועלכען איהר האָט צוקנייטשט...

פּרינציוואַלי. איך הער זיינע טריט; ער קומט...

(דער פֿאָרהאַנג פֿון געצעלט ווערט אויפֿגעהויבען. טריוואולציאָ קומט אַריין.)

## צווייטע סצענע.

### דיזעלבע, טריוואולציאָ.

טריוואולציאָ. האָט איהר געזעהן דאָס מאָדנע ליכט, וואָס גיט צייכענס פֿון דעם קאַמפּאַנילע אַראָב?...

פּרינציוואַלי. איהר מיינט טאַקע, אַז דאָס זיינען צייכענס?...

טריוואולציאָ. איך צווייפֿעל גאָרניט אין דעם... כ'האָב מיט אייך וואָס צו ריידען, פּרינציוואַלי...

פּרינציוואַלי. איך הער. (צו וועדיאָ'ן.) לאָז אונז אַליין, וועדיאָ, נאָר געה ניט אַוועק ווייט. איך וועל דיך באַלד דאַרפֿען... (וועדיאָ אָב.)

דער טאָג פֿערגעהט, ס'ווערט פֿינסטער. הייס אָנצינדען די ליכט. ווי שפּעט איז עס?

וועדיאָ. שוין נאָך ניין.

פּרינציוואַלי. מאַרקאָ קאָלאָנאַ איז נאָך ניט צוריקגעקומען?...

וועדיאָ. כ'האָב געהייסען די וואַך, איהם צופֿיהרען אַהער, אַזוי גיך ווי ער וועט אַריבערגעהן דעם גראָבען פֿון'ם לאַגער.

פּרינציוואַלי. ער וואָלט דאָ געמוזט זיין פֿאַר ניין אַזייגער, ווען מיין פֿאָרשלאַג ווערט צוריקגעוויזען... דאָס איז די שטונדע פֿון ענטשיידונג... מיין לעבען היינגט אויף איהר, אַזוי ווי יענע גרויסע שיפֿען מיט די אויפֿגעצויגענע זעגלען, מכח וועלכע די געפֿאַנגענע טרוימען, ווען זיי קוקען אַרויס אין דעם חושך, וואָס רינגעלט זיי אַרום... ווי דער מענש קען דאָס בויען זיין שיקזאַל, זיין הארץ און זיין מוח, זיין גליק און זיין אונגליק אויף אַזאַ מין שוואַכע זאַך ווי די ליעבע פֿון אַ פֿרוי!... איך וואָלט אַליין געלאַכט דערפֿון, ווען עס וואָלט ניט געווען שטאַרקער פֿון מיין געלעכטער... מאַרקאָ קומט ניט צוריק... דאָס הייסט אַלזאָ, זי קומט... געה גיב אַ קוק, צי דער פֿייער-צייכען טהיילט מיר מיט איהר צושטימונג; זעה, צי דער ליכט-שיין דאָרט אויף'ן הימעל זאָגט שוין אָן איהרע ציטערענדע טריט, מיט וועלכע זי געהט זיך אָפּפֿערן פֿאַר אַלע און מיט וועלכע זי ראַטעוועט מיך אינאיינעם מיט איהר פֿאָלק... נאָר ניין, איך וועל אַליין געהן... קיין אַנדער אויג, אויך ניט דאָס אויג פֿון אַ פֿריינד, זאָל עס פֿאַר מיינעם זעהן און פֿערשפּעטיגען אפילו אויף איין רגע דאָס גליק, אויף וועלכען איך וואַרט שוין פֿון מיין קינדהייט אָן... (ער געהט צו צו דער טהיר פֿון געצעלט, הויבט אויף דעם פֿאָרהאַנג און קוקט אַרויס צו דעם נאָך בלויען אָבענד-הימעל.) אָט איז עס, וועדיאָ!... קוק, ווי עס גלאַנצט, ווי עס פֿערדונקעלט די נאַכט!... ס'איז אויף דעם קאַמפּאַנילע, ווי עס איז אָבגעמאַכט געוואָרען... עס דרינגט דורך דעם חושך... ס'איז דאָס איינציגע ליכט, וואָס שיינט איבער דער שטאָדט... אָה, פּיזאַ נאָך קיינמאָל האָט זיך פֿון דיר ניט אויפֿגעהויבען צום הימעל

דעם בריעף. (ער נעהמט דעם בריעף אין דער האַנד און לייענט.) ער שיקט מיר צום לעצטען מאָל דעם פאָרמעלען בעפעהל, צו שטורעמען די שטאָדט היינט בעגינען צו טאָג... אויב ניט, ווער איך גלייך אויף'ן שטעל אַרעסטירט... היינט בעגינען צו טאָג... גוט, איז דאָך די נאַכט וויניגסטענס מיינע... גלייך אויף'ן שטעל אַרעסטירט!... אַה, זיי הויבען ניט אָן וויסען וואָס דאָ טהוט זיך!... וואָס זשע, זיי מיינען אַפּנים, אַז מיט אָבגעשמאַקטע ווערטער קען מען אָנוואַרפען אַ מורא אויף דעם מאַן, וואָס קוקט אויס אויף דער איינציגער שעה פון זיין לעבען!... סטראַשונקעס, אַרעסט, פערלייםדונג, געריכט, וואָס נאָך? איך וויים, וואָס דאָס בעדייט... זיי וואָלטען מיך שוין לאַנג אַרעסטירט, ווען זיי וואָלטען עס געקענט, ווען זיי וואָלטען עס געוואַגט...

וועדיאָ. ווען מעסער טריוואולציאָ האָט מיר איבערגעגעבען דעם בעפעהל, האָט ער געזאָגט, אַז ער קומט אַליין אהער. ער זויל מיט אייך ריידען.

פרינציוואַלי. אַזוי! ער האָט זיך, הייסט עס, ענדליך דאָך ענטשלאָסען דערויף?... דאָ וועט אַלעס אַרויספלאַצען; און דאָס שרייבער־נפש'ל, וואָס פערטרעט דאָ די גאַנצע געהיימע מאַכט פון פלאָרענץ און סמייעט פונדעסטוועגען דאָך ניט מיר צו קוקען גלייך אין פנים אַריין; דער מיזעראַבלער, בלייכער קאַרליק, וועלכער האַסט מיך מעהר ווי דעם טויט — ער וועט מיר דאָ דורכלעבען אַ נאַכט, אויף וועלכער ער האָט זיך ניט געריכט... די בעפעהלען מוזען זיין זעהר וויכטיג, אַז ער קומט אַהער, זיך אַנטקעגען שטעלען דער ווילדער חיה אין איהר שטייג... ווער שטעהט אויף דער וואַך ביי מיין טהיר?

וועדיאָ. צוויי אַלטע קריגס־לייט פון אייערע גאַליצישע זעלנער. מיר דוכט, איך האָב דערקענט הערנאַנדאָ'ן, און דער אַנדערער איז, מיין איך, דיעגאָ...

פרינציוואַלי. גוט; זיי וועלען מיר פאָלגען, זאָגאַר ווען איך וועל זיי הייסען שליסען אין קייטען דעם הערר גאָט אַליין...

# צווייטער אקט.

## אין פרינציוואַלי'ס געצעלט.

די ווענד זיינען בעהאנגען מיט זייד און גאָלד. אַ פּראַכטפּולער מיש-מאַש. געוועהר, הויפּענס פון טייערע פעלצען, גרויסע האַלב-אָפּענע קופּערס, אָנגעפּאַקט מיט עדעל-שטיינער און גלאַנציגע שטאָפען. אין'ם הינטערגרונד דער אַריינגאַנג אין געצעלט, פּערמאַכט מיט פּאָרהאַנגען.

## ערשטע סצענע.

(פרינציוואַלי שטעהט ביי אַ טיש און לייגט צונויף דאָקומענטען, וואַפּען און פלענער. ו ע ד י אָ קומט אריין.)

ו ו ע ד י אָ. דאָ איז אַ בריעף פון'ם קאָמיסאַר פון דער רעפּובליק.

פ ר י נ צ י ו ו אַ ל י. פון טריוואולציאָ?

ו ו ע ד י אָ. יאָ; מעסער *) מאַלאַדורא, דער צווייטער קאָ-מיסאַר, איז נאָך ניטאָ צוריק.

פ ר י נ צ י ו ו אַ ל י. אָט אַפּנים די ווענעציאַנער אַרמעע, וועלכע דראָהט אָנצופאַלען אויף פלאָרענץ פון'ם קאַסענטינאָ, לאָזט זיך ניט בעזיעגען אַזוי לייכט, ווי זיי האָבען געהאָפּט... גיב אַהער

---

*) אַן איטאַליענישער טיטול פאַר אַדעליגע און גרויסע שטאַאַטס-בעאַמטע.

פערשווינדט... ס'איז אויס, אויס... קיין איין שפור בלייבט ניט איבער... די גאַנצע פערגאַנגענהייט פאַלט צוזאַמען, און די צו־קונפט אויך... אַה, אָט די קליינע פינגער, אָט די ריינע אויגען, אָט די ליפּען... אַמאָל האָב איך אין זיי געגלויבט... אַצונד בלייבט מיר גאָרנישט מעהר איבער... (ער שטויסט אָב וואַנאַ'ן מיט ביידע הענד פון זיך.) גאָרנישט, גאָרנישט, נאָך ווייניגער ווי גאָרנישט... זיי געזונד, וואַנאַ, געה דיר דיין וועג, זיי געזונד... דו געהסט אַהין?...

וואַנאַ. יאָ...

גידאָ. און קומסט ניט צוריק?...

וואַנאַ. יאָ, כ'קום צוריק...

גידאָ. דאָס וועלען מיר זעהן... אָה, גוט... מיר וועלען זעהן... פאָטער, דו האָסט זי געקענט בעסער איידער איך!...

(זיינע פיס בויגען זיך צום אומפאַלען און ער האַלט זיך אָן אָן איינע פון די מאַרמאָר-זיילען. וואַנאַ געהט לאַנגזאַם און אַליין אַרויס, זיך ניט אום־קוקענדיג אויף איהם. דער פאָרהאַנג פאַלט.)

---

דאַנקען פֿאַר אַלצדינג... ס'איז שרעקליך... און דאָך: איך געה! איך געה! איך געה!...

גידאָ (שטויסט זי אָב פֿון זיך). גוט, געה! טראָג זיך פֿון דאַנען! קענסט געהן, איך גיב אַלעס אויף! געה, איך לאָז דיך לויפֿען...

וואַנאַ (כאַפּט איהם אָן פֿאַר די הענד). גידאָ...

גידאָ. האַ, האַלט מיך ניט צו מיט דיינע הייסע, ווייכע הענד... מיין פֿאָטער איז גערעכט געווען, ער האָט דיך בעסער געקענט... פֿאָטער, אָט איז זי... פֿאָטער, דאָס איז דיין אַרבייט... ענדיג די אַרבייט, וואָס דו האָסט אָנגעהויבען... פֿיהר זי אַוועק אין געצעלט... איך בלייב דאָ; איך וויל זעהן, ווי איהר געהט אַוועק פֿון דאַנען... אָבער רערט זיך נור ניט איין, אַז איך וועל נעהמען מיין חלק פֿון יענעם ברויט און פֿלייש, פֿאַר וועלכען זי פֿערקויפֿט זיך... מיר בלייבט נאָך איבער איין זאַך! באַלד וועט איהר וויסען וואָס...

וואַנאַ (זיך אָנהייגענדיג אָן גידאָ'ן). גידאָ, קוק מיך אָן... קעהר ניט אָב דיינע אויגען פֿון מיר... דאָס איז שרעקליך... קוק... איך וויל זעהן...

גידאָ (קוקט זי אָן און שטויסט זי צוריק אָב פֿון זיך). קוק... אַוועק פֿון דאַנען, איך קען דיך מעהר ניט... די צייט רוקט זיך, ער וואַרט, ס'ווערט נאַכט... האָב קיין מורא ניט, איך וועל זיך ניט נעהמען דאָס לעבען... וואָס זשע, קוק איך דען אויס ווי איינער, וואָס טראַכט צו בעגעהן אַ נאַרישקייט?... מען שטאַרבט ניט אַזוי, בלויז דערפֿאַר וואָס דאָס האַרץ ווערט צובראָכען... נור דאַן, ווען מען ליעבט, איז מען ניט זיכער מיט'ן פֿערשטאַנד; נור דאַן קען מען איהם פֿערלירען... איך... איך בין איצט בעוואָרענט דערפֿאַר... מיין פֿערשטאַנד שטעהט איצט ווידער אויף זיין ריכטיגען אָרט... איך האָב אַריינגעקוקט אין דעם סאַמע גרונד פֿון דער ליעבע, אין דעם סאַמע גרונד פֿון דער ליעבע און דער טרייקייט... כ'האָב מעהר גאָרנישט וואָס צו זאָגען... ניין, ניין, עפּען אויף די פֿינגער... זיי וועלען ניט פֿערהאַלטען אַ ליעבע, וועלכע

שטימע מעהר ניט געהערט?... און איהר דאָ הינטען, איהר, וואָס איהר שטעהט דאָרט ביי די טהירען, וואָס זשע, איהר הערט גאָר מיין שטימע ניט?... איך שריי אַזוי, אַז אַ פעלז וואָלט געקענט צושפרונגען ווערן!... קומט זשע אַריין, נעהמט זי, זי איז אייערע!... אַה, איך פערשטעה, זיי האָבען מורא... נו יאָ, זיי ווילען לעבען!... זיי לעבען און איך שטאַרב!... מיין גאָט, ס'איז דאָך אַזוי לייכט!... איין איינציגער אַנטקעגען אַ מאַסע!... איין איינציגער, וועלכער קומט אָב פאַר אַלעמען!... פאַרוואָס עפעס איך און ניט איהר?... איהר האָט דאָך אַלע פרוויען!... (ער ציהט אַרויס דאָס שווערד אויף אַ העלפט פון שייד און לויפט צו צו וואַנאַ'ן). נאַ, אָבער ווען איך זאָל ליעבערשט אויסקלייבען דיין טויט אידער אונזער שאַנדע?... דאָס איז דיר אַפנים גאָר אויף'ן זינען ניט אַרויף... נאַ, אָבער... בעטראַכט זיך... בלויז איין וואונק פון דיר...

וואַנאַ. טהו עס, גידאָ, אויב די ליעבע טרייבט דיך דערצו...

גידאָ. אויב די ליעבע טרייבט דיך דערצו!... רייד דו נור ניט פון דער ליעבע, וועלכע דו קענסט ניט!... דו האָסט קיינמאָל ניט געליעבט!... איך זעה עס איצט אַרויס: דו ביסט ווימטער, פערדאַרטער, איידער אַ וויסטע, וואו איך האָב אַלעס אַרויסגעוואָרפען... גאָרנישט!... ניט אַמאָל אַ טרער!... איך בין נור געוועזען אַ הילף, אַ שטיצע אין דער נויטה... ניט איין רגע אפילו...

וואַנאַ. גידאָ, דו זעהסט דאָך, אַז איך קען ניט ריידען... קוק מיר אַריין אין געזיכט... איך געה אויס, איך שטאַרב...

גידאָ (כאַפּט זי פלוצלינג אַריין אין זיינע אָרעמס). קום, לאָמיך דיך צודריקען צו מיין ברוסט, וואַנאַ... דאָ וועסט דו לעבען...

וואַנאַ (זיך אַרויסמאַכענדיג פון איהם און מיט אַ פערגליוורטער האַלטונג). ניין, ניין, ניין, גידאָ... איך וויים... איך קען ניט ריידען... איך דאַרף נור אויסריידען איין וואָרט, און איך פערליר אַלע מיינע כוחות... איך קען ניט... איך וויל... כ'האָב עס גוט דורכגערעכענט, כ'וויים, איך האָב דיך ליעב, דיר האָב איך צו

גערעדט פֿון די מויערן... זאָג מיר, אַז איך האָב אַ טעות געהאַט, אַז די גאַנצע ליעבע אונזערע, די גאַנצע ריינקייט דיינע האָבען געשריען ניין, ניין... איך האָב קיין זאַך ניט געהערט, נאָר אַ ציטערענדען אָבקלאַנג... אַלעס איז געווען שטיל, קיין וואָרט איז ניט אויסגערעדט געוואָרען. זעה, אַלע הערען זיך צו; קיינער ווייסט נאָך גאָרנישט, און דו האָסט דאָס ערשטע וואָרט... זאָג עס שנעל, וואַנאַ, כדי מען זאָל דיך דערקענען. זאָג עס שנעל אַרויס, וואַנאַ, כדי מען זאָל דערקענען אונזער ליעבע, כדי דער בייזער חלום זאָל פֿערשווינדען... זאָג דאָס, אויף וואָס איך וואַרט, און וואָס מוז געזאָגט ווערען, אויב דו ווילסט ניט, אַז אַלעס אַרום מיר זאָל צו־פֿאַלען אין שטויב...

וואַנאַ (נעהמט איהם אויף אַרום). איך ווייס גאַנץ גוט, גידאָ, דו טראָגסט דעם שווערסטען טהייל...

גידאָ (זיך אינסטינקטיוו אַרויסמאַכענדיג פֿון איהרע אָרעמס). יאָ, איך טראָג עס איינער אַליין... ווער עס ליעבט, דער טראָגט אי־מער די גאַנצע לאַסט!... דו האָסט מיך קיינמאָל ניט געליעבט... דאָס קאָסט גאָרנישט, ווען מען האָט קיין האַרץ ניט... אָט האָסט דו דיר אַ נייעס!... ס'איז, הייסט עס, גאָר אַ יום טוב... האָ! איך וועל דיר דעם יום טוב פֿערשטערען!... נאָך בין איך בעל הבית, וואָס איהר זאָלט ניט זאָגען, וואָס איהר זאָלט ניט טהאָן!... וואָס וואָלסט דו אַשטייגער געזאָגט, ווען איך געה אַרויס פֿון די כלים, ווען איך פֿערשפּאַר דיך אין דעם גוטען קערקער, אין דעם צניעות'דיגען קערקער דאָ אונטער'ן זאַאַל, מיט מיינע רייטער אַרום די גראַבעס?... און ווען איך וואַרט, ביז וואַנען דיין פֿייער ווערט פֿערלאָשען און דיין העלדענמוטהע אַביסעל אָבגעקיהלט?... נאַ, נעהמט זי, פֿערשפּאַרט זי, איך הייס עס אייך, דאָס איז מיין בעפֿעהל... נאַ, וואָס שטעהט איהר?...

וואַנאַ. גידאָ, דו ווייסט דאָך גאַנץ גוט...

גידאָ. וואָס זשע, זיי פֿאָלגען ניט?... קיינער ריהרט זיך פֿון אָרט ניט?... דו, באָרסאָ, דו, טאָרעלאָ, וואָס איז מיט אייך? זיינען אייערע אָרעמס פֿערשטיינערט געוואָרען?... ווערט מיין

גידאָ. וועמען פֿאָלגען?... דאָס איז די פֿראַגע, און איך ווייס נאָך ניט...

וואַנאַ. איך וועל היינט אָבענד געהן צו פּרינציוואַלי'ן אין לאַגער.

גידאָ. כדי זיך איהם אָבצוגעבען, ווי ער פֿאָדערט?

וואַנאַ. יאָ.

גידאָ. און מיט איהם צו שטאַרבען?... כדי איהם פֿריהער צו טויטען?... דאָס איז מיר ווירקליך ניט איינגעפֿאַלען... אַה, בלויז דאָס איינציגע וואָרט, און איך פֿערשטעה אַלעס...

וואַנאַ. איך וועל איהם ניט טויטען, וואָרים דאַן וואָלט דאָך די שטאָדט געשטורמט געוואָרען...

גידאָ. וואָס?... דו?... יאָ דו ליעבסט איהם, הייסט עס? דו ליעבסט איהם... פֿון ווען אָן האָסט דו איהם ליעב?...

וואַנאַ. איך קען איהם ניט און איך האָב איהם קיינמאָל ניט געזעהן...

גידאָ. דאָך ווייסט דו, ווי ער זעהט אויס?... זיי האָבען אַודאי גערעדט פֿון איהם... זיי האָבען דיר געזאָגט, אַז ער איז...

וואַנאַ. אימיצער האָט מיר נאָר וואָס געזאָגט, אַז ער איז אַן אַלטער מאַן; ווייטער ווייס איך גאָרנישט...

גידאָ. ער איז ניט קיין אַלטער מאַן!... יונג איז ער, שעהן... אַסך יונגער פֿון מיר... אָבער פֿאַרוואָס האָט ער ניט פֿערלאַנגט עפּעס אַנדערש?... איך וואָלט געגאַנגען צו איהם מיט צונויפֿגעלייגטע הענד, יאָ, אויף די קניע, כדי די שטאָדט צו רעטען... אין גלות וואָלט איך געגאַנגען, אַליין און אָרעם מיט איהר; ביז עק וועלט וואָלט איך געוואַנדערט און אויף די גאַסען אַ שטיקעל ברויט געבעטעלט... נאָר אָט דער עקעלהאַפֿטער טרוים פֿון אַ באַרבאַר!... קיינמאָל, אין קיין צייט, אין קיין לאַנד, וואָלט דער זיעגער ניט געהאַט די העזה... (געהט צו צו וואַנאַ'ן און נעהמט זי אַרום.) אָה, וואַנאַ! מיין וואַנאַ!... איך קען עס ניט גלויבען... ניט דו האָסט עס נאָר וואָס גערעדט. איך האָב גאָרנישט געהערט און אַלעס איז ווידער גוט... דאָס האָט מיין פֿאָטער'ס שטימע

קיין זאַך האָבען זיי ניט געקענט בעשמוצען, קיין האָר פֿון דעם אַלעם, וואָס איך האָב געליעבט, און אַלע זייערע ווערטער זיינען אַרונטערגעפֿאַלען ווי שטיינער, וועלכע מען וואַרפֿט אין הימעל, ניט ענדערענדיג דערמיט קיין איין האָר און קיין איין רגע אפילו די קלאָהרע בלויקייט זיינע!... אַז זיי האָבען אָט די אויגען דערזעהן, האָבען זיי גאָרנישט פֿערלאַנגט, דאָס בין איך זיכער... זיי האָבען קיין שום ענטפֿער ניט געפֿאָדערט; די קלאָהרקייט פֿון די דאָזיגע אויגען האָט געגעבען דעם ענטפֿער און האָט אויסגעגאָסען אַ ים פֿון ליכט און ליעבע צווישען זייערע און דיינע געדאַנקען, אַ ים פֿון ליכט און ליעבע, וואָס קיינער קען ניב אַריבערגעהן... גאָר זעה, קום צו נעהענטער... דאָ איז אַ מאַן, וועלכער רופֿט זיך מיין פֿאָטער... זעה, ער לאָזט אַראָב דעם קאָפּ, זיינע ווייסע האָר בעדעקען זיין פנים... דו מוזט איהם מוחל זיין, ער איז אַלט און פֿערפֿיהרט... דו מוזט רחמנות האָבען און זיך צווינגען איהם מוחל צו זיין; דיין בליק אַליין איז ניט גענוג פֿאַר איהם, אַזוי וויט איז ער פֿון אונז... ער קען אונז שוין מעהר ניט, אונזער ליעבע איז אַריבערגעלאָפֿען איבער זיינע טרויעריגע אַלטע יאָהרען ווי אַן אַפּריל-רעגען איבער אַ הוילען, גלאַטען פֿעלז... ער האָט קיין איין שטראַהל איהרען ניט אויפֿגעכאַפּט, קיין איינעם פֿון אונזערע קושען קיינמאָל ניט געהערט... ער מיינט, אַז מיר האָבען זיך געליעבט ווי די, וועלכע ליעבען זיך ניט... ער מוז הערען ווערטער, כדי עס צו פֿערשטעהן. ער מוז האָבען אַן ענטפֿער... געה, גיב איהם דיין ענטפֿער...

וואַנאַ (צוגעהענדיג צו מאַרקאָ'ן). פֿאָטער, איך וועל היינט אָבענד געהן...

מאַרקאָ (טהוט איהר אַ קוש אויף'ן שטערן). כ'האָב עס געוואוסט, מיין טאָכטער...

גידאָ. וואָס?... וואָס האָסט דו געזאָגט?... רעדסט דו פֿאַר איהם אָדער פֿאַר מיר?

וואַנאַ. פֿאַר דיר אויך, גידאָ. איך וועל היינט אָבענד פֿאָלגען...

האָסט ניט געזעהן, און וועלכע לאָזט מיך ניט צווייפלען אין איהר ענטפער...

גידאָ. דו צווייפעלסט ניט אין דעם, איך נאָך וויינינגער. איהר ענטפער: דאָ נעהם איך איהם אָן פֿאָראויס, בלינדערהייט, אָט ווי ער וועט זיין. אויב ער איז ניט דערזעלבער ווי מיינער, דאַן האָבען מיר זיך גענאַרט איינס אָן אַנדערן, פֿון דער ערשטער שעה ביז צו דעם דאָזיגען לעצטען טאָג. דאַן איז אונזער גאַנצע ליעבע געוועזן ניט מעהר ווי אַ גרויסער ליגען, וואָס צופאַלט אין שטויב, און אַלעס, וואָס איך האָב בעוואונדערט אין איהר, איז אין ערגעץ ניט געוועזן, נאָר דאָ אין דעם דאָזיגען אָרעמען, לייכט־זיניגען קאָפּ, און דאָ אין אָט דעם אָרעמען האַרצען, וואָס האָט געקענט בלויז איין גליק און געליעבט אַ פּוסטען חלום!...

# דריטע סצענע.

## דיזעלבע, וואַנאַ.

(אויף דרויסען הויבט זיך אויף אַן אונגדייטליכע מורמלעריי, אין וועלכער דער נאָמען „מאָנאַ וואַנאַ" הערט זיך וואָס וויטער אַלץ העכער. די טהיר אין הינטער-גרונד עפענט זיך אויף און וואַנאַ געהט אַריין אַליין און בלייך אין זאַאַל, בעת וועז מענער און פרויען, וועלכע סמייען ניט אַריינצוגעהן, שפאַרען זיך אויף'ן שוועל און סטאַרען זיך צו בעהאַלטען הינטער דער טהיר.)

גידאָ (לויפט צו צו וואַנאַ'ן, אַזוי גיך ווי ער דערזעהט זי נור, כאַפּט איהר אָן פֿאַר די הענד, גלעט איהר געזיכט און אומאַרמט זי מיט אַ פיעבערהאַפטער ליידענשאַפט). מיין וואַנאַ!... וואָס האָבען זיי גע־טהאָן?... ניין, ניין, ווידערהאָל עס ניט, דאָס וואָס זיי האָבען געזאָגט!... לאָז מיך בלויז אַ קוק טהאָן אויף דיין געזיכט, אַ בליק טהאָן אין דיינע אויגען... אַך! אַלצדינג איז געבליבען לויטער און ריין, ווי אַ וואַסער, אין וועלכען מלאכים באָדען זיך...

נו יאָ, זיי זיינען פֿעסט און איידעל, זיי צווינגען זי ניט צו געהן אַהין... נו, פֿערשטעהט זיך, זיי ווילען עס ניט וואַגען, אַזוי לאַנג איך בין דאָ... אַלץ וואָס זיי ווילען איז איהר צושטימונג. — און מיין צושטימונג, ווער פֿרעגט נאָך איהר?...

מאַרקאָ. האָב איך עס דען ניט געטהאָן, מיין זוהן? — אַז איך וועל גאָרנישט אויספֿיהרען, וועלען זיי אליין קומען...

גידאָ. זאָלען זיי נור קומען! נו, וואַנאַ האָט שוין פֿאַר אונז ביידע געענטפֿערט...

מאַרקאָ. איך האָף אַזוי, אויב דו ווערסט נור גוטהייסען איהר ענטפֿער...

גידאָ. איהר ענטפֿער!... וואָס זשע, דו צווייפֿעלסט אין דעם, דו, וואָס דו קענסט זי! דו, וואָס דו האָסט זי טאָג פֿאַר טאָג געזעהן, פֿון יענער שעה אָן, ווען זי איז געקומען אַהער אין איהר פֿולער בליהונג, בעשטראַהלט פֿון גליק איבער איהר איינ־ציגער ליעבע; פֿון יענער שעה אָן, ווען זי האָט אַריבערגעטראָטען דעם שוועל פֿון דעם דאָזיגען זאַאַל, וואו דו ווילסט זי פֿערקויפֿען און וואו דו דערוועגסט זיך צו צווייפֿלען אין דעם איינציגען ענט־פֿער, וואָס אַ פֿרוי קען געבען דעם פֿאָטער, וועלכער פֿערגעסט זיך אזוי ווייט צו וועלען זיין קינד...

מאַרקאָ. מיין זוהן, יעדער איינער זעהט אין אַן אַנדער וועזען דאָס, וואָס ער זעהט אין זיך אַליין, און יעדער קען עס אויף אַן אַנדער שטייגער און ביז דער הויכקייט פֿון זיין אייגענעם בעוואוסטזיין...

גידאָ. נו יאָ, און מחמת דעם טאַקע האָב איך דיך, ווייזט אויס, אַזוי שלעכט געקענט... נאָר אויב מיינע אויגען זאָלען זיך נאָך אַ מאָל אַזוי עפֿענען, כדי צו דערקענען נאָך אַ צווייטען גרויי־זאַמען טעות, גאָט מיינער, זאָלען זיי זיך בעסער צומאַכען אויף אייביג!...

מאַרקאָ. זיי וועלען זיך נור עפֿענען, כדי קלאָהרער צו זעהן, מיין זוהן... און אויב איך רייד אַזוי, איז דאָס דערפֿאַר, ווייל איך האָב אין איהר, אין וואַנאַ'ן דערזעהן אַ ק־אַפּט, וואָס דו

פֿאַלגען; דערוווייל בין איך קאָמאַנדיר! ווען עס זאָל גאָר האַלטען שלעכט, בלייבען מיר יעדענפֿאַלס מיינע דריי הונדערט רייטער, און די וועלען נור מיך הערען און ניט דעם ראַטה פֿון פֿייגהייט...

מאַרקאָ. מיין זוהן, דו האָסט אַ טעות. דער שטאַאַט־ראַטה פֿון פיזאַ, אָט די קרעמער, וועלכע דו פֿערהאַסט און שענדעסט, נאָך איידער דו ווייסט, וואָס זיי וועלען ענטשיידען, זיי האָבען אין דער ביטערסטער מינוט פֿון נויטה אדרבה געוויזען אַביישפיעל פֿון איידעלקייט און פֿעסטקייט. זיי האָבען ניט געוואָלט קויפֿען זייער רעטונג מיט דער טרייהייט און ליעבע פֿון אַ פֿרוי, און אין דער רגע, וואָס איך האָב זיי פֿערלאָזען, האָבען זיי געשיקט זאָגען וואַנאַ'ן, אַז זיי גיבען איבער דעם גורל פֿון דער שטאָדט צו איהר אין די הענד.

גידאָ. וואָס!... זיי האָבען עס געסמייעט צו טהאָן, דאָרט וואו איך בין ניט געווען דערביי? זיי האָבען געוואַגט צו ווידער־האָלען פֿאַר איהר די אונפֿערשעהמטע ווערטער פֿון דעם ראָזיגען ווילדען טייוועל?... מיין וואַנאַ!... ווען איך דערמאָן זיך נור אָן איהר צאַרטען פנים, וואָס איין בליק איז גענוג איהם רויט צו מאַכען, אָן דער שעהמעדיגקייט, וואָס שפיעלט זיך דערויף אָב און וואָס גיט צו אַ פֿרישען גלאַנץ צו איהר שעהנקייט!... מיין וואַנאַ פֿאַר אייך אַלטע לייט מיט די פֿונקעלענדע אויגען, פֿאַר אייך קליינע, בלאַסע קרעמער מיט דעם פֿאַלשען שמייכעלע; פֿאַר די, וועלכע זיינען אימער געשטאַנען פֿאַר איהר אַזוי ווי פֿאַר אַ הייליגע!... זיי האָבען עס איהר אַלזאָ געזאָגט: געה אַהין, אַליין און נאַקעט, ווי ער פֿערלאַנגט... געה און גיב איהם אָב אָט דעם קערפער, וואָס קיין מענש האָט אין דער מחשבה אפילו ניט אָנגעריהרט, אַזוי אונשולדיג, אַזוי יונגפֿרוילִיך האָט ער אויסגעזעהן ביי אַלעמען אין די אויגען; אָט דעם קערפער, וואָס איך, איהר מאַן, האָב נור ציטערענדיג אָבגעדעקט, און מיינע הענד געבעטען, און מיינע אויגען בעשוואָרען צו בלייבען ריין און צניעות'דיג, כדי איהם ניט צו בעפֿלעקען מיט אַ ניט-ערלויבטען שווידער... און אין דער צייט וואָס איך רייד דאָ, זיצען זיי דאָרט און זאָגען דאָס...

שמוציגען שר, וועלכער שלעפט אונז היינט אַראָב אין אָט דעם עקעלהאַפּטען זומפּ...

מ אַ ר ק אָ. דאָס וואָס דו האָסט געזאָגט איז אמת, מיין זוהן, דו האָסט מיך ווינציג וואָס געקענט, און דאָס איז מיין אייגענע שולד. אַז די אַלטע יאָהרען זיינען אָנגעקומען, האָב איך דיר גאָר־נישט געזאָגט וועגען דעם, וואָס זיי האָבען מיר טאָג-טעגליך גע־לערענט מכח לעבען און ליעבע, מכח דאָס גליק און די ליידען פון די מענשען... מען לעבט אָפּט אָב אַ לאַנגע צייט אינאיינעם מיט די, וועמען מען ליעבט, און מען פערשווייגט פונדעסטוועגען דאָס, וואָס איז אַזוי נייטיג אַרויסצוזאָגען... מען געהט, געטריבען פון דער פערגאַנגענהייט; מען מיינט, אַז אַלעס געהט אינ־איינעם. און אַז עס קומט עפּעס אַן אונגליק און מען כאַפּט זיך פּלוצלינג אויף, דאַן דערזעהט מען מיט ערשטוינונג, ווי ווייט מען שטעהט איינער פון אַנדערן... ווען איך וואָלט דיר בעסער דער־צעהלט, וואָס עס האָט זיך געענדערט ביי מיר אין האַרצען; ווען איך וואָלט מיט דיר גערעדט וועגען די אַלע פוסטע פאַנטאַזיעס, וועלכע זיינען פערשוואונדען איינע נאָך די אַנדערע, וועגען די אַלע ווירקליכקייטען, וועלכע האָבען פערנומען זייער פלאַץ, — דאַן וואָלט איך אַצונד ניט געשטאַנען פאַר דיר ווי אַן אָרעמער אונבעקאַנטער, וועמען דו הויבסט אָן צו האַסען...

ג י ד אָ. איך בין גליקליך, וואָס איך האָב דיך אַזוי שפּעט דערקענט... און וועגען אַלעס אַנדערע שטעהט די זאַך פאַר מיר גאַנץ קלאָהר. איך וויים פאָראויס, וואָס דער שטאַאַט-ראַטה וועט אויסקלייבען. ס'איז דאָך ווירקליך אַזוי לייכט אויף אַזאַ'ן אופן זיך צו ראַטעווען אויף די קאָסטען פון אַן איינציגען מענשען; ס'איז אַ נסיון, וועלכען אַסך איידעלערע הערצער, ווי אָט די געלד־גיעריגע קרעמער, וואָלטען ניט געקענט ביישטעהן. — אָבער דאָס בין איך זיי ניט שולדיג. דאָס בין איך קיינעם ניט שולדיג. איך האָב זיי געאָפּפּערט מיין בלוט און מיינע נעכט, די אַלע פּלאַגען און יסורים פון דער דאָזיגער בעלאַגערונג, דאָס איז גענוג און דאָס איז אַלעס. דאָס איבעריגע איז מיינס, איך וועל קיינעם ניט

פאָטער. איהר וועט איהם אָבהיטען, ביז ער וועט צוריקקומען צו זיין בעוואוסטזיין. קיין זאַך איז ניט געשעהן... קיינער זאָל דערפון ניט וויסען... פאָטער, איך פערגיב דיר. דו וועסט מיר פערגעבען, ווען די לעצטע שעה וועט אין דיר דערוועקען דעם אָנדיינקען אָן יענע טעג, אין וועלכע דו האָסט מיר געלערענט צו זיין אַ מאַן אָהן מורא און אָהן שוואַכקייט...

מאַרקאָ. מיין זוהן, איך פערגיב דיר אויך פאַר דער לעצ־טער שעה. איך וואָלט געהאַנדעלט פונקט ווי דו... דו קענסט מיך האַלטען געפאַנגען, נאָר מיין סוד בלייבט פריי; ס'איז שוין צו שפעט צו דערשטיקען מיין שטימע...

גידאָ. וואָס הייסט דאָס אַזוינס? וואָס מיינסט דו דערמיט צו זאָגען?

מאַרקאָ. אַז אין דעם זעלבען מאָמענט, ווען מיר ערגערן זיך דאָ, ויצט שוין דער שטאַאַט-ראַטה און בעקלעהרט פרינצי־וואַלי'ס פאָרשלאַג.

גידאָ. דער שטאַאַט-ראַטה?... פון וואַנען ווייסט ער דאָס?...

מאַרקאָ. פון מיר; איך האָב עס איהם מיטגעטהיילט, איידער איך בין אַריין אַהער.

גידאָ. דו! ניין, ס'איז ניט מעגליך, אַז די מורא פאַר'ן טויט און די אַלטע יאָהרען דיינע זאָלען דיר האָבען אַזוי פער־פיהרט, איבערצוגעבען מיין איינציג גליק, מיין גאַנצע ליעבע, די גאַנצע לוסט און ריינקייט פון אונזער פערהייראַטען לעבען אין פרעמדע הענד, אין די הענד פון איינפאַכע קרעמער, וועלכע ווע־לען אַלעס קאַלטבליטיג וועגען און מעסטען, אַקוראַט ווי זיי וועגען זאַלץ און מעסטען עהל ביי זיך אין די קראָמען!... ניין, איך גלויב עס נאָך ניט... איך וואָלט עס נור דאַן געגלויבט, ווען איך זעה עס... און ווען איך זעה עס, וואָלט איך דיך אָנגעקוקט, מיין אָרעמער, אַלטער פאָטער, וועמען איך האָב געליעבט, וועמען איך האָב געמיינט, אַז איך קען, אין וועמעס וועג איך האָב געהאָפט צו געהן, — איך וואָלט דיך אָנגעקוקט מיט אַ גרעסערער איבער־ראַשונג און מיט דעם זעלבען עקעל, אַזוי ווי יענעם געמיינעם,

האָבען מיך געלערענט, אַז עס איז קיינמאָל און פֿאַר קיין פֿאַל ניט ערלויבט אויף אַזאַ'ן אופן צו בעגראָבען איין איינציג מענשען־לעבען. איך האָב אפשר טאַקע ניט דעם מוטה, וואָס נור ער אַליין שטעהט אַזוי הויך ביי דיר אין די אויגען, נאָר דערפֿאַר בלייבט מיר נאָך איבער אַן אַנדערער, וועלכער איז פֿילייכט ניט אַזוי גלענצענד און ווערט פֿון די מענשען ניט אַזוי געלויבט, מחמת ער פֿערשאַפֿט ווייניגער אונגליק; וואָרים די מענשען פֿערעהרען דאָס, וואָס ברייגנט זיי שמערצען... אָט דער מוטה וועט מיר געבען די מעגליכקייט צו ערפֿילען דאָס, וואָס בלייבט מיר נאָך איבער פֿון מיין פֿליכט.

גידאָ. און וואָס איז דאָס אַזוינס, וואָס בלייבט דיר נאָך איבער?

מאַרקאָ. איך וויל ענדיגען דאָס, וואָס איך האָב דאָ אומ־זיסט אָנגעפֿאַנגען. דו ביסט בלויז געוועזען דער ערשטער ריכטער, אָבער ניט דער איינציגער, און די אַלע, איבער וועמעס לעבען אָדער טויט אָט די שטונדע דאַרף ענטשיידען, האָבען אַ רעכט צו וויסען זייער גורל, און פֿון וואָס עס הייננט אָב זייער ערלייזונג...

גידאָ. איך פֿערשטעה דיך ניט. ווייניגסטענס האָף איך, אַז איך פֿערשטעה דיך נאָך ניט... דו האָסט געזאָגט?...

מאַרקאָ. איך האָב געזאָגט, אַז אַרויסגעהענדיג פֿון דעם דאָזיגען זאַאַל וועל איך מיטטהיילען דעם פֿאָלק, וואָס פרינציוואַלי באָט דיר אָן און וואָס דו פֿערוואַרפֿסט...

גידאָ. זעהר גוט, דאָס מאָל האָב איך עס פֿערשטאַנען. עס טהוט מיר לייד, וואָס פוסטע ווערטער האָבען אונז אַזוי ווייט געבראַכט, און איך בעדויער אויך, וואָס דיין פֿאַלשער וועג צווינגט מיך אָבצוטרעטען פֿון דעם כבוד און רעספעקט, וואָס איך בין דיר שולדיג אַלס אַלטער מאַן... נאָר דאָך האָט דער זוהן די פֿליכט צו בעשיצען דעם פֿאָטער געגען זיך אַליין, ווען ער געהט אַראָב פֿון גלייכען וועג. — אַחוץ דעם, אַזוי לאַנג ווי פיזאַ שטעהט, בין איך איהר בעל הבית און דער וועכטער פֿון איהר עהרע. באָרסאָ און טאָרעלאָ, צו אייך אין די הענד גיב איך איבער מיין

מאַרקאָ. זיי האָבען קיין שום מאַכט ניט איבער מיר, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען אַנדערע; און אויב די אָרעמע אויפּאָפּפערונג פון מיין וואָרט קען דיר לייכטער מאַכען דאָס האַרץ, בין איך גרייט, דאָס דאָזיגע וואָרט ניט צו האַלטען, און וואָס דו זאָלסט ניט בעשליסען, איך וועל ניט צוריקגעהן אהין...

גידאָ. גענוג, מיין פאָטער. — אַניט קענען זיך נאָך ביז מיר אַרויסרייסען אַזעלכע ווערטער, וועלכע אַ זוהן דאַרף ניט זאָגען דעם פאָטער, זאָגאַר ווען ער געהט אַרויף אויף אַ פאַלשען וועג...

מאַרקאָ. מיין זוהן, זאָג מיר אַלע ווערטער, וועלכע דער צאָרן וועקט נור אויף אין דיין האַרצען. איך נעהם זיי אָן אַלס עדות פון גערעכטע שמערצען... מיין ליעבע צו דיר היינגט ניט אָב פון ווערטער, וועלכע דו קענסט מיר זאָגען... אָבער אין דער צייט וואָס דו פערפלוכסט מיך, לאָז די פערנונפט און דאָס איידעלע מיטגעפיהל פערנעהמען דעם פלאַץ פון די קללות, וועלכע רייסען זיך אַרויס פון דיין ברוסט...

גידאָ. זאָל זיין גענוג. איך וויל מעהר גאָרנישט הערען. דיינק נאָך און מאַך זיך קלאַהר, וואָס דו פערלאַנגסט פון מיר. דאָס ביסט דו דאָס, וועמען עס פעהלט איצט פערנונפט, הויכע און איידעלע פערנונפט, און די מורא פאַר'ן טויט פערדונקעלט דיין קלאָהרען פערשטאַנד. איך קוק מיט וויינינער מורא דעם טויט אין די אויגען; און איך האַלט זיך פעסט אָן דיין לעהרע, אָן דעם מוטה, וואָס דו האָסט מיר איינגעפלייסט, איידער די יאָהרען און די פוסטע ביכער האָבען דיין מוטה אַזוי געבראָכען. מיר זיינען אַליין דאָ אין זאַאַל. קיינער האָט דיין שוואַכקייט ניט געזעהן, און מיינעביידע אַדיוטאַנטען וועלען מיט מיר אינאיינעם האַלטען אַ סוד, וואָס מיר וועלען, אַך! סיי ווי סיי ניט דאַרפען האַלטען לאַנג. זאָל דאָס בלייבען בעגראָבען ביי אונז אין האַרצען און לאָמיר אַצונד ריידען מכח דעם לעצטען קאַמפף...

מאַרקאָ. ניין, מיין זוהן, דאָס לאָזט זיך ניט בעגראָבען; וואָרים די יאָהרען און די ביכער, וועלכע דו רופסט אָן פוסט,

דעם... דו ווילסט אין אַ מורא'דיגען נסיון בלייבען ריין און איהם ביישטעהן ווי אַ העלד, אָבער דו מיינסט מיט אונרעכט, אַז דער טויט איז דער איינציגער און דער העכסטער אויסדרוק פון העל־דענמוטה. די העלדענמוטהיגסטע טהאַט איז די שווערסטע, און דער טויט איז אָפטמאָל אַסך לייכטער איידער דאָס לעבען...

גידאָ. ביסט דו מיין פאָטער?...

מאַרקאָ. יאָ, און איך בין שטאָלץ דערויף... ווען איך שטעה דאָ און קעמף געגען דיר, בעקעמף איך אויך זיך אַליין; און וואָלסט דו צו שנעל נאָכגעגעבען, וואָלט איך דיך ניט אַזוי ליעב געהאַט...

גידאָ. יאָ, דו ביסט מיין פאָטער, און דו האָסט עס בעוויזען, וואָרים אויך דו וועסט אויסקלייבען דעם טויט. איך וויל ניט וויסען פון דעם דאָזיגען עקעלהאַפטען אָבמאַך; דו וועסט צוריקגעהן אין פיינדליכען לאַגער און דאָרט אַריבערטראָגען דעם גורל, וואָס פלאָרענץ וועט פאַר דיר בעשטימען...

מאַרקאָ. מיין זוהן, עס האַנדעלט זיך ניט נור וועגען מיר, אַ גאַנץ איבעריגען אַלטען מאַן, וואָס האָט מעהר קיין שום רעכט ניט אויף דאָס לעבען און וועלכער ליגט קיינעם אין זינען ניט... און דערום זאָג איך מיר, אַז עס איז אַרויסגעוואָרפען די אַרבייט זיך צו ראַנגלען מיט זיך אַליין און בעקעמפען אין מיר גופא אַן אַלטע נאַרישקייט, כדי צו טהאָן דאָס, וואס וואָלט געוועזען קלוג... איך וויים ניט, פאַר־וואָס איך וויל געהן אַהין... מיין זעעלע איז געבליבען צו יונג אין מיין אַלטען קערפער, און איך געהער צו אַ צייט, ווען די פערנונפט האָט געהאַט ווינציג וואָס צו זאָגען... נאָר איך בעדויער, וואָס אַזוי פיעל כוחות פון די אַלטע, פערגאַנ־גענע טעג לאָזען מיך ניט ברעכען אַ נאַרישען צוזאָג...

גידאָ. איך פאָלג דיין ביישפיעל.

מאַרקאָ. וואָס מיינסט דו דערמיט?

גידאָ. אַז איך וועל האַנדלען אַזוי ווי דו, אַז איך וועל בלייבען טריי די קרעפטען פון דער פערגאַנגענהייט, וועלכע ווייזען דיר אויס צו זיין נאַריש, דאָך צום גליק בעהערשען זיי דיך נאָך...

פֿערנונפֿט צייט אָבצוּוואוועגען אונזער שמערץ און אונזערע פֿליכטען...

גידאָ. ביי אַזעלכע שענדליכע אָנבאָטען איז פֿאַרהאַן בלויז איין פֿליכט, און וואָס מעהר מען דיינקט נאָך דעריבער, אַלץ עקעלהאַפֿטער קומט די זאַך פֿאָר...

מאַרקאָ. און דאָך מוזט דו זיך פֿרעגען, צי דו האָסט דאָס רעכט איבערצוגעבען אַ גאַנץ פֿאָלק צום טויט, בלויז כדי אָבצוּלייגען אַן אונפֿערמיידליכע צרה אויף אַ פּאָר אָרעמע שטונדען שפּעטער. וואָרים אַז די שטאָדט וועט גענומען ווערן מיט שטורם, דאַן וועט דאָך וואַנאַ סיי ווי סיי אַריינפֿאַלען צו דעם זיעגער אין די הענד...

גידאָ. ניין... דאָס איז מיין זאַך...

מאַרקאָ. זעהר שעהן; אָבער טויזענדער מענשענלעבענס, זאָגט אַליין, איז דאָס ניט פֿיעל? איז דאָס ניט פֿילייכט צופֿיעל, איז דאָס גערעכט?... אַז דיין גליק אַליין וואָלט אָבגעהאַנגען דערפֿון, וואָלסט דו זיך אויסגעקליבען דעם טויט און איך וואָלט עס פֿערשטאַנען; כאָטש אַצונד, זיך געפֿינענדיג אויף דער גרענעץ פֿון אַ לעבען, אין וועלכען איך האָב געזעהן אַזוי פֿיעל מענשען, און מחמת דעם אויך אַזוי פֿיעל מענשליכע ליידען, אַצונד קום איך צום שלום, אַז עס איז גאָר ניט אַזאַ חכמה אויסצוקלייבען דעם טויט, דעם גרוויזאַמען, קאַלטען טויט מיט זיין אייביגען שטילשווייגען, ווי גרויס און ווי שווער עס זאָלען ניט זיין די יסורים פֿון'ם גוף און פֿון דער נשמה, וועלכע קענען איהם אָבהאַלטען... אָבער דאָ שטעהען פֿיעל טויזענדער מענשענלעבענס אין קאָן, קריעגסברידער, פֿרויען און קינדער... טהו וואָס אַ ווילדער פֿערברעכער פֿאָדערט פֿון דיר, און דאָס, וואָס דיר דוכט זיך אויס טייפֿליש, וועלען די קומענדע דורות האַלטען פֿאַר אַ העלדען־טהאַט. זיי וועלען דיין האַנדלונג אָבמעסטען מיט מילדערע אויגען, מיט מענשליכערע און גערעכטערע בליקען... גלויב מיר, קיין זאַך וועגט ניט אַריבער איין איינציג גערעטעט לעבען, און אַלע טוגענדען, אַלע אידעאַלען פֿון דער מענשהייט, אַלעס, וואָס הייסט עהרע, טרייקייט און עהנליכעס, איז ניט מעהר ווי אַ קינדער־שפּיעל אין פֿערגלייך מיט

מאַרקאָ. ער קען זי און האָט זי געזעהן, נאָר ווען און ווי, דאָס האָט ער ניט געוואָלט זאָגען...

גידאָ. אָבער זי, האָט זי איהם געזעהן?... וואו האָט ער זיך מיט איהר געטראָפען?...

מאַרקאָ. זי האָט איהם קיינמאָל ניט געזעהן, אָדער זי געדיינקט עס יעדענפאַלס ניט...

גידאָ. פון וואַנען ווייסט דו דאָס?...

מאַרקאָ. זי אַליין האָט עס מיר געזאָגט.

גידאָ. ווען?

מאַרקאָ. איידער איך בין אַריין אַהער אין זאַאַל...

גידאָ. און דו האָסט איהר געזאָגט...

מאַרקאָ. אַלצדינג.

גידאָ. אַלצדינג... וואָס?... דעם גאַנצען עקעלהאַפטען שאַכער־מאַכער?... און דו האָסט געסמייעט...

מאַרקאָ. יאָ.

גידאָ. און וואָס האָט זי געענטפערט?...

מאַרקאָ. געענטפערט האָט זי גאָרנישט דערויף. זי איז געוואָרען בלייך און איז אַוועק, ניט אויסריידענדיג קיין איין וואָרט.

גידאָ. יאָ, אַזוי איז מיר ליעבער!... זי וואָלט געקענט אַרויס פון די כלים, זי וואָלט געקענט אויפשפּרינגען, דיר אָנשפּייען אין פנים אָדער דיר פאַלען צו די פיס... נאָר אַזוי איז מיר ליעבער... בלייך ווערן און אַוועקגעהן!... אַזוי וואָלט אַ מלאך געטהאָן... אָן דעם דערקען איך וואַנאַ'ן. זי האָט גאָרנישט געהאַט וואָס צו זאָגען, און אויך מיר, מיר וועלען גאָרנישט זאָגען... מיר וועלען ווידער פערנעהמען אונזערע פּלעצער אויף די מויערן פון דער פעסטונג, און אויב ס'איז אונז בעשטימט צו שטאַרבען, וועלען מיר וויינִיגסטענס שטאַרבען ווי עהרען־מענער, ניט מאַכענדיג צו שאַנד אונזער מפלה...

מאַרקאָ. מיין זוהן, איך פערשטעה דיך, און אָט דער נסיון איז פאַר מיר כמעט אַזוי שרעקליך ווי פאַר דיר. נאָר די צרה איז דאָ, דער קלאַפּ איז געגעבען געוואָרען, לאָמיר לאָזען דער

טויט אַלס בעלוינונג פֿאַר מיין נאַרישער עהרליכקייט... און דאָך וועל איך געהן... אומזיסט זאָג איך מיר, ס'איז אַ שטיק דומהייט, וואָס איך וויקעל איין אין פורפור, כדי זיך אַליין אָבצונאַרען; דאָך וועל איך בעגעהן אַט די דומהייט, וועלכע איך טאַדעל אַליין, וואָרים איך האָב נאָך וויינינגער די קראַפֿט צו טהאָן, וואָס מיין שכל הייסט מיר... אַך יאָ, איך געה אַראָב פֿון וועג, איך רייד שעהנע ווערטער, כדי נאָך אַביסעלע צו פֿערציהען דעם מאָמענט פֿון דער ענטשיידונג... אָבער פֿיליכט איז דאָס גאָר אַן אונרעכט פֿון מיר, דיר אַזוי וויניג צו טרויען... נו, הער אויס, דער גרויסער צוג פֿון וועגען, וואָס איך האָב אַליין מיט מיינע אויגען געזעהן, די לעבענס-מיטלען, די וואַגאָנען פֿול מיט תבואה, וויין, פֿרוכטען און גרינוואַרג, די סטאַדעס שאָף און רינדער, געננג און איבער־גענוג צו שפייזען אַ גאַנץ פֿאָלק מאָנאַטען לאַנג; אָט די אַלע פֿעסער מיט פולווער און שטיקער בליי, גענוג צו בעזיעגען פֿלאָ־רענץ און שטעלען דערמיט פיזאַ צוריק אויף די פֿיס, — אָט דאָס אַלעס וועט היינט ביינאַכט צוגעשיקט ווערן אַהער אין שטאָדט, אויב דו וועסט אין אויסטויש שיקען פרינציוואַלי'ן אויף איין נאַכט — וואָרים מיט דעם ערשטען מאָרגען-שטראַהל שיקט ער זי אָב צוריק, — נאָר אַלס צייכען פֿון זיעג און אונטערוואָרפֿענקייט פֿאָדערט ער, אַז זי אַליין זאָל קומען און איינגעהילט בלויז אין איהר מאַנטעל...

גידאָ. ווער? ווער זאָל קומען?...

מאַרקאָ. דזשיאָוואַנאַ...

גידאָ. ווער?... מיין ווייב?... וואַנאַ?...

מאַרקאָ. יאָ, דיין דזשיאָוואַנאַ... ענדליך האָב איך עס אַרויסגעזאָגט...

גידאָ. אָבער פֿאַרוואָס גראָד מיין וואַנאַ, אויב ער האָט אַזעלכע תאוות?... עס זיינען דאָך פֿאַרהאַן טויזענד אַנדערע פֿרויען...

מאַרקאָ. ווייל זי איז די שעהנסטע און ער האָט זי ליעב...

גידאָ. ער האָט זי ליעב?... וואו האָט ער זי געזעהן?... ער קען זי דאָך גאָר ניט...

מאַרקאָ. דאָס איז דער מאָמענט, מיין זוהן, ווען די ווערטער ווערן גרויזאַם און אַלמעכטיג... דאָס איז דער מאָמענט, מיין זוהן, ווען צוויי, דריי ווערטער מיט אַמאָל באָרגען ביים שיקזאַל זיין קראַפט און קלייבען זיך אויס זייערע אָפּפער... מיך שווינדערט ביי דעם געדאַנק, אַז דער קלאַנג פון מיין שטימע, די אַרט און ווייזע ווי איך וועל אַרויסזאָגען דאָס, וואָס דאַרף געזאָגט ווערן, קען אומבריינגען אָדער ראַטעווען טויזענדער מענשען-לעבענס...

גידאָ. כ׳הויב ניט אָן פערשטעהן... אין אַזאַ אַנגסט און נויט ווי די, אין וועלכע מיר געפינען זיך, קענען, דאַכט זיך, די גרויזאַמסטע ווערטער ניט פערגרעסערן דאָס ווירקליכע אונגליק...

מאַרקאָ. איך האָב דיר געזאָגט, אַז פרינציפּיעל איז מיר פאָרגעקומען קלוג און מענשליך... נאָר וואו איז דער חכם, וואָס האָט ניט זיין שגעון? וואו איז דער גוטער, טוגענדהאַפטער מענש, וואָס איז קיינמאָל ניט געקומען אויף שרעקליכע געדאַנקען?... אויף דער רעכטער זייט שטעהט די פערנונפט, דאָס מיטלייד, די גערעכטיגקייט, אויף דער לינקער זייט עפּעס אַנדערש: די תאוה, די ליידענשאַפט, וואָס ווייס איך, דער שגעון, אין וועלכען מיר האַלטען אין איין אַריינפאַלען... איך אַליין בין שוין איינמאָל אַריינגעפאַלען, דו וועסט אפשר נאָך אַריינפאַלען, און אַזוי קען עס נאָך אַמאָל טרעפען מיט מיר אויך... וואָרים אַזוי איז שוין דער מענש... אַ שמערץ, וואָס דאַרף אייגענטליך ניט זיין קיין מענשען׳ס שמערץ, איז גרייט דיך דורכצונעהמען... און איך, וואָס איך זעה אַזוי דייטליך, אַז ער איז גאָרנישט אין פערגלייך מיט דער צרה, וועלכע רופט איהם אַרויס, איך האָב געגעבען אַ וואָרט, וואָס איז נאָך אַסך נאַרישער איידער אָט דער שמערץ, וועלכער וועט זיין נאַריש... און אָט דעם נאַרישען צוזאָג וועט דער קלוגער, וואָס איך וואָלט געוואָלט זיין, און וועלכער האָט צו דיר גערעדט אין נאָמען פון דער פערנונפט, אויף אַ נאַרישען אופן האַלטען... איך האָב צוגעזאָגט, אין פאַל דו וועסט פערוואַרפען דעם פאָרשלאַג, זיך אומקעהרען צוריק אין פיינדליכען לאַגער... וואָס שטעהט מיר דאָרט פאָר?... וואַהרשיינליך פייניגונג און

אַ טהייל פֿון די זעלנער, וועלכע ער האָט אַליין געדונגען. על כל פנים איז ער זיכער מיט אַ וואַך פֿון הונדערט מאַן, וועלכע זיינען איהם טריי און איבערגעבען, און אויף זיי קען ער זיך פֿאָל-שטענדיג פֿערלאָזען. ער לייגט דיר אַלזאָ פֿאָר, אַריינצוקומען אין פיזאַ מיט די אַלע, וועלכע וועלען נור וועלען מיטגעהן מיט איהם, און אונז העלפֿען געגען דער אַרמעע, וועלכע ער פֿערלאָזט...

גידאָ. אין מענשען נייטיגען מיר זיך ניט, און אַזעלכע געפֿעהרליכע הילפֿס-טרופען דאַרפֿען מיר ניט האָבען. זאָל ער אונז געבען קוילען, פולווער און לעבענס-מיטלען.

מאַרקאָ. נו פֿערשטעהט זיך! ער האָט פֿאָראויסגעזעהן, אַז דו וועסט ניט וועלען אָננעהמען אַזאַ אָנבאָט, וואָס קוקט אויס פֿון אויבען אויף פֿערדעכטיגט. ער לייגט דיר אַלזאָ פֿאָר, אַריינצושיקען אַהער אין שטאָדט אַ צוג פֿון דריי הונדערט וועגען מיט געוועהר און לעבענס-מיטלען, וואָס איז נאָר וואָס אָנגעקומען צו איהם אין לאַגער.

גידאָ. ווי אַזוי וויל ער דאָס מאַכען?

מאַרקאָ. דאָס וויים איך ניט. — אויף פּאָליטיק און קריעגס-קונסט פֿערשטעה איך זיך גאָרנישט. — אָבער ער טהוט וואָס ער וויל. ניט קוקענדיג אויף די קאָמיסאַרען פֿון פֿלאָרענץ איז ער דערווייל אַליין בעל הבית ביי זיך אין לאַגער, כל זמן דער שטאַאַט-ראַטה רופֿט איהם ניט אָב. און ער וועט זיך ניט דערוועגען איהם אָבצורופֿען אין דעם טאָג פֿאַר אַ זיעג און אָן דער שפיצע פֿון אַן אַרמעע, וועלכע האָט דעם פֿולען צוטרוי צו איהם, וואַרטענדיג אויף איהר רויב. פֿלאָרענץ מוז אַלזאָ אָבוואַרטען די גינסטיגע שטונדע...

גידאָ. ס'קען זיין; איך פֿערשטעה, אַז ער קען אונז רעטען, כדי זיך אַליין צו רעטען און נעהמען נקמה פֿון זיינע פֿיינד. אָבער ער וואָלט דאָך דאָס געקענט טהאָן אויף אַ גלענצענדערן אופן. וואָס וועט איהם אַרויסקומען דערפֿון, וואָס ער וועט נאָך פֿער-גרעסערן די צאָהל פֿון זיינע שונאים? וואו ויעט ער זיך אַהינטהאָן און וואָס וועט פֿון איהם ווערן? וואָס פֿערלאַנגט ער אין אויסטויש?...

אונטערצוגעבען. די שטאָדט וועט גענומען ווערן מיט שטורם. מען וועט אָבלאָזען אויף אונז די שפּאַנישע און דייטשע געדונגענע זעלנער; און ס'איז ניט נייטיג אָט די באַנדעס אַרויסצוגעבען בע־זונדערע בעפעהלען, דאָרט וואו עס געהט אין געוואַלט־טהאַטען, רויב, בראַנד און מאָרד... ס'איז גענוג זיי אָבצולאָזען פון צוים, און זייערע פיהרער וועלען זיך שוין יענעם טאָג געבען די מיה צו זיין הילפלאָז, צו פערלירען יעדען קאָנטראָל איבער זייערע לייט... אָט דאָס איז דאָס שיקזאַל, וואָס מען האָט פאַר אונז אויסגעקליבען; און די שטאָדט פון די רויטע ליליען, זועהענדיג, אַז דער חורבן איז נאָך גרעסער און גרויזאַמער ווי זי האָט עס געוואַגט צו האָפען, וועט זיין די ערשטע עס צו בעדויערן. זי וועט אַרויפוואַרפען די גאַנצע שולד אויף די פרעמדע געדונגענע זעלנער און אויף זייער אומגעריכטער ווילדקייט, און מיט אַ מיענע פון עקעל וועט זי זיי געבען דעם וועג, נאָכדעם ווי זי וועט זיך מעהר ניט נייטיגען אין זייער הילף...

גידאָ. יאָ, דאָס איז פלאָרענץ!

מאַרקאָ. דאָס זיינען די געהיימע בעפעהלען, וואָס פרינ־ציוואַלי האָט געקראָגען פון די קאָמיסאַרען פון דער רעפובליק. שוין אַ וואָך צייט, אַז זיי טרייבען איהם כסדר אָן אַרויסצוגעבען דעם בעפעהל צום לעצטען שטורם. ביז איצט האָט ער זיי אָבגעצויגען מיט אַלערליי תירוצים. וואָרים אַחוץ אַלעמען האָט ער איבערגענומען בריעף פון די קאָמיסאַרען, אין וועלכע ער ווערט פערדעכטיגט און אָנגעקלאָגט פאַר'ן שטאַאַט־ראַטה אַלס פער־רעטהער. אַז פיזאַ וועט זיין צושטערט און דער קריעג געענדיגט, דאַן וואַרט אויף איהם אין פלאָרענץ אַ געריכט, און פייניגונגען און טויט, ווי עס האָט שוין געטראָפען מעהר ווי איין געפעהר־ליכען גענעראַל פון דעם סאָרט. ער ווייסט אַלזאָ, וואָס איהם שטעהט פאָר...

גידאָ. זעהר שעהן, און וואָס לייגט ער פאָר?

מאַרקאָ. ער איז ערב, — אַזוי ווייט ווי מען קען ערב זיין פאַר די שטימונג פון אָט די ווילדע, — ער איז ערב פאַר

קוקט אַריין צו זיך אַליין אין האַרצען; ער איז געוויסענהאַפֿט און אויפֿריכטיג, און נור געגען זיין ווילען דיענט ער אַ פֿעררעטהער־רישען שטאַאַט. די לעבענס-צופֿעלע און אפשר אויך דאָס שיקזאַל האָבען איהם געמאַכט פֿאַר אַ זעלנער און בינדען איהם נאָך איצט צו צו אַ כבוד און גדולה, וואָס ער פֿערהאַסט און וואָס ער וועט אויך אַוועקוואַרפֿען, אַזוי גיך ווי ער וועט בעפֿריעדיגען איין וואונש; אַ פֿינסטערן פֿערלאַנג, וואָס פֿייניגט יענע מענשען, וועלכע זעהען אויס, ווי זיי וואָלטען געבוירען געוואָרען אונטער דעם געפֿעהרליכען שטערן פֿון אַ גרויסער, איינציגער ליעבע, וואָס קען ניט ערפֿילט ווערן...

גידאָ. פֿאָטער, פֿאָטער, דו פֿערגעסט זיך גאָר, אַז די, וואָס שטאַרבען פֿאַר הונגער, קענען קיין מינוט ניט וואַרטען. וואָס געהען אונז אָן די אַלע איינענשאַפֿטען פֿון דעם דאָזיגען מאַן? דו רייד בעסער פֿון דער ערלייזונג, גיב אונז ענדליך יענעם וואָרט, וואָס דו האָסט צוגעזאָגט.

מאַרקאָ. ס'איז אמת, איך פֿערציה עס פֿילייכט ווירקליך צו לאַנג; און ווי גרויזאַם עס זאָל ניט זיין פֿאַר די צוויי וועזענס, וועלכע איך ליעב אַם מייסטען אויף דער ערד...

גידאָ. מיין טהייל נעהם איך שוין ווי עס איז אויף מיר. נאָר ווער איז דער אַנדערער?

מאַרקאָ. הער אויס, איך וויל... אַז איך בין אָנגעקומען אַהער, האָט מיר די זאַך אויסגעוויזען מאָדנע און שווער. אָבער די אויסזיכט אויף דער רעטונג איז געוועזען אַזוי פֿערפֿיהרעריש...

גידאָ. טאָ רעד זשע.

מאַרקאָ. פֿלאָרענץ וויל אונז פֿערניכטען. דאָס געריכט פֿון די צעהן האָט עס בעשלאָסען, און דער שטאַאַט-ראַטה האָט בעשטעטיגט זיין אורטהייל. ס'איז ניט איבערצומאַכען. אָבער פֿלאָ־רענץ איז היפּאָקריטיש און כיטרע. זי וויל בלייבען גערעכט פֿאַר דער וועלט, ווען זי לערנט דרך ארץ; זי וויל ניט טראָגען דעם שאַנד-פֿלעק פֿון אַ צו בלוטיגען זיעג. זי וועט דערום זאָגען, אַז פּיזאַ האָט ניט געוואָלט אָננעהמען דעם מילדען אָנבאָט, זיך

ניט אַריבערוואוגען איין שווערען טעות, וואָס זיין געוויכט שרעקט מיך נאָך מעהר, ווייל אויך איך...

גידאָ. פּאָטער, איך בעט דיך, הער אויף מיט די אַלע רעטענישען! וואָס איז דאָס פֿאַרט אַזוינס, וואָס פֿאָדערט אַזויפֿיעל ווערטער? זאָג אונז אַלעס, מיר קענען אַלצדינג הערען, וואָרים מיר האַלטען ניט ווייט פֿון דעם מאָמענט, ווען קיין שום זאַך וועט אונז ניט איבעררהאַשען...

מאַרקאָ. אַלזאָ, איך האָב געזעהן פרינציוואַלי'ן און גערעדט מיט איהם. ווי מאָדנע און ווי פֿאַלש איז דאָס בילד, וואָס מענשען מאָלען זיך אויס פֿון דעם, פֿאַר וועמען זיי האָבען מורא!... איך בין געגאַנגען אַהין אַזוי ווי פּריאַמאָס אין דעם געצעלט פֿון אַכילעס. כ'האָב גערעכענט צו געפֿינען אַ ווילדען, שכור'ן און בלוט-בעפֿלעקטען באַרבאַר — אַ מין משוגענעם, ווי מען מאָלט איהם אויס, וועמעס זשעניע ווייזט זיך בלויז אַרויס אויף'ן שלאַכטפֿעלד און וועלכער קומט גאָט ווייס פֿון וואַנען... כ'האָב זיך געריכט צו טרעפֿען דעם דעמאָן פֿון'ם קאַמפּף, בלינד און אונבערעכענט, גרויזאַם און פֿול מיט פוסטער גאוה, פֿעררעטהעריש און אויסגעלאַסען...

גידאָ. און פרינציוואַלי איז אָט דאָס אַלעס, נאָר ניט פֿעררעטהעריש...

באָרסאָ. גאַנץ ריכטיג, ער איז עהרליך, כאָטש ער שטעהט אין דיענסט פֿון פֿלאָרענץ; דאָס האָט ער אונז שוין צוויי מאָל געוויזען.

מאַרקאָ. אָבער איך האָב געטראָפֿען אַ מענשען, וועלכער האָט זיך פֿערנייגט פֿאַר מיר, ווי דער שילער פֿאַר זיין לעהרער. ער איז געלערענט, רעדט שעהן, האָט ליעב אַ קלוג וואָרט און דורשט נאָך וויסען. ער הערט אייך אויס מיט געדולד און זיינע אויגען זיינען אָפֿען פֿאַר אַלעס, וואָס איז שעהן. זיין שמייכעל איז פֿול מיט חכמה, ער איז מילד און מענשען-פֿריינדליך און ער ליעבט ניט דעם קריעג. די ליידענשאַפֿטען און יעדע זאַך בעזונדער זוכט ער צו דערגרונטעווען און צו דערגעהן זייער סוד. ער

לעבט אין קריעג, אַצונד, ווען דער פֿריהלינג קומט און דער הימעל שטראַהלט פֿון גליק, ווי אַ קעניג, וואָס כאַפּט זיך אויף פֿון שלאָף; איצט, ווען דער ים הויבט זיך אויף ווי אַ ליכט־בעכער, וואָס אַ הימעל־בלויע געטין דערלאַנגט די געטער אין הימעל־בלויען ליכט; איצט, ווען די ערד איז אַזוי שעהן און האָט די מענשען אַזוי ליעב!... נאָר איהר האָט זיך אייערע פֿריידען, און איך רייד צופֿיעל פֿון מיינע. — איהר זייט ווירקליך גערעכט, און איך וואָלט דיר געדאַרפֿט גלייך אויף׳ן שטעל איבערגעבען די שליחות, וואָס איך ברייננ... זי ראַטעוועט דרייסיג טויזענד מענשען־לעבענס, כדי איינס צו פֿעראומערן; אָבער אָט דעם איינעם גיט זי די איידעלסטע געלעגענהייט זיך צו פֿערשאַפֿען אַ נאָמען, וועלכער איז דוכט מיר ריינער, איידער דער גאַנצער כבוד און די גדולה, וואָס דער קריעג קען ברייננען... די ליעבע צו איין איינציגען וועזען ברייננט גליק און איז לויבענסווירדיג, אָבער די ליעבע צו דער מענשהייט איז אַסך העכער... די צניעות און די טרייקייט זיינען גוטע מדות, אָבער עס קומען טעג, ווען זיי קוקען אוים קליין אַנטקעגען עפּעס אַנדערש... זעהסט דו... נאָר לאָז זיך ניט גלייך נעהמען אין פלען דורך די ערשטע ווערטער מיינע, פֿערשטעל זיך ניט דעם וועג מיט שבועות, וועלכע בינדען דער פֿערנונפֿט הענד און פֿים, ווען זי וואָלט וועלען פֿערקירעווען דעם טריט צוריק...

גידאָ (גיט אַ וואונק די אָפֿיצירען, זיי זאָלען אַרויסגעהן). לאָזט אונז אַליין...

מאַרקאָ. ניין, בלייבט דאָ... וואָרים עס האַנדעלט זיך וועגען אונזער אַלעמענס שיקזאַל... באמת גערעדט, וואָלט איך געוואונשען, דער זאַאַל זאָל זיין פֿול פֿון די אַלע קרבנות, וועמען מיר וועלען מציל זיין פֿון טויט! ווי גערן וואָלט איך געוואָלט, אַז די אַלע אונגליקליכע, וועמען מיר ווילען ראַטעווען, זאָלען שטעהן ביי די פֿענסטער און הערען און אייביג געדיינקען די ערלייזונג, וואָס איך ברייננ מיט מיר! וואָרים איך ברייננ די ערלייזונג, אויב די פֿערנונפֿט וועט זי אָננעהמען, און צעהן טויזענד גרינדע קענען

איידער איך וועל אַוועקגעהן אַהין, וואו אַלע מענשען געהען... מיר זיינען געווען ווי צוויי ברידער, וועלכע האָבען זיך ענדליך אויסגעפֿונען... פֿון אַריסטאָטעל האָט מען גערעדט, פֿון פּלאַטאָן און פֿון האָמער... אין אַן איילבערט־וועלדעל, ניט ווייט פֿון'ם לאַגער ביים ברעג טייך ארנאָ, האָט ער אין זאַמד אויס־געגראָבען דעם סטאַטוען־קערפער פֿון אַ געטין, אַזוי זעלטען שעהן, אַז איהר וואָלט זיך גאָר פֿערגעסען אָן קריעג, ווען איהר זעהט איהם. מיר האָבען געגראָבען וויטער, ער האָט געפֿונען אַן אָרם, איך האָב אויסגעגראָבען צוויי הענד, אַזוי ריין און פֿיין, עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען געמאַכט געוואָרען צו ברייננגען פֿרייד אויף דער וועלט, אָנצוטרינקען די ערד מיט טוי און זיך אונטערהאַלטען מיט דער מאָרגען־רויטקייט. איין האַנד האָט געהאַט לייכט־געבויגענע פֿינגער, אָקוראַט ווי זיי וואָלטען געלעגען ביי אַ פֿרויען־בוזים; די אַנדערע האָט נאָך געהאַלטען אַרומגענומען דאָס הענטעל פֿון אַ שפּיגעל...

גידאָ. פֿאָטער, פֿערגעס ניט, אַז דאָס פֿאָלק שטאַרבט פֿון הונגער און אַז עס האַנדעלט זיך דאָ ניט וועגען צאַרטע הענד און בראָנזענע סטאַטוען...

מאַרקאָ. די סטאַטוע איז געווען פֿון מאַרמאָר...

גידאָ. גוט, אָבער לאָמיר בעסער ריידען מכח די דרייסיג טויזענד מענשען־לעבענס, וואָס איין אונפֿאָרזיכטיגער שריט, איין איבעריגע רגע קען פֿיהרען צום אָבגרונד, אָדער איין וואָרט אין דער רעכטער צייט, איין פֿרעהליכע בשורה קען נאָך פֿילייכט ראַטעווען... — ניט צוליעב אַ סטאַטוען־קערפער אָדער צוליעב אָבגעהאַקטע הענד ביסט דו געגאַנגען אַהין... וואָס האָסט דו דאָרט ערפֿאַהרען? פֿלאָרענץ אָדער פרינציוואַלי, וואָס וועלען זיי פֿאָרט טהאָן מיט אונז? — זאָג עס שנעל... אויף וואָס וואַרטען זיי נאָך? — דו הערסט, ווי דאָס אונגליק שרייט אונטער אונזערע פֿענסטער? זיי רייסען זיך אַרום איבער דאָס גראָז, וואָס וואַקסט צווישען די שטיינער.

מאַרקאָ. גאַנץ ריכטיג; כ'האָב גאָר פֿערגעסען, אַז איהר

## צווייטע סצענע.

### דיזעלבע, מאַרקאָ.

(מאַרקאָ קאָלאָנאַ קומט אַריין, גידאָ לויפֿט איהם אַנטקעגען, כדי איהם צו אומאַרמען.)

גידאָ. פֿאָטער!... דורך וואָס פֿאַר אַ גליק אין אונזער גרויסען אונגליק, דורך וואָס פֿאַר אַ נס קומסט דו צוריק אַהיים, דאָרט וואו איך האָב שוין מעהר אויף דיר ניט געהאָפֿט!... דו ביסט ניט פֿערוואונדעט? — נאָר דאָך, ס'איז דיר שווער צו געהן... וואָס זשע, זיי האָבען דיך געמוטשעט?... דו ביסט, הייסט עס, אַנטלאָפֿען?... יאָ, וואָס האָבען זיי דיר אָנגעטהאָן?

מאַרקאָ. גאָרנישט, גאָט זיי דאַנק! דאָס זיינען ניט קיין באַרבאַרען... זיי האָבען מיך אויפֿגענומען, ווי מען נעהמט אויף אַ בכבוד'יגען גאַסט. פּרינציוואַלי האָט געלייענט מיינע שריפֿטען; מיר האָבען גערעדט מכח די דריי פּלאַטאָנישע געשפּרעכען, וועלכע איך האָב ענטדעקט און איבערזעצט. אויב דאָס געהן פֿאַלט מיר שווער, איז דאָס בלויז מחמת מיין עלטער און פֿון'ם וויטען וועג, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט... דו ווייסט וועמען איך האָב געטראָפֿען ביי פּרינציוואַלי'ן אין געצעלט?

גידאָ. איך קען זיך פֿאָרשטעלען: די אונבאַרמהאַרציגע קאָמיסאַרען פֿון פֿלאָרענץ...

מאַרקאָ. פֿערשטעהט זיך, זיי אויך, אָדער איינעם פֿון זיי; מחמת כ'האָב נור איינעם געזעהן... נאָר דער ערשטער, וועמען מען האָט מיר דאָרט פֿאָרגעשטעלט, איז מאַרסיליוס פֿיצינוס, דער טייערער מייסטער, וועלכער האָט אונז בעקאַנט געמאַכט מיט פּלאַטאָן... מאַרסיליוס פֿיצינוס, פּלאַטאָן'ס נשמה, אַראָבגעקומען צוריק אויף דער ערד... — צעהן יאָהר פֿון מיין לעבען וואָלט איך אָבגעגעבען, איך זאָל איהם קענען זעהן נאָך אַמאָל,

ער געמאַכט אַ מאַרק און פֿערקויפֿט פֿינף טויזענד פֿרייע פֿרויען ווי שקלאַפֿינען צו די, וועלכע האָבען געבאָטען דעם בעסטען פרייז...

באָרסאָ. דאָס איז אַ טעות. ניט פּרינציוואַלי איז עס געוועזן; דאָס האָבען די קאָמיסארען פֿון פֿלאָרענץ געגעבען דעם בעפֿעהל צו מאַכען דאָס בלוט-באָד און דעם אויספֿערקויף. איך אַליין האָב פּרינציוואַלי'ן קיינמאָל ניט געזעהן. נאָר איינער פֿון מיינע ברידער האָט איהם געקענט. ס'קען מעגליך זיין, אַז ער איז פֿון פֿרעמדער אָבשטאַמונג. זיין פֿאָטער, זאָגט מען, איז געוועזן אַ באַסק אָדער אַ ברעטאָן און האָט געהאַט אַ גאָלדשמיעד־געשעפֿט אין ווענעציאַ. ער שטאַמט פֿון אַ פּראָסטער משפחה, דאָס איז ריכטיג, נאָר ער איז ניט דער ווילדער, פֿאַר וועלכען מען האַלט איהם. אויפֿגערעגט, קאַפּריזנע, אויסגעלאַסען — דאָס איז ער אפשר, נאָר עהרליך; איהם וואָלט איך מיט אַ גרינג הארץ איבערגעגעבען מיין שווערד...

גידאָ. האַלט עס, אַזוי לאַנג ווי עס קען אייך פֿערטהיידיגען. מיר ווילען דאָך זעהן, וואָס ער וועט טהאָן, און דערפֿון וועט זיך אַרויסווייזען, ווער פֿון אונז איז גערעכט. ביז דאַן בלייבט אונז איבער בלויז איין וועג, אויב מיר ווילען זיך ניט לאָזען אָבשלאַכטען מיט איינגעבויגענע קעפּ, ניט ריהרענדיג מיט קיין האַנד. מען מוז פֿריהער פֿון אַלצדינגג אויסזאָגען די סאָלדאַטען, די בירגער און די בויערן דעם גאַנצען אמת. זיי מוזען וויסען, אַז עס געהט דאָ ניט אין קיין אונטערהאַנדלונג וועגען אונטערגעבען זיך; אַז דאָס איז ניט איינע פֿון יענע מלחמות, וואו צוויי געוואַלטיגע אַרמעען שלאָגען זיך פֿון אין דער פֿריה ביז ביינאַכט און לאָזען איבער דריי פֿערוואונדעטע אויף'ן שלאַכט־פֿעלד; אַז דאָס איז ניט איינע פֿון יענע ברידערליכע בעלאַגערונגען, וואו דער זיעגער ווערט גלייך דעם בעזיעגטען'ס גאַסט און זיין בוזים־פֿריינד. דאָ געהט עס אין אַ קאַמפּף אויף טויט און אויף לעבען, וואו אונזערע פֿרויען, אונזערע קינדער...

זיך בענוצט דערמיט, כדי צו שענדען אונזער נאָמען, און האָט בדעה אונז צו בעהאַנדלען ווי באַרבאַרען.

גידאָ. האָב איך דען ניט אַריבערגעשיקט מיין אייגענעם פאָטער, כדי ער זאָל אויפקלעהרען און פערענטפערן אָט דעם פאַלשען שריט פון'ם צורייצטען עולם, ווען מיר האָבען ניט געקענט איינהאַלטען? ער איז געווען אַ הייליגער משכון. ער איז ניט צוריקגעקומען...

באָרסאָ. שוין איבער אַ וואָך שטעהט די שטאָדט אָפען אויף אַלע איהרע זייטען; אונזערע מויערן זיינען חרוב און אונזער געוועהר שווייגט. פאַרוואָס בעפעהלט פרינציוואַלי ניט דעם שטורם? וואָס זשע, האָט ער מורא פאַר אַ פאַסטקע? פעהלט איהם מוטה, אָדער אפשר האָט פלאָרענץ אַרויסגעגעבען פערבאָרגענע, געהיימ־ניספולע בעפעהלען?

גידאָ. וואָס פלאָרענץ בעפעהלט, איז שטענדיג געהיימ־ניספול, נאָר דאָס וואָס זי וויל, איז קלאָהר. צו לאַנג שוין איז פיזאַ די טרייע חבר'טע פון ווענעציאַ און אַן אויפרייצענדעסביישפיעל פאַר די קליינע שטעדט אין טאָסקאַנאַ... די רעפובליק פיזאַ מוז פערשווינדען... ביסלאַכווייז, כיטרע און נידערטרעכטיג איז דער דאָזיגער קריעג פערגיפטעט געוואָרען; אויף אַן אונגע־וועהנליכען אופן האָט מען אויפגערייצט צו גרויזאַמקייט און פערראַטה, כדי דערנאָך צו קענען רעכטפערטיגען די קומענדע נקמה. ניט סתם אין דער וועלט אַריין האָב איך אַ חשד, אַז מען האָט דורך געהיימע שליחים אויפגערייצט אונזערע בויערן, זיי זאָלען דער'הרג'ענען דעם אָפיציר רענאָ. ס'איז אויך ניט גלאַט אָהן אַ שום גרונד, וואָס מען האָט געגען אונז אין דער מלחמה אַרויסגעשטעלט דעם גרויזאַמסטען פון די געדונגענע גענעראַלען, דעם ווילדען פרינציוואַלי. ער האָט זיך שוין געמאַכט אַ שוידער־ליכען נאָמען ביי דער פלינדערונג פון פיאַטשענצאַ; דאָרט האָט ער ראשית כל — דורך אַ פערזעהן, האָט עס געהייסען — געלאָזט אויס'הרג'ענען אַלע בעוואַפענטע מענער, און דערנאָך האָט

דיגער בעלאַגערונג, דורך דריי חדשים פֿון אומזיסטען העלדענמוטה, פֿון הונגער און פֿון אַזעלכע יסורים, וואָס ניט קיין סך שטערט האָבען ביז אַהער דורכגעמאַכט. די איינציגע האָפֿנונג, וואָס האַלט נאָך טריי און געהאָרכזאַם די צווייפֿלענדע, ווערט פֿונאַנדער־פֿאַלען. זיי וועלען רעוואָלטירען, דער שונא ווערט איינברעכען, און פיזאַ הערט אויף צו זיין...

באָרסאָ. מיינע לייט האָבען שוין מעהר גאָרנישט, מיט וואָס צו קעמפֿפֿען, קיין איין פֿייל, קיין איין קויל ניט; אומזיסט דרעהען זיי אום די פֿעסער אין די קעלערען; ניטאָ דאָרט קיין איין אונץ פולווער אפילו.

טאָרעלאָ. אייערנעכטען האָב איך אויסגעשאָסען אונזער לעצטע קויל אויף די באַטערייען פֿון סאַן־אַנטאָניאָ און דעם טהורם פֿון סטאַמפאַטשע; און אַזוי ווי זיי האָבען ניט מעהר ווי זייערע שווערדען, ווילען אפילו די רייטער מעהר ניט אַרויפֿגעהן אויף די גראָבענס פֿון דער פֿעסטונג.

באָרסאָ. זעהט נור פֿון דאַנען די עפֿנונג, וואָס פרינצי־וואַלי'ס קאַנאָנען האָבען דורכגעשאָסען אין דער מויער, וואו די צוגעשיקטע זעלנער פֿון ווענעציאַ האָבען זי פֿערטהיידיגט... זי איז פֿופֿציג קלאַפֿטער די ברייט, אַ סטאַדע פֿון שאָף וואָלט דאָרט כ'לעבען געקענט בעקוועם דורכגעהן... קיין מענש וואָלט דאָ מעהר ניט געקענט אויסהאַלטען; די פֿוס־געהער פֿון דער ראָמאַניאַ, די סלאַוואָנער און אַלבאַנעזער האָבען מיר ערקלעהרט, אַז זיי וועלען אַלע אַנטלויפֿען, אויב מיר וועלען זיך ביז ביינאַכט ניט אונטערגעבען.

גידאָ. שוין דריי מאָל זינט צעהן טעג האָט דער שטאַאַט־ראַטה געשיקט די דריי עלטסטע זקנים, כדי צו פֿערהאַנדלען מכח דעם אונטערגעבען זיך. קיין איינער פֿון זיי איז ניט צוריקגעקומען...

טאָרעלאָ. פרינציוואַלי קען אונז ניט מוחל זיין פֿאַר דעם מאָרד פֿון זיין אַדיוטאַנט אַנטאָניאָ רענאָ, וועמען די צאָרענדיגע בויערן האָבען דער'הרג'עט דאָ אויף דער גאַס. פֿלאָרענץ האָט

# ערשטער אקט.

## זאאַל ביי גידאָ קאָלאָנאַ'ן אין פּאַלאַץ.

### ערשטע סצענע.

(גידאָ שטעהט מיט זיינע אַדיוטאַנטען באָרסאָ און טאָרעלאָ ביי אַן אָפֿענעם פֿענסטער, דורך וועלכען מען זעהט די געגענד אַרום פּיזאַ.)

גידאָ. די פֿערצווייפֿעלטע לאַגע, אין וועלכער מיר געפֿינען זיך, האָט געצוואונגען דעם שטאַאַט־ראַטה מיר מודה צו זיין וועגען אונגליקען, וואָס מען האָט אונז אַ לאַנגע צייט פֿערשוויגען. די ביידע אַרמעען, וואָס ווענעציאַ האָט געשיקט צו הילף, זיינען בעלאַגערט פֿון די פֿלאָרענטינער גופא, די איינע אין ביביענאַ, די אַנדערע אין עלטשי. די איבערגייענג פֿון דער ווערניאַ ביי קיוזי און ביי מאָנטאַלאָנע, אַרעדזאָ און אַלע אויסגייענג פֿון'ם קאַסענטינאָ זיינען ביים שונא אין די הענד. אָבגעשניטען זיינען מיר פֿון דער גאַנצער וועלט און פֿערלאָזען, אָהן אַ שום געוועהר, שטעהען מיר אַנטקעגען דעם האַס פֿון די פֿלאָרענטינער, וועלכע פֿערצייהען בלויז, אַזוי לאַנג ווי זיי ציטערן נאָך. אונזערע סאָלדאַטען און דאָס פֿאָלק פֿון פּיזאַ ווייסען נאָך גאָרנישט מכח אָט די מפּלות, נאָר קלאַנגען געהען אַרום און פֿערגרעסערן פֿון טאָג צו טאָג די אונרוהען... וואָס וועלען זיי פֿאָרט טהאָן, ווען זיי וועלען געוואָהר ווערן דעם אמת? זייער צאָרן, זייער שרעק, זייער פֿערצווייפֿלונג וועלען זיך אַ קעהר טהאָן אויף אונז און אויף דעם שטאַאַט־ראַטה... פֿערביטערט זיינען זיי און ווילד דורך דער דריי מאָנאַט'-

## פערזאנען:

גידא קאלאנא, קאָמאַנדיר פֿון דער פֿעסטונג אין פּיזאַ.

מארקא קאלאנא, זיין פֿאָטער.

דזשיאוואנא (מאָנאַ וואַנאַ), זיין פֿרוי.

פרינציוואלי, געדונגענער קריעגס-גענעראַל פֿון פֿלאָרענץ.

טריוואולציא, קאָמיסאַר פֿון דער רעפּובליק פֿלאָרענץ.

בארסא, } גידאָ'ס אַדיוטאַנטען.
טארעלא,

וועדיא, פרינציוואַלי'ס סעקרעטאַר.

פריצים, סאָלדאַטען, בויערן, מענער און פֿרויען פֿון פֿאָלק א. א. וו.

---

צייט: סוף פֿופֿצעהנטען יאָהרהונדערט.

דער ערשטער און דריטער אַקט שפּיעלען זיך אָב אין פּיזאַ; דער צווייטער אויסער דער שטאָדט, אין פרינציוואַלי'ס לאַגער.

פֿערלאַג פּראָגרעס, לאָנדאָן.

מאָרים מעטערלינק.

# מאָנאַ וואַנאַ.

דראַמאַ אין דריי אַקטען.

איבערזעצט פֿון א. פרומכין.

אַרויסגעגעבען פֿון

מ. זוסמאַן, 90 ניו רויד, ווייטשעפּעל, א.

לאָנדאָן, 1909.

„אַרבייטער פֿריינד" דרוקעריי, 163 דזשובילי סטריט, א.



מאריס מעטערלינק.